ב. אָסטראָווסקי און ש. הורוויץ (זאַלקעס)

# אידיש

כרעסטאָמאַטיע פאַרן דריטן און פערטן לערן־יאָר

ערשטער טייל

אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „פאָלקס־שול“

הויפּט פאַרקויף:

מ. נ. מייזעל, 424 גרענד סטריט, נ. י.

# אַ פּאָר ווערטער פאַר די לערער

דער ערשטער טייל פון דער כרעסטאָמאַטיע „אידיש“ איז באַשטימט פאַרן דריטן און טיילווייז פאַרן פערטן שול־יאָר, אידישע פאָלקס־שול. פאַר דעם וועלן קומען דריי אָנפאַנג ביכלאַך אונטערן זעלבן נאָמען, וואָס וועלן אַרויס פון דרוק אין משך פון קומענדיקן יאָר.

ביים אויסקלייבן דעם לייען מאַטעריאַל האָבן מיר פריער פאַר אַלץ גענומען אין אַכט דעם קינסטלערישן ווערט פון לייען־שטאָף. אויב אין די קלענערע קלאַסן איז וויכטיק דער ספור־המעשה, קאָן מען זיך אָבער אין די עלטערע קלאַסן ניט באַנוגענען בלויז מיט דעם.

נאָר דער ווערטפולער קינסטלערישער לייען־שטאָף האָט אַ דערציערישן ווערט אין ברייטן זין פון וואָרט.

אידיש איז די נשמה פון אונזער שול. אידיש איז ניט נאָר אַן אוצר פון ווערטער, דאָס איז די פאַרקערפּערטע פאָלקס־נשמה, פאָלקס־קולטור. די אידישע יום־טובים זיינען אַ וויכטיקער טייל פון דער פאָלקס־קולטור. זיי געבן די קינדער אַ מעגלאַכקייט צו פאַרשטיין דאָס אידישע לעבן, דעריבער טאַקע פאַרנעמען די אידישע יום־טובים אַ באַדייטנדיקן אָרט אין אונזער לייענבוך.

דער גאַנצער מאַטעריאַל איז גענומען געוואָרן פון ערשטן קוואַל. מיר האָבן זיך באַמיט אויף וויפל ס׳איז מעגלאַך, צו געבן גאַנצע זאַכן, ניט קיין געקירצטע.

ביים אויסקלייבן דעם מאַטעריאַל האָבן מיר געהאַט אינזינען די אידישע פאָלקס־שול דאָ אין לאַנד. אין אַ באַדייטנדיקן טייל פון דעם לייען מאַטעריאַל, וואָס גייט אַריין אין דעם בוך, שפּיגלט זיך אָפּ דאָס לעבן פון לאַנד און פאָלק בכלל און דאָס אידיש־אַמעריקאַנער לעבן בפרט.

אין דעם לייען־שטאָף, וואָס באַלייכט דאָס לעבן פון די אידישע אַרבעטער־מאַסן דאָ אין לאַנד, האָבן מיר זיך באַמיט אויסצומיידן דעם טענדענציעזן מוסר־השכל. דאָס זיינען שטיקער פוןווירקלאַכן, רעאַלן לעבן.

מיר זיינען זיכער, אַז די לערער וועלן געפינען גענוג שטאָף פאַר שמועסן און געשפּרעכן מיט די קינדער.

מיר האָבן זיך אויך פאַרלאָזט אויף דער אינטעליגענץ פון לערער, אַז ער וועט זיך שוין אַן עצה געבן מיט די העברייאישע און שווערערע ווערטער און וועט זיך באַגיין אָן אַ ווערטער ביכל, וואָס ווערט געוויינטלאַך געגעבן (ביי אונז אין אַמעריקע) צום סוף פון אַ לייען־בוך.

קיין ספק ניט, אַז אויך דאָס בוך האָט חסרונות און מיט דער הילף פון די אַלע לערער וואָס וועלן זיך מיט דעם באַנוצן און וועלן זיך מטריח זיין אונז אויפמערקזאַם מאַכן אויף די חסרונות, וועלן זיי אויסגעמיטן ווערן אין די ווייטערדיקע אויסגאַבן.

דערביי דריקן מיר אויס אונזער טיפסטן דאַנק צו די פאַרוואַלטער פון „קינדער זשורנאַל“, צו ד. איגנאַטאָוו, מ. נ. מייזל, מ. ווייכמאַן, און צו די קאָלעגן ת. קאַנטאָראָוויטש און ז. עפּרויקין, פאַר זייער חבר׳ישער הילף אין אונזער אַרבעט.

# אינהאַלט

## אַמעריקע:



## ווינטער:



## חנוכה:



## שבת:



## פּורים:



## פּסח און פּרילינג:



## אַרבעט:



## שבועות:



### זומער:



## תשעה באב:



## האַרבסט און ימים נוראים:

# אמעריקע

1

ס׳איז דאָס לאַנד דאָ פּעט און
פרוכטבאַר,
אוצרות טראָגט עס אין זיין שויס;
ס׳איז דאָס לאַנד דאָ פריש אין יוגנט,
ס׳איז דאָס לאַנד דאָ רייך און גרויס.

2

ס׳איז דאָס לאַנד דאָ פול מיט
אוצרות, —
אייזן, קופּער, גאָלד און שטאָל;
ס׳פאַלן זילבער־וואַסערפאַלן
פון די בערג אַראָפּ אין טאָל.

3

אונזער לאַנד האָט טיפע טייכן,
קלאָרע טייכן פול מיט פיש;
זיינע בערג דערגרייכן הימלען,
זיינע טאָלן זיינען פריש.

4

ס׳איז מיט זון דאָס לאַנד באַגאָסן —
זיינע פעלדער זיינען גרין.
פלינקע, שטאַרקע — זיינע טעכטער,
שטאָלץ און מוטיק — זיינע זין.

5

אין די פּריירים — בופלאָקסן
און טאַבונעס ווילדע פערד;
און מיט ווייץ, מאַאיס און גערשטן
איז באַדעקט די גאַנצע ערד.

6

ס׳גיט ווירדזשיניע איר טאַבאַק,
קאַליפאָרניע — איר וויין,
און פלאָרידע — אַפּעלסינען
גליען רויט אין זונענשיין.

7

אין די האַפנס ראַמפן שיפן —
ס׳בליט איר האַנדל גרויס און ווייט,
און מיליאָנען מענטשן קומען,
שטראָמען דאָ פון יענער זייט.

8

אירע שטעט — זיי זיינען ריזן,
וואַקסן אויס מיט צויבער־מאַכט;
אונטער ערד און אין דער לופטן
פליען באַנען טאָג און נאַכט.

9

אירע ריזיקע פאַבריקן
ווערן קיינמאָל גאָר ניט מיד —
פון אַטלאַנטיק צום פּאַסיפיק
קלינגט איין גרויסע ריזנליד...

י. י. שוואַרץ

# דער האָדסאָן



## א.

דער האָדסאָן, דער האָדסאָן, דער גוטער רייכער האָדסאָן!

אין אַ הייסן און ליכטיקן זומער טאָג קנייטשט ער זיך אויף פאַרשיידנערליי אופנים, ווי ער וואָלט געווען אָנגעפילט מיט פאַרשיידנערליי וואַסערן וואָס ווילן זיך ניט אויסמישן. יעדעס שטיק וואַסער שפּיגלט זיך מיט דער זון אויף אַן אייגענעם שטייגער: שטיקער וואַסער אויסגעבעט מיט צעבליצטע האַלבע זונען, שטיקער וואַסער — אויסגעקנייטשטע, רונדע זונפאַסן וואָס וואַרפן זיך אין אַלע זייטן ווי צערייצטע גאָלדענע שלאַנגען; שטיקער וואַסער-נעסטן פאַר דריי פיר גאַנצע זונען אויף איין מאָל און שטיקער צעהאַקטע קליינע וואַסער פאַלדן וואָס ברעקלען די זון אויף פיצלאַך.

אָט אַזוי שווינדלט דעם האָדסאָנס זוניקע וואַסער-נעץ ברייט און ווייט אויף לינקס און נאָך ברייטער און ווייטער אויף רעכטס דורך די הייסע און ליכטיקע זומער טעג. עס בלאַנקט דער צעשטראַלטער טייך. גיסט זיך אַרויס פון ערגעץ דאָרט פון דעם בלויען רוים און לאָזט זיך אַוועק ערגעץ אַהין ווייט אין דעם בלויען רוים אַריין. אַ פינטל מיטן אויג און איבער דעם האָדסאָן נעמען מיט אַמאָל וואונדער געשען. אָט!... דער גאַנצער האָדסאָן ווערט פול מיט גאָלדענע קינדער... אַזוי פיל גאָלדענע קינדער אויף איין מאָל!... זיי טונקען זיך און שפּילן זיך. אָט כאַפּן זיי זיך אַלע פאַר די הענטלאַך פאַרהויז און גיבן זיך מיט אַ פאַרשייטן קינדערשן לאַכן אַ הייב אַרויס ביז אויף האַלב איבערן וואַסער. שטייען אַזוי אַ ווייל, טונקען זיך נאָכדעם אַלע גלייך אונטער און ניטאָ זיי!... און דער האָדסאָן נעמט זיך נאָכדעם ווידער קנייטשן אויף פאַרשיידנערליי אופנים אַן אָנגעפילטער מיט פאַרשיידענע וואַסערן.

## ב.

אַ הייסער און ליכטיקער זומער טאָג. די היץ איז אָנגעגליט, די לופט — כאָטש בייס זי מיט די ציין. דער הימל אַ פאַרשמאַכטער, אַ בלאָס-בלויער; די זון אויפן סאַמע מיטן הימל, אַ דורכגעשלאָגענע רונדע לאָך ערגעץ אין אַ זונען-וועלט אַריין, פון וואַנעט עס שטראָמט אָן אויפהער מיט היץ און מיט זון און זון. די פּאַליסאַדן, וואָס ביי די ברעגן זעען זיך אין דער פאַרשטראַלטער לופט ווי אונטער שלייערן. אָט איז דער ריזיקער פּאַליסאַד מיט די אַרויסגעפּרעסטע שווערע פעלזן וואָס מאַכן אַ מחיצה צווישן זיינע אונטערשטע און אויבערשטע וועלדער מיט וועלכע ער רייסט זיך הויך און שטאָלץ אין דער וועלט אַריין. פּלוצלונג אָבער, טרעפט אַמאָל אין אַזאַ טאָג — איבער די אויבערשטע שטאָלצע וועלדער גיט זיך אַ באַוויז אַ גרויער שוואַרץ פאַרהויכערטער הימל. ביז אין פאַרביסן נעמט זיך אָט דער נייער פון ערגעץ אָפּגעשפּאָלטענער הימל

שפּאַרן אויף דעם דורכזיכטיקן מאַט־בלאָען הימל און נעמט זיך נענטערן צו דער זון. ציטערט מיט אַמאָל אויף די פֿאַרשטראַלטע לופט און ווערט גלייך אַן אַנדערע. די לופט וואַרפט פון זיך אַראָפּ אירע זוניקע שלייערן. דער טייך נעמט מיט אַמאָל אָן אַ געוויינטלאַכן וואַסער קאָליר, גיסט זיך גלייך צונויף אין איין שטיק און אַ ווינטל נעמט איבער זיין גאַנצע לענג און ברייט שטיל און גיך בינדן און קייטלן אַלץ איינע, קליינע און האַלב רונדע פֿאַלדן. די פּאַליסאַדן קומען זיך צונויף נענטער, נעמען זיך רוי און אָפּגעדעקט אַרויספּרעסן מיט זייערע וועלדער, מיט זייערע שווערע, פרייע פעלזן און נעמען וואַקסן אַזוי ווי עמיצן גלייך אין פּנים אַריין. די וועלדער נעמען זיך באַוועגן אויף די פּאַליסאַדן ווי שווערע טשערעדעס אָנגעלאָפן ווער ווייסט פון וואַנען און ציען זיך ווער ווייסט וואוהין?

דער שוואַרץ גרויער הימל וואַקסט און וואַקסט. די זון פֿאַרשטראַלט מיט גאָלד זיין פאַרדוויכערטן ברעג, ער קומט אָבער פאַר'עקשנ'ט צו פעסט צו דער זון, גיט זיך מיט בייזקייט אַ טראָג אריבער איר גאָלדענעם רייף, ווערט די לופט מיטאַמאָל אינגאַנצן ערנסט גרוי, פול מיט ווינט. די ביימער ווערן פון דאָס ניי אויפגעטרייסלט, גיבן זיך וויגנדיק אַ בייג אַלע אויף איין זייט. די צוויגן פּאַטשן אויף מיט די בלעטער: פּיטש־פּאַטש, מיר פליען, פליען מיט באַרג און טאָל — פּיטש־פּאַטש־אַטש־אַטש!... דער ווינט פרעסט אַלץ מער און מער. בויגט אויס די גרינע בלעטער מיט די לינקע, כמעט ווייסע זייטן אַרויף, ווערן מיט אַמאָל אַלע וועלדער ביים האָדסאָן ווייס אויף בערג און אויף מיילן, בערג און מיילן רוישן זיך יאָגנדיק און הילכיק ווייס פאַנאַנדער, נעמען זיך דעם האָדסאָנס וואַסערן מיט אַמאָל פרייכנדיק הייבן אין ווייס־פאַרשוימטע כוואַליעס. אין דעם האָדסאָנס וואַסערן שווימען מיט אַמאָל פון ערגעץ אָן ווילדע ווייסע פערד מיט גרויסע ווייסע גריוועס, דער ווינט רייסט די גריוועס אין דער לופטן און טרייבט זיי און פלאָנטערט זיי איבערן טייך.

אַנטקעגן דעם שוואַרצן הימל וואָס האַלט נאָך אַלץ אין וואַקסן פון אַריבער דעם גרויסן פּאַליסאַד באַווייזן זיך פון ערגעץ נאָר וואָס אָנגעקומענע וואָלקנס. צוערשט עטלאַכע און נאָך זיי מהנות גאַנצע, צעהענגען זיך און צעשפּרייטן זיך איבערן הימל אייניקע העכער, אייניקע נידעריקער. די זון איז שוין לאַנג ניטאָ אָבער אירע שטראַלן שפּאַרן זיך אַרויס פון אונטער דעם נייעם הימל אין אַלע ריכטונגען ווי ברייטע רעפלעקטאָר־פּאַסן און פאַרבן די אָנקומענדיקע וואָלקנס, — די וואָס הענגען העכער ווערן ווייס־ראָז און די וואָלקנס וואָס הענגען נידעריקער בלייבן ערנסט גרוי. איבער די פּאַליסאַדן איז געוואָרן שטאָק פינסטער. נאַכט. די אויבערשטע וועלדער זיינען אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן. די בערג האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט די וואָלקנס און ניט געוואָרן. עס נעמען זיך פון דאָרטן טראָגן דונערדיקע קולות, געשרייען פון ריזן צווישן וועלכע עס האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג, אַ שלאַכט אויף טויט און אויף לעבן. אויפן שוואַרצן הימל נעמען זיך גלייך ווייזן צעריסענע, אין שטיקער צעבראָכענע, פייער־פּאַסן. — מען שליידערט דאָרט פעלזן אויף פעלזן; פעלזן שלאָגן זיך דאָרט אין דער לופטן אָן מיט פעלזן! מען ברעכט וועלדער, מען רייסט די פּאַליסאַדן אויף שטיקער... און אָט —

אַ ריז איז אַריינגעפאַלן אין פּלען. אַ ווילדער טומל, וויסטע פרייד און ביטערער צאָרן. לאַנגע בליצן פלאַקערן אויף איינס נאָכן אַנדערן. די לופט צינדט זיך אָן אויף מינוטן און נעמט ברענען אַ פאַרציטערטע. דער געפאַנגענער ריז רייסט און ראַנגלט זיך דאָרט, לאָזט צולעצט אַרויס אַ גרויס און ווילד געשריי. די שטאַרקסטע ביימער וואָס שטייען אויפן וועג פון זיין קול נעמען זיך ברעכן ווי שפּענער. די כוואַליעס אין האָדסאָן שפּרינגען אויף ווי ווייסע וואַסער־ווענט וואָס ברעכן זיך און ברעקלען זיך אין שטויב. עס יאָגן זיך אָן עטלאַכע שווערע רעגן טראָפּנס, קלאַפּן זיך אָפּ אָן די בלעטער פון די ביימער ווי אַנזאָגנדיק וואָס, און גלייך דערויף דערהערט זיך מיט אַמאָל אַ קראַך. דער הימל פּלאַצט מיט אַמאָל אין עטלאַכע שטיקער. בליצן נעמען ווילד שפּרינגען אויף רעכטס און אויף לינקס, באַווייזנדיק אויף רגעס דעם טייך, די בערג, מיט אַלע זייערע אייבערשטע און אונטערשטע וועלדער, און נאָכדעם נעמט אָן אַנגעלאָפּענער רעגן איבער אַלין פּאַטשן מיט אַ טראָציקער שווערקייט.

דער רעגן ווערט אַלין געדיכטער, די לופט ווערט שווער אָנגעלאָדן מיט ווינט, מיט רעגן, מיט ביימער רויש, מיט גרינע בלעטער און נאַסע צווייגן וואָס רייסן זיך און שלאָגן זיך מיטן ווינט.

אַ זומערדיקער רעגן ביים האָדסאָן איז ווי אַ מעשה, איז ווי אַ כעס אינאיינעם מיט אַ שמייכל, און פאַרנאַכט, ווען עס לייטערט זיך, ליגט דער הימל אַ צעבראָכענער אין טויזנטער שטיקער. און ניט נאָר איינער, נאָר עטלאַכע צעקלאַפּטע און צעריסענע הימלען איינער אונטער דעם צווייטן. דער ברייטער האָדסאָן ווערט פאַרשוואומען מיט צעריסענע גרויע, מילך־ווייסע, געלע, גאָלדענע, פיאָלעטענע און רויטע שטיקער הימל. און ווי געדיכטע טשערעדעס טראָגן זיי זיך אַט די ווייכע פאַרביקע שטיקער אַרום איבער זיין ברייט און גרייס. דער אָנגעפילטער האָדסאָן טראָגט זיך אַ צופרידענער מיט זיינע פאַרביקע שטיקער און הייבט זיך אַזש אונטער פאַר פרייד.

ווי גרויס און רייך עס איז דעמאָלט דער גוטער, ליבער האָדסאָן!

און אייבן איבער אים די בערג און אַט דער פאַנטאַסטישער הימל אויף מיילן און מיילן!

געבענטשט איז דער האָדסאָן, געבענטשט זיי הימל דערפאַר וואָס דו האָסט מיט אַזוי פיל רייכקייט דעם האָדסאָן פאַרשפּיגלט!

## ג.

ביי דער נאַכט איז דער האָדסאָן שוין ווידער אָנגעפילט מיט פאַרשיידענע שטיקער וואַסער. און די לבנה שפּיגלט זיך אין יעדן שטיק אַריין אויף אַ באַזונדער אופן. עס שווימען אום גרויסע לבנה־פעלדער, בייטן און גערטנער מיט בליצנדיקע לבנה־קוויטן; וואַסערן וואו עס נעסטן זיך עטלאַכע לבנות אויף איין מאָל און וואַסערן מיט טאַנצנדיקע לבנה־שפּריצן; וואַסערן מיט פאַרשיידנערליי ווייך פּאָלירטע ווימלערדיקע לבנה־פאַסן וואָס וואַרפן זיך ווי שלאַנגען און ווי רייך צעשפּינטע זילבער נעצן. קיין רו צו די שלאַנגנדיקע פאַסן! קיין אָפּהאַלט צו די בליצנדיקע לבנה קוויטן! אַ פּינטל מיטן אויג, און עס שטייגט פון די וואַסערן

אויף אַ זילבער וואַלד. אין וואַלד — אַ זילבערנער שלאָס און קליינינקע וילבעוינע מענטשעלאַך מיט הויכע זילבערנע שטעקנס גייען איבער די זילבערנע וואַסערן צום וואַלד און צום שלאָס.

— באַגראָבט מען דאָרט דעם ריז וואָס איז היינט בייטאָג געפאַלן אין דער צייט פון שטורם?

— צי קרוינט מען דאָרט איצט דעם וואָס האָט געוואונען די שלאַכט?...

און די אַנטקעגנדיקע פּאַליסאַדן שפּיגלען זיך דורך אַלץ אַריין אין דעם וואַסער מיט זייערע פעלזן, און וועלדער, אָבער נאָך טיפער פון זיי ליגט טיף אין האָדסאָן אויסגעשפּרייט דער וועלטס גרויסער הימל. און די אויסגעשפּיגלטע הויכע פּאַליסאַדן קאָנען אַפילו מיט זייערע העכסטע שפּיצן דעם גרויסן הימל, וואָס ליגט אין וואַסער, ניט דערלאַנגען...

גוט איז צו קוקן אויף דעם האָדסאָן! אויף זיינע הויך באַוועלדערטע פּאַליסאַדן, אויף זיין הימל, אויף זיין גוטסקייט, אויף זיין שטילקייט, אויף זיין זיכערקייט און אויף זיין פּראַלנדיק ליכט אָן אַ שיעור. ווי גרויס און רייך עס איז דער האָדסאָן אַזוי שטיל איז ער דעמאָלט, און דורכזיכטיק און גרינג. שטיל און גרינג קאָן ער זיך דעמאָלט אַריינשפּיגלען אין אייך מיט אַלע זיינע אויפשטראַלונגען. שטיל און גרינג כמעט גאָר אָן אייער וויסן. און פרעגט אייך נאָכדעם ווער:

— פון וואָס איז אַזוי זיכער אייער טראָט און ליכטיק אייער בליק?

זאָגט אים:

— דאָס איז דערפאַר וואָס איך טראָג אין זיך דעם האָדסאָן ווי אַן אוצר, אַ פאַר׳חתמ׳טן.

דוד איגנאַטאָוו.

## קאַליפאָרניע



דער שטילער ים וואַשט דעם זוים פון קאַליפאָרניע. דאָס האַרץ פון דער גאָלדענער וועסט.

דעם נאָמען „גאָלדענע וועסט“ האָט קאַליפאָרניע באַקומען אין יאָר טויזנט אַכט הונדערט און פערציק. דעמאָלט, ווען אַ מענטש מיטן נאָמען סוטער און נאָך אַ מענטש מיט׳ן נאָמען מאַרשאַל, וועלנדיק בויען עפּעס אַ מיל ביי אַ טייכל, פון צפון־זייט פון קאַליפאָרניע האָבן זיי פּלוצלונג גאָלדענע זעמדעלאַך באַמערקט אויפ׳ן גרונט פון קלאָרן וואַסער.

— גאָלד!

פון זייער האַרצן האָט זיך דאָס כשוף־וואָרט אַרויסגעריסן מיט אַזאַ כח, אַז פון עק וועלט ביז עק וועלט האָט זיך דער אָפּקלאַנג צעטראָגן. און פון וואַנען האָט מען זיך אַהער ניט געצויגן? פון כינע און יאַפּאַן דורכן שטילן ים און פון די ברעגעס פון אַטלאַנטיק דורך די קאָלאָראַדער בערג, דורך די מדבריות פון יוטע און אַריזאָנע האָט מען זיך צופוס און אין בוידן געצויגן. מען איז געלאָפן פון אַלע עקן אייראָפּע און פון אַלע אַמעריקעס ווינקעלאַך. אפשר

נאך איצטער קען מען געפינען דא און דארטן, אין די מדבריות, ביינער פון אט יענע בראווע מענטשן, גליק־זוכערס.

דעמאלט האבן די פאראייניקטע שטאטן בלויז צוואנציק מיליאן איינוואוינער פארמאגט און שפעטער מיט איין־און־צוואנציק יאר האט מען די ערשטע אייזנבאן ליניע דורך דער לענג פון לאנד דורכגעפירט, פון אטלאנטיק ביז צום פאסיפיק, האט מען דעם לעצטן טשוואק אין שוועל פון „רעלס" אריינגעשלאגן — א ג י ל ד ע ר נ ע ם . מיט דעם פארזיגלט און פאראייביקט דעם נאמען פון קאליפארניע.

די גאלדענע וועסט.

די קינדער פון לאנד, ווען זיי זעען קאליפארניע אין חלום איז עס ניט דער קלאנג פון גאלד שולדיק. זיי חלומ'ען פון דער גאלדענער וועסט און אין חלום זעען זיי גאלדענע אפעלסינען וואס שיינען ארויס פון צווישן געדיכטע בלעטערדיקע צווייגן; פון צווישן טיף גרינע און זאפטיק גרינע קאלירן ארויס. ס'איז גאר אנאנדער מין גאלד. ס'איז גאר אן אנדער מין חלום פאר די וואס וואוינען ביי די ברעגעס פון ברוגזן אטלאנטיק און ס'איז א שיינע ווירקלאכקייט פאר די, וואס האבן דורכגעשניטן מדבריות און געקומען אהער צום פרוכטבארן פאס לאנד, וואס ציט זיך ביים ראנד פון שטילן ים, וואס באדט זיך די גרעסטע טייל פון יאר אין זונען־שטראלן.

אין יענע צייטן, ווען מען האט אין קאליפארניע גאלד אנטדעקט, איז די נעגנט נאך געווען וויסט. ביז צום ים איז די מדבר פארלאפן. אפילו נאך היינט איז דער גרעסטער טייל פון קאליפארניע, וואס צו מזרח־זייט וויסט. שטיין און זאמד ווי אין אריזאנע.

זומער גייען דא קיין רעגנס ניט. זומער איז אלץ אויסגעטריקנט, אויסגעברענט — אויסער דארט וואו דער מענטש האט זיין מי צוגעלייגט. און ווען ניט דער מענטש און זיין גוטער ווילן, וואלט נאך איצטער קאליפארניע געווען אזוי וויסט ווי אריזאנע.

רעגנס גיסן דא בלויז אין ווינטער און מ'דארף, אז עס זאל גרינען און בליען א קיילאכדיק יאר לאנג. ס'איז צו קומען און צו זען מיט וואס פאר א צערטלאכקייט מ'גייט אום ארום די חנ'עווודיקע אפעלסינען־ביימלאך, וואס שטענדיק בלייבן זיי יונג און שיינענדיק; זעען שטענדיק אויס ווי ערשטלינגס; ווי ערשט דאס ערשטע יאר האבן זיי זיך באדעקט מיט בליאכן, שפעטער מיט גרינע פירות וואס האבן געקוואלן, מיט זאפט זיך אנגעגאסן און אין גאלד זיך ליכטיק באקליידט.

ס'ציען זיך אוועק אויף צענדליקער מיילן שורות, שורות אפעלסינען־ביימער, אין הויך פון א מענטשן, מיט גרויסע, געדיכטע, געקרייזלטע קעפ — גרינע בלעטערדיקע לאקן. אין די לאקן זיינען געדיכט גאלדענע פאמע־אנצן איינגעפאלכטן. יעדעס ביימעלע איז אין צייט ארומגעפוצט געווארן, די ערד אונטער דעם ארומגעגראבן און ווייך צעגראבן; יעדעס ווילד גרעזעלע ביים צופוסנס פון ביימל אויסגעריסן. אין ווינטער מאכט מען, אז עס זאל זיי ווארעם זיין: אונטער יעדעס ביימעלע א קעראסין־אויוועלע, וואס דורך נעכט וואכט מען איבער דעם ס'זאל ניט אויסגיין און אזוי דערהאלט מען דעם גארטן ביים לעבן.

און וואס וואקסט דען דא ניט, אז מע באמיט זיך? עפל, בארן, פלוימען,

קאהן, ווייץ, גערשטן, איילבירטן און פיינן, האבער, מערן און בוראקעס. אבער קיין שום געגנט שמעקט ניט אזוי זיס ווי די אפעלסינען געגנטן, ציטרינען און אתרוגים גערטנער. זייער פיינער ריח רייסט זיך ארויס איבער די גרעניצן פון זייער ממשלה, טראגט זיך ארויס צום דורכפארער אדער דורכגייער מיט דעם ברייטן וועג.

פרץ הירשביין.

## די „ווייסע בערג"

פאראן אין אמעריקע בלאע בערג און ווייסע בערג און נאך א סך אנדערע בערג.

אויף די ווייסע בערג ווערט דערציילט, אז עמיצער א ווייסער, א ליכטיקער האט זיך דארט אמאל באוויזן. די ערד איז נאך דעמאלט גע־ווען וויסט און ווילד און רוי און ווייך ווי טייג. ווי נאר אבער דער עמיצער האט זיך דארט באוויזן, האט ער געגומען שפרייטן ארום זיך זיין גרויסע און ליכטיקע ווייסקייט און די ערד האט אונטער זיין ליכט גענומען בליען און וואקסן מיט גראז און מיט וועלדער. ווען די ערד האט דערזען, אז זי איז באוואקסן געווארן מיט גראז און מיט וועלדער, האט זי זיך פון פרייד גענומען הויבן אין דער לופטן, אירע פעלדער האבן גענומען שפרינגען ארויף, און זיי האבן זיך אויפגעהויבן אין דער הויך מיט זייערע גראזן און מיט זייערע וועלדער און זיי האבן גענומען קלעטערן איינס איבער אנדערן, איינס איבערן אנדערן און זיי האבן מיט זייערע הונדער־טער הארבעס און טויזנטער קנייטשן גענומען קוקן און זוכן. זיי האבן אבער אים — דעם ווייסן שוין ניט געפונען, נאר פונדעסטוועגן שטייען זיי נאך אלץ גרויסע, אויפגעשפרונגענע ,און זיי קוקן פאר זיך גע־קנייטשט, געהארבעט, געשפיצט און געבויגן. זיי קוקן פאר זיך און מיינען נאך אלץ אמאל דערזען אים — דעם ווייסן.

און אט דערפאר, איז ווען מען זאל ניט אויפהויבן די אויגן אין יע־נער געגנט, און אין וועלכער זייט מען זאל ניט קוקן, זעט מען פאר זיך בלויז בערג; דורכאויס בערג און בערג, מיט פארשיידנערליי פלאכן און שפיצן.

די וואלקנס פון הימל לאזן זיך אפט אויף נאכט אראפ אויף די ווייסע בערג, אז די בערג פארשווינדן פון אויג ווי אפגעמעקטע, און פארטאג, ווען א פארם־יונג כאפט זיך אויף פון שלאף, רייבט זיך אויס די אויגן און נעמט זיין שטעקן און לאזט זיך אין די באוועלדערטע בערג צונויפ־זאמלען זיינע בהמות גייט ער צווישן וואלקנס און צווישן ביימער.

די וואלקנס ווערן דעמאלט פאר זיינע אויגן געצויגן ארויף ווי פון עמיצנס הענט. דא און דארט נעמען זיך די וואלקנס פאנאנדער ווי פאר־האנגען פון שניי און גאלד, און עס באווייזט זיך דער אדער יענער טייל פון די בערג אויף וועלכע עס פאלן שוין די שטראלן פון דער יונגער זון.

אט גייט א פארם־יונג ארויף אויף א גרויסן בארג וואס איז בא־וואקסן מיט וואלד. דער פארם־יונג גייט אזוי מיטן וואלד ביז ער קומט

אַרױף אױף דעם ברײטן פעלד װאָס געפינט זיך אױפן סאַמע שפּיץ פון דעם באַרג, דאָרטן בלײבט ער שטײן אין מיטן און קוקט זיך אַרום אין אַלע זײטן און זעט פאַר זיך נאָר שטיקער בײמער און װאָלקן, לאָזט ער זיך נאָכדעם צו אַ באַװעלדערטן אָרט, װאו װאַקסן עס פאַרקלײבן זיך אָפּט עטלאַכע פון זײנע בהמות. גיט עפּעס פלוצלונג פאַר אים אַ שפּרונג און בלײבט מיט אַמאָל שטײן. מײנט דער פאַרם-יונג, אַז דאָס האָט זיך אַ בהמה איבער עפּעס אַ סיבה אַ יאָג געטאָן און האָט זיך מיט אַמאָל אַזױ ראַש אָפּגעשטעלט צװישן װאָלקן און בײמער, װײל זי האָט אים דער־זען מיטן שטעקן אין האַנט. בלײבט דער פאַרם-יונג שטײן און באַהאַלט שטילערהײט זײן שטעקן אױף הינטן און קוקט זיך אום און דערזעט, אַז דאָס איז ניט קײן בהמה, נאָר אַ פּאָר יונגע הירשן. די הירשן זײנען געל װי גאָלד און זײערע בײכער זײנען װי װײסער שניי און זײ שטײען צװישן װאָלקן און בײמער װי אױסגעמאָלענע און קוקן אױף דעם פאַרם־יונג מיט אױפגעהױבענע קעפּ און מיט רײנגעװאַשענע אױגן.

טראַכט דער פאַרם-יונג: — װאָסערע שײנע הירשן דאָס זײנען! און ער מאַכט אַ טראָט נענטער צו זײ.

רײסן זיך אָבער די הירשן גלײך אָפּ פון זײערע ערטער און שפּרינגען אָפּ, — בלײבט דער פאַרם-יונג װידער שטײן. — שטעלן זיך אױך די הירשן אָפּ און דרײען זיך אױס מיטן פּנים צום פאַרם-יונג און קוקן אױף אים.

װאונדערט זיך דער פאַרם-יונג און טראַכט:

— יונגע צאַפּלדיקע הירשן! אײנער איז אַן הערנער און דער אַנ־דערער איז מיט הערנער! און בײדע זײנען אַלײן אײן גרױס! װי אָפּגע־װאױגענע און אָפּגעמאָסטענע. און בײדע זײנען גאָלדיק געל און מיט בײכער װײס װי שניי! בײדע האָבן מן הסתם צום ערשטן מאָל אין זײער לעבן אַזױ ניט װײט פון זיך אַ מענטשן דערזען און דאַך װי קלוג זײ קוקן אױף מיר מיט מײן שטעקן און װאַרטן אָפּ מײן יעדן קער! ?

יאָ, די װײסע בערג האָבן זײער קלוגע הירשן. און ביז זײ געפינען זיך אױף דעם באַװעלדערטן באַרג לאָזן זײ אַפילו אױף אַ רגע ניט אָפּ דעם פאַרם-יונג פון זײערע אױגן, װי נאָר אָבער, די הירשן רײסן זיך אַרױס צו די בערג װאָס זײנען אָפן, װאָס זײנען נאָר גלאַט פאַרשפּרײט מיט גרינעם גראָז, לאָזן זײ איבער דעם פאַרם-יונג און נעמען זיך יאָגן אַזױ, אַז דעם יונגס בליקן קענען שױן נאָר זען די פּאַסן פון זײערע שײַבנדיקע לײבער װאָס יאָגן זיך שװימענדיק איבער די שװערע און שײנע בערג, איבער די גרױסע בערג פון װערמאָנט און ניו העמשיר, װאָס מע רופט זײ „די װײסע בערג“, װײל מען זאָגט, אַז דורך טאָג און נאַכט קוקן זײ אַלײן און זוכן אים, דעם װײסן. זײ קוקן מיט זײערע װעלדער און פעלדער און מיט די קלאָרע אױגן פון זײערע גאָלדענע און װײס-בײַכיקע הירשן.

דוד איגנאַטאָװ.

# די שטאָט



דער ישוב האָט גענומען זיך צעוואַקסן,
און טריט ביי טריט פאַרוואַנדלען זיך אין שטאָט;
עס האָבן זיך גענומען הייבן אין דער הויך
די גאָרנדיקע מויערן פון רויטן ציגל;
עס האָבן אויף דער הויפּט-גאַס זיך צעגלאַנצט
די בוכשטאַבן פון גאָלד אויף גרויסע שילדן,
און פון די פענסטער פון געשליפן גראָבן גלאָז
האָט אָנגעהויבן גלימצערן מיט גאָלד און זילבער,
מיט פיין לאַקירטן מעבל, פאָרצעלאַן און גלאָז
מיט שווערן סאַמעט און מיט דינעם זייד.
דאָס הילצערן געריכט-הויז איז פאַרשוואונדן,
און אויף דעם פּלאַץ האָט שטאָלץ זיך אויפגעהויבן
מאַסיוו און ברייט, דריי-גאָרנדיק אַ בנין
פון שווער געהאַקטע פּליטן גרויען שטיין
מיט שטיגן צענדליקער געהאַקט פון מאַרמאָר
אויפצושטייגן אויפ'ן באַרג פון ריכט;
און אויפ'ן בנין האָט שוין שטאָלץ געפלאַטערט
די ברייטע פאָן פון „שטערן און פון שטרייפן“.
דער ברייטער סקוועיר אַרום דעם הויז, באַדעקט
מיט פיינעם גרינעם קורץ געשוירן גראָז,
מיט הויכע ביימלאַך פרישע שניי-קוגלען
וואָס בליען דורכ'ן גאַנצן זומער לאַנג
מיט ווייסע, ראָזע, בלויע, גרויסע קעפּ.
דערנאָך האָט זיך די הויפּט-גאַס איינגעדעקט
מיט גלאַטן גרויען אויסגעפלאַסטערטן אַספאַלט.
און אַז די פריילאַכע און קליינע פאָנים
צעלויפן זיך אויף אַלע קורצע פיסלאַך
געשפּאַנט צו לייכטע קערבלאַך אויף צוויי רעדלאַך —
האָט נאָר געקלונגען אויפגעלייגט אין הימלאַך
דער פלינקער טענצלדיקער קלאַפּ פון קלאָען.
עס האָבן זילבעריק און וואַרעם זיך געשטרעקט
אין ווייטע פאַסן נייע ווייסע רעלסן —
דאָס האָט דער ישוב זיך באַהעפט מיט שטאָט;
עס האָט גענומען גרילצן הויך און ביי
מיט פרישע רויט-און-געל געפאַרבטע קאַרס
מיט לעבעדיקע גלאַנצנדיקע פענסטערלאַך,
מיט ניגעריקע אומבאַקאַנטע פּנימער.
און אויפן ברייטן גלאַטן פּלאַץ פון מאַרק
האָט שטאָלץ און ריטערלאַך זיך אויפגעהויבן,
מאַסיוו און שווער געגאָסן, די סטאַטוע
פון בראַון לי: עס זיצט דער גענעראַל

אַ גרויער, אַ פאַרשטויבטער, אַ געלאַסענער,
און ס'איז דאָס פערד פאַרקילט געבליבן אונטער אים.
און מחנות לופטיקע קאָלירטע פלעקן
פון פורפורנע און ווייסע בלויע טויבן
זיי הויבן זיך אַרויף, און קרייזן אַום
דעם מעכטיקן און שטאָלצן פערד-און-רייטער.

י. י. שוואַרץ.

# ניו-יאָרק

גרויס איז די שטאָט ניו יאָרק און די מויערן פון דער שטאָט זיינען הויך און ברייט און זיינע פאַנאַנדערגעשטעלט אין געדיכטע און לאַנגע שורות. צווישן איין שורה מויערן און דער צווייטער לויפן גלייכע און לאַנגע גאַסן אַן אַ שיער. שטייען וואו מענטשן אין אַ שאַפּ, וואָס געפינט זיך אויף אַן אויבערשטן שטאָק פון אַ מויער, וואָס הייבט זיך ברייט און פלייצעדיק העכער פון די אַנדערע מויערן וואָס אַרום אים און כאַפּן אַ קוק אַרויס פון די פענסטער זעען זיי פאַר זיך צוערשט דעכער און דעכער אָן אַ סוף און אָן אַ ברעג און נאָכדעם נעמען זיך פאַר די אויגן אויסטיילן די לאַנגע גאַסן וואָס גראָבן זיך צווישן די דעכער ווי טיפע קאַנאַלן איבער וועלכע עס שפרייטן זיך טייכן פון גרויען אַספאַלט, און די מענטשן און די פורן, און די טראַמוויי, וואָס לויפן אויף און אָפּ איבער די גאַסן זעען אויס ווי שוואַרצע שווימענדיקע פלעקן. קומט דער ווינטער און באַשנייט די גאַסן, לייגט זיך דער שניי איבער'ן אַספאַלט ווי אַ פאַרגליווערטער ווייסער שוים. און די פאַרשנייטע דעכער שפרייטן זיך איבער דער שטאָט ווי איפּגעוואָרפענע כוואַליעס און זייערע אָפּגעדעקטע טיילן שיינען אונטער דער ווייסער ווינטער-זון, ווי אָפּגעדעקטע וואַסער פלאַכן. פאַראַן אויך איבער דער הייכער מויערדיקער שטאָט ניו יאָרק ברייטע און גרייסע דעכער פון וועלכע עס הייבן זיך אויף לאַנגע און שלאַנקע טורעמס. די טורעמס זיינען די הייך פון צענדליקע שטאָק און טראָגן אויף זייערע קעפּ גאָלדענע קופּאָלן און קרוינען פון פאַרשידנערליי שפּיצן. דער ווינט היט אָפּ די קופּאָלן און די קרוינען פון די דאָזיקע טורעמס — ער לאָזט אויף זיי קיין שטויב און קיין שניי ניט פאַלן, שטייען די טורעמס הייכע, באַפרייטע און וואַכן איבער די דעכער פון דער גרויסער ניו-יאָרק ווי מען וואָלט זיי צוליב דעם אויפגעשטעלט איבער דער הויכער קאַנאַלן און טייכנאַרטיקער שטאָט.

— זעט נאָר! — שרייט אַמאָל אויף אַן אַרבעטער וואָס שטייט ביי אַ פענסטער פון אַ הויכשטאָקיקן שאַפּ. די איבעריקע אַרבעטער קוקן זיך אום. זיי ווייסן ניט צו איז דאָס אַ געשריי פון שרעק, צי פון פרייד.

איבער דעכער, ווייט אַרויף, ערגעץ אויף אַ פלאַץ וואו עס שטייען אויפגעבאַרגט דער שטאָטס גרעסטע מויערן האָט די ווייסע ווינטער-זון פון אַן אַנטקעגנדיקער זייט דערגרייכט די אויבערשטע פענסטער פון דער גרויסער גאָלדענער קרוין פון דעם גאָר הייכן באַגילדעטן טורעם.

און די גרויסע באַפּענסטערטע גאָלדענע קרוין האָט פאַר אַ ווייל געגומען: שלאָגן פון זיך מיט ראַשיק ווייסע זון־זיילן. דער הויכער גאָלדענער טורעם האָט אין מיטן פון אָט די אַלע אַנדערע אויפגעבאַרגטע הויכע מויערן: געגומען ווי קוקן אַרום זיך מיט לאַנג פאַנאַנדערגעצויגענע זייליקע זוןפאַסן. נעצן פון גאָלד נעמען זיך פלאַטערדיק שפּרייטן איבער דעכער, איבער שעפער און איבער מענטשן. אַלע ווערן ווי פאַרגאַפט, ווער מיט אַ האַמער, ווער מיט אַ צווייגל, ווער מיט אַ שער, מיט אַ שטיק האָלץ, צי מיט אַ שטיק אייזן אין זיין האַנט, און זיי זעען מיט שטוינען ווי שאַרף עס שניידן זיך זונזיילן אין דער לופט, ווי שאַרף די זונפאַסן שניידן די שאָטנס אויף די דעכער, אויף די גאַסן, אויף די ווענט און אויף די דילן פון זייערע שעפער, און זיי דערזעען און דערפילן דאָס שאַרף געשניטענע ליכט, אויף זייערע אייגענע הענט, און אויף זייערע אייגענע פנים'ער.

שפּעט אין דער נאַכט ציען זיך שטילע, גרויסע און לאַנגע גאַסן. די לאַנגע גאַסן מיט זייערע פילע עלעקטרישע לאָמפּן ציען זיך שטיל און גלייך און שיינען זיך אויס אין דער נאַכט ווי לאַנגע און ליכטיקע היילן. פון דאָ און דאָרט פאַטשט מיט אַמאָל פון ערגעץ אויף אַ גערויש פון אַ קאַר צי פון אַן אויבערשטן שטאָט־באַן, דאָס גערויש טראָגט זיך אָן, — אָט ווי אַ שווער הילכנדיקער וואַסער־פאַל, אָט ווי אַ ווילדער אויפפּאַטשן פון שווערע ריזיקע הענט און אָט גאָר ווי אַ שטיק פון אַ וויג־ליד פון עמיצן אַ גוטן, אַ געטרייען וואָס וויל, אַז מענטשן זאָלן שלאָפן, אַז מענטשן זאָלן רוען, אַז מענטשן זאָל גוט און וואויל זיין.

דוד איגנאַטאָוו.

# חרטה

## א



פריידיק האָבן זיך די קינדער צוזאַמענגעטראָפן אויפן ראָג.

— העלאָו, סעמקע! — האָט נאָך פון דערווייטנס געשריען דער מורזעוואַטער, אויסגעשמירטער קאַמילאָ, שוין זומערדיק אָנגעטאָן און פאָכנדיק מיט אַ ביקסל אין האַנט.

סעמקע, מיט רויטע בעקלאַך און גלאַנציקע קאַרשן־אויגן, נאָך אין די ווינטערדיקע בגדים מיטן ברוינעם סוועטער פון אונטן, האָט צופרידן אָפּגעוואַרט קאַמילאָן, זיך געוואונדערט אויף זיין זומערדיקן הילוך, און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— קום אַהער, ווייז דאָס ביקסל.

— אָט איז דזשימי! — דזשימי, קום אַהער! האָבן זיךביידע אַ כאַפּ געטאָן.

דזשימי — אַ דאַרער, אַ געלער, איינגאַנצן אין זומערשפּרענקלאַך, מיט אַ קליין פאַרריסן נעזל, פונקעלאַך אין די העלע אויגן, — איז

זיך געגאַנגען פּאַמעלאַך, פֿאַררוקט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, דעם קאָפּ איינגעצויגן אין די אַקסלען, ווי ס'וואָלט אים קאַלט געווען.

— גיכער, קום אַהער! — האָט סעמקע געררופֿן.

— לילי קומט, קוק, לילי קומט! — איז אונטערגעשפּרונגען קאַמילאָ.

— אָ, העלאָ, לילי! — האָט סעמקע זיך אַ כאַפּ געטאָן און אינגאַנצן אויפֿגעשיינט.

העלאָ, סעמי! — איז זיך לילקע געלאָסן צוגעקומען, אינגאַנצן אַ פֿרימאָרגנדיקע אין איר ראָזן סוועטער, און חנ'עוודיק פֿאַרשאַרט מיטן הענטל אירע אינגלש־אונטערגעשוירענע האָר.

באַלד איז צוגעקומען ביטריס מיט אַ שפּרונג־שטריק אין האַנט.

און נאָך און נאָך פֿון אַלע זייטן זיינען געקומען קינדער, אפֿילו דער פֿיר־יאָריקער הערילע, דעם הויז־וועכטערס אינגעלע, אין גרויסע ניט־צוגעפּאַסטע קאַמאַשן, און נאָך אַ גרעסערע היטל, מיט עפּעס פֿרעמדע מעשענע קנעפּ אין זיין פֿאַרשמאָדערט מאַנטעלע, איז אויך געקראָכן פֿון קעלער־שטוב. די היטל — די גרויסע טשאַפּורע — האָט זיך אים אַראָפּ־גערוקט איבערן נעזל, האָט ער שווער געסאָפּעט, נישט פֿאַרשטאַנען זי אויפֿצוהייבן און בלינד אויך אַלע פֿיר זיך געדראַפּעט אויף די טרעפּ פֿון קעלער אַרויס.

באַלד איז דער טראָטואַר צעקעסטלט געוואָרן פֿון ווייסן קרייט. די מיידלאַך טאַנצן, שפּרינגען אויס פֿיגורן. די אינגלאַך שפּילן באַל און לויפֿן מיט אַ טומל פֿון איין טראָטואַר אויפֿן צווייטן.

נאָר דער קליינער הערילע שטייט מיט פֿאַרקוקטע אויגן, צוגעשפּאַרט צום אייזערנעם צוים פֿון קעלער, גיט זיך קיין ריר ניט, נאָר וואַרעמט זיך אויף דער זון און קוקט נאָך יעדע באַוועגונג פֿון די קינדער.

— דזשי, היינט איז וואַרעם — זאָגט דער דיקער סעמקע, אַ פֿאַר־שוויצטער פֿון באַל.

— לאָמיר גאָר גיין אין פּאַרק צו די קוואַלן — כאַפּט זיך אַרויס קאַמילאָ.

— טאַקע אין פּאַרק, — כאַפּט אונטער סעמקע.

— זאָל זיין אין פּאַרק, — זאָגט דזשימי.

— אין פּאַרק, אין פּאַרק! — ווערט אַ גערודער צווישן די קינדער.

— ניין, ס'איז נאָך קאַלט, די מאַמעס וועלן ניט לאָזן! — רופֿט זיך אָפּ אַ כטאַטעטשנע מיידל, מיט אַ געלאַסן פּנים'ל און אַ שאַל אויפֿן האַלז.

— וואָס איז דיין דאגה? — שפּרינגט צו קאַמילאָ אַ צעקאָכטער.

סעמקע דרייט זיך דערווייל צווישן דער גאַנצער כאַפּטע אינגלאַך. יעדערן שטורכעט ער מיטן פֿינגער אין ברוסט.

— דו וועסט גיין! דו וועסט גיין!

יעדער אינגל נעמט צו דעם שטורך שוויינגדיק־ערנסט. אַלע פֿאַר־ריכטן נאָר די היטלען און קוקן מיט אַ מינע, ווי זיי וואָלטן געווען גרייט צו גיין אין פֿייער און אין וואַסער. דער קליינער הערילע האָט זיך דער־ווייל צוגעשאַרט מיט די גרויסע קאַמאַשן און זיך צוגעשטעלט צו אַלע

אינגלאַך. זעענדיק, אַז סעמקען שטורכעט אים ניט אין האַרצן, האָט ער פאַררימן דעם קאָפּ צו סעמקען, אויף זיך אַליין געטייטלט מיטן פינגער און גערופן — מיך אויך... סעמקע האָט אויף אים מיט פאַראַכטונג אַ קוק געטאָן:

— נאָך צו קליין. סט׳גיין מיט דיין מאַמען.

לילקע איז אויפגעשפרונגען אַ פאַרפּלאָנטע:

— מיר, מיידלאַך, גייען אויך...

— גוט, — האָט סעמקע געזאָגט.

— ניין, — האָט דזשימי צונויפגעזשמורעט אין שמאָלע פּאַסיקלאַך זיינע העלע אויגן, — דו וועסט זיי מיטנעמען, זייערע מאַמעס וועלן שרייען און מיר׳ן זיין שולדיק.

ניין, מ׳דאַרף ניט! — האָבן די אינגלאַך אויפגעהויבן אַ געשריי.

— מיר׳ן יאָ גיין! — האָבן געשריען די מיידלאַך און אויסגעמישט זיך מיט די אינגלאַך.

— ניין, איר׳ט ניט גיין... — האָבן זיך אינגלאַך אָפּגעטיילט פון זיי.

— דו, סעמקע, ביסט אַ שלעכט אינגל, — האָט לילקע געמאַכט אַ קאַפּריזנעם פּנים.

— דו אַליין אפשר יאָ, — האָט אָנגעהויבן סעמקע.

— ניין, קיין איינע ניט, — האָט קאַלט און פאַרביסן געזאָגט דזשימי.

— קאַמילאַ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אָפּשטופּן די מיידלאַך. ס׳איז געוואָרן אַ שפּאַרעריי, אַ קריגעריי. פאַרבייגייערס האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן, וואָס דאָ טוט זיך, און שמייכלענדיק געגאַנגען ווייטער.

נאָר דער קליינער הערילע איז זיך געשטאַנען רואיק מיט דעם פוזע־וואַטן בייכל אַרויסגעשטעלט, מיט דעם גרויסן ווינטערדיקן היטל איבערן שטערן, פונוואַנען ס׳האָבן אַרויסגעקוקט, ווי פון אַ באַהעלטע־ניש, זיינע שוואַרצע פאַרקוקטע אויגן.

אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט, האָט ביטרים געשריען:

— מיר דאַרפן זיי ניט. מירן פונקט אַזוי טרעפן ווי זיי.

— אָבער וואו די קוואַלן זיינען ווייסט איר ניט, — האָט קאַמילאַ אַרויסגעשטעלט אַ צונג...

די אינגלאַך האָבן זיך מיט אַמאָל אַ לאָז געטאָן לויפן צום פּאַרק, און דער קליינער הערילע פון הינטן נאָך זיי.

ב

אין פּאַרק זיינען דורך נאַכט גרין געוואָרן גאַנצע שטיקער פון די לאָנקעס.

אויף די אַקאַציען־ביימלאַך האָבן זיך שוין אויסגעשאָטן יונגינקע, העל־גרינע קנאָספּעלאַך, ווי קרייזעלאַך אויף קינדערשע קעפּלאַך. נאָר ערטערווייז האָבן נאָך געגעלט שטיקער ערד און דערמאָנט אָן פאַרלאָ־פענעם האַרבסט און ווינטער.

פון דער ווייכער צעפּלאַצטער, אָנגעוואַרעמטער ערד האָבן זיך גלייך

פֿון באַגינען אַ לאָז געטאָן אָן אַ צאָל רעגן־װערים און פֿאַרפּלײצט די נאַסע שטעגלאַך, די פֿײַכטע אַלײעס.

װי אַ מתנה שפּערלאַך האָבן זיך די קינדער אַ לאָז געטאָן מיט אַ פּלאַפּלערײ, מיט אַ געבריײעריי איבער לאַנקע און שטעג, דורך אַלײעס און קוסטעס. באַלד זײַנען זײ שױן געקראָכן אױף די פֿעלזן פֿון פּאַרק, זיך געדראַפּעט אױפֿן „אינדיאַנער שטײן“, װאָס קוקט אױפֿן סאַזשלקע. סעמקע, דזשימי און קאַמילאַ און נאָך אײנגלאַך האָבן זיך אַרונטערגעלאָזן צו די קװאַלן אין זומפּיקן טאָל, װאו דער פּאַראַיאַריקער שטײפֿער טשערעט איז געװען פֿאַרטרונקען ביזן האַלדז אין װאַסער.

ס׳שלאָגן קװאַלן; ס׳שנירלען זיך גאָלד־געלע לײמיקע רינגלאַך, ס׳פּלײצט איבער די רינגלאַך אַ קלאָר װאַסערל און זינגט צו מעלאָדיש. קאַטשענדיק זיך איבער שטײנדלאַך און װאָרצלען.

עס שלענגלען זיך די פֿרישע פֿרילינגס־װאַסערלאַך, קריכן אַרײַן אין דער ערד און קומען אַרױס צוריק נאָך מער געלײטערט און ציִען זיך שױן אין אַ טײַכל.

קאַמילאַ שפּרינגט, לױפֿט איבער די שטאַמען פֿון די אױסגעהאַקטע בײמער, װאָס ליגן אױף אַ זײַט און װאָס מען האָט נאָך ניט באַװיזן אַװעקצונעמען.

סעמקע לױפֿט זוכן אַ ברעט אױף אַ הױדע — און דזשימי רײַסט אַ צװײַגל פֿון אַ נוס־בױם, כאָטש ער װײס, אַז מען טאָר ניט.

די קינדער שפּרינגען אױף די קלעצער, זעצן זיך רײַטנדיק, קריכן אין די זומפּן, נעמען לײם און בױען פֿאַרצאַמונגען אין טײַכל און האַלטן אָפּ דאָס װאַסער. קומט אָן דאָס װאַסער הױך־הױך, בױען זײ נאָך העכער. הײבט עס זיך אָן, און מיטאַמאָל גײט עס זיך אַ ריס דורך...

װערט אַ פֿרײד, אַ געשרײ, צעגלאַנצן זיך די אױגן, און מע לױפֿט װידער נאָך לײם.

נאָר הערילע האַלט זיך פֿונדערװײַטן. ער איז זיך אַ מענטש פֿאַר זיך. צום ערשטן איז ער אַרײַן מיט די גרױסע קאַמאַשן אין ריטשקעלע און זיך דורכגעשפּאַצירט אין װאַסער הין און צוריק. געזען, אַז דאָס װאַסער װערט אַזױ שײן, גאָלדיק־געל, איז ער אַרױס מיט פֿולע שיך מיט װאַסער, געפֿונען אַ פּאַפּירן צעריסן קעסטעלע און מיט די הײפּלאַך געשעפּט דאָס געלע װאַסער און געגאָסן אין פּאַפּירענעם קעסטעלע און געװאונדערט זיך, פֿאַרװאָס עס װערט ניט פֿול...

— מיר האָבן אַ ברעט! — האָט סעמקע און נאָך אַ פּאָר אײנגלאַך געשריִען, שלעפּנדיק אַ ברעט. — דזשימי, קאַמילאַ, קומט זיך הױדען!

ג

הױדען זיך די קינדער אַרױף־אַראָפּ. סעמקע פֿון אײן זײַט, דזשימי פֿון דער צװײטער זײַט און קאַמילאַ אינמיטן, — אַ פֿוס אַהער, אַ פֿוס אַהין, װיגט און באַלאַנסירט אַרױף־אַראָפּ — דאָס ערשטע מאָל הײ־יאָר. דאָ הײבט מען זיך אױף אַזױ הױך־הױך, אַז עס װערט אַזש קיל אין האַרצן און אָט פֿאַלט מען, דוכט זיך, נאָר געשעדיקט צו װערן...

— די מיידלאַך גייען! — הייבט זיך פלוצלונג אויף אַ געשריי. מיט אַ טראַך פאַלט די ברעט צו דער ערד. דזשימי, סעמקע, קאַמילאַ, אַלע, אַלע שטייען און קוקן, ווי די מיידלאַך קומען אָן מיט לילקען און ביט-ריסן בראש.

זיי גייען עפּעס ניט דרייסט, אַנדערע האַלטן זיך פאַר די הענט.

— ניט צולאָזן זיי צו די קוואַלן! — האָט דזשימי אַ זאָג געטאָן צו די אינגלאַך.

די מיידלאַך האָבן עפּעס ווי דערפילט די קריגערישע שטימונג פון די אינגלאַך, זיך אָפּגעשטעלט און אויפגעהויבן אַ געשריי:

— בע, בע! מיר האָבן געפונען!

— לאָמיר זיי גאָר פאַרטרייבן! — האָט זיך אויפגעקאָכט קאַמילאַ. די אינגלאַך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף די מיידלאַך. יענע האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי.

קאַמילאַ האָט אַ כאַפּ געטאָן ביטריסן; דזשימי האָט געוואָלט אַ כאַפּ טאָן אַן אַנדערע, האָט ער זיך דערווייל אויסגעגליטשט אין נאַסן ליים. ביי די מיידלאַך איז געוואָרן אַ געלעכטער. סעמקע האָט זיך גע-יאָגט נאָך לילקען, וואָס האָט זיך אַרויסגעדרייט פון זיינע הענט און געלאָפן ווילד.

ביי די מיידלאַך האָט זיך אויפגעהויבן אַ פריידיקער געשריי. ביט-ריס האָט זיך אַרויסגעריסן פון קאַמילאָס הענט און איז אַליין אומגע-שליידערט. די איבעריקע האָבן זיך אַרומגעקליבן אַרום איר. לילקע איז אויך צוגעלאָפן מיט סעמקען.

— ס'איז דיין פאַרק? ס'איז אייער פאַרק? — האָט ביטריס אָנגע-הויבן שרייען, און עטלאַכע מיידלאַך האָבן אַ כאַפּ געטאָן סעמקען, וואָס איז אַריינגעפאַלן צווישן זיי, און זיי זיינען אים באַפאַלן.

סעמקע איז געבליבן שטיין און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

די מיידלאַך זיינען געוואָרן נאָך דרייסטער.

— איר, שלעכטע אינגלאַך, מירן דערציילן אייערע לערער.

— דו ביסט אַ שלעכטער, — האָט לילקע ברוגז געקוקט אויף סעמ-קען.

— דאָס איז דאָך אויף צופלייסן, — האָט סעמקע זיך געפּרוווט פאַרענטפערן.

די מיידלאַך האָבן געזיגט. צוערשט האָט מען זיך געשפּילט באַזונ-דער — באַלד האָט מען זיך שוין געשפּילט צוזאַמען און די הוידע האָט זיך געהוידעט איבערן קלאָץ אַרויף-אַראָפּ.

אויף איין עק ברעט זיינען שוין געזעסן לילקע מיט ביטריסן, אויף דעם צווייטן עק — סעמקע מיט דזשימין און קאַמילאַ שטייענדיק אין באַלאַנס.

— לאָמיר זיי אָפּטאָן, — האָט שטיל אַ זאָג געטאָן צו סעמקען דער נאָך אויסגעשמירטער דזשימי און פאַרזשמורעט די העלע אויגן — מירן אַראָפּשפּרינגען פון ברעט, — זאָלן זיי זיך קייקלען.

— גוט, — האָט סעמקע צוגעשטימט צו דער חכמה.

זיי האָבן אַראָפּגעוויגט די ברעט צו דער סאַמער ערד און באַלד אַראָפּגעלאָזן. די ערשטע איז געפאַלן לילקע און אויף איר ביטרים...

אַ צובלוטיקטע האָט זיך לילקע אויפגעהויבן; פאַלנדיק, האָט זי זיך אָפּגעקלאַפּט און זיך אָפּגעריבן אָן אַ בוים.

די מיידלאַך האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי:

— בלוט! בלוט! גיכער וואַסער אַהער!

קאַמילאַ האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ער איז גלייך אַנטלאָפן. דזשימי איז געשטאַנען מיט די הענט אין די הויזן און תמ'עוואַטע גע־שמייכלט, נאָר סעמקע איז אַרומגעלאָפן אַ דערשראָקענער. געזען ווי לילקע זיצט אונטער אַ בוים מיט אַ פאַרוויטיקט טיכעלע ביים מויל און וויינט, איז אים אונטערגעגאַנגען אונטערן האַרצן, איז ער געקראָכן צו איר און זיך געשוואָרן:

— ס'איז געווען אויף צופלייסן, אויף מיין וואָרט, ס'איז געווען אויף צופלייסן!

— אַוועק! — האָט אים ביטרים געטריבן.

ער האָט אַלין זיך געדרייט אַרום לילקען, געקוקט איר אין די אויגן און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ געפרעגט:

— ס'טוט וויי?

לילקע האָט נאָך מער געוויינט.

— וואָלסטו זיך אַזוי צעקלאַפּט דעם קאָפּ! — האָט געשריען ביט־רים.

— וויין ניט, אויף מיין וואָרט, ס'איז געווען אויף צופלייסן — האָט אַלץ גערעדט סעמקע.

— זעסט, איך וועל מיין קאָפּ אויך אָפּקלאַפּן, — האָט ער זיך אַוועק־געשטעלט אונטערן זעלביקן בוים, וואָס לילקע, און זיך גענומען קלאַפּן מיטן קאָפּ אָן אים און פרעגן לילקען:

— גוט, אַ?

לילקע האָט אויפגעהערט צו וויינען.

יעקב קרעפּליאַק.

## דזשימי

אַ יונגע פרישע פרימאָרגנדיקע זון האָט זיך דורכגעריסן דורך דעם פאַר־שטויבטן קעלער־פענסטער און האָט זיך פריילאַך צעלאַכט גלייך דזשימין אין פנים אַריין. זיין טונקל־ברוינע הויט האָט אַ גלאַנץ געטאָן אונטער דער לאַכע־דיקער זון און זיינע אויגן האָבן זיך פריער, ווי ביי אַ קינד, פאַרזשמורעט און דערנאָך זיך ברייט אויפגעעפנט.

„היינט איז דער גראַדואירונגס־טאָג!“ — איז אים דורכגעלאָפן אין קאָפּ.

עס איז אים גלייך געוואָרן פריילאַך. ער האָט זיך דערמאָנט אין די נוטע צייכנס, וואָס ער האָט געקראָגן ביים לעצטן עקזאַמען, און זיין לערערן, וועלכע האָט פאַר אַלע שילער אים געלויבט פאַר זיין פלייסיקייט און גוטער אויפפירונג.

— דו ביסט אַ וואױלער יונג, דזשימי, — האָט צו אים נעכטן געזאָגט דער פּרינסיפּאַל אַליין און אים פֿריינטלאַך אַ קלאַפּ געטאָן איבערן פּלייצע.

דזשימין האָט זיך געוואָלט אַראָפּשפּרינגען פֿון בעט, זיך איבערקוליען, זיך אַ ראַנגל טאָן מיט עמיצן. די פֿרייד האָט אים געהויבן פֿון אָרט. היינט איז דער לעצטער טאָג אין סקול! פֿון היינט אָן הויבט ער שוין אָן צו ווערן אַ גרויסער!... נאָר אין קעלער איז געווען שטיל, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז עס מוז נאָך זיין פֿרי, און די מאַמע זיינע מוז נאָך שלאָפֿן אודאי אין צווייטן צימער. האָט ער זיך צוריק אויסגעצויגן אויף זיין מאָגערן צעריסענעם מאַטראַץ. עס איז געווען אַזוי זיס צו ליגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און ניט דאַרפֿן זיך איילן, און ניט מורא האָבן צו פֿאַרשפּעטיקן אין קלאַס! און ווי גוט עס איז צו זיין אַ גרויסער. ער וועט קענען טאָן, וואָס ער וויל, גיין וואוהין אים גלוסט זיך, ער וועט אַרבעטן, אויסהעלפֿן דער מאַמען...

— אוי, איך דאַרף אָפּקערן די טרעפּ! — האָט ער זיך פּלוצלונג אַ כאַפּ געטאָן, — אפֿשר איז שוין גאָר שפּעט און די מאַמע טוט עס שוין?

— מאַמע, מאַמע! — האָט ער אַ רוף געטאָן. קיינער האָט ניט געענטפֿערט. ווייזט אויס, אַז די מאַמע אַרבעט שוין אַרום הויז.

דזשימי האָט זיך אין איילעניש גענומען אָנטאָן. ער האָט ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז זיין שוואַכע מאַמע זאָל דאַרפֿן טאָן נאָך זיין אַרבעט אויך. יעדן פֿרימאָרגן, איידער ער פֿלעגט אַוועקגיין אין שול, פֿלעגט ער אָפּקערן פֿאַר דער מאַמען די טרעפּ און דעם טראָטואַר. פֿאַרוואָס זאָל ער האָבן גראָד היינט פֿאַר־שפּעטיקט, ווען ער איז פֿריי?

— שעמען מעגסטו זיך, דו גרויסער נאַר, — האָט ער זיך אויף זיך אַליין געבייזערט, זוכנדיק די זאַכן. אָבער ווי אויף צו להכעיס, איז איין זאָק געווען אונטערן בעט, די צווייטע — אונטערן טיש, די שיך האָבן אינגאַנצן געפֿעלט. און דזשימי האָט זיך אַרומגעיאָגט פֿון איין ווינקל אין צווייטן און ניט געקענט אָפּזוכן זיין צעזייס און צעשפּרייט אָנטועכץ.

— אויב איך וועל נאָך אַמאָל אין אָוונט ניט אַוועקלייגן אַלע מיינע זאַכן אויף איין אָרט, זאָל איך...

ער האָט ניט געוואוסט, וואָס פֿאַר אַ שלעכטע זאַך ער זאָל זיך ווינטשן, אויב ער וועט זיין וואָרט ניט האַלטן. ער איז געווען זייער אין כעס אויף זיך.

— וואָס איילסטו זיך אַזוי, דזשימי? דאַרפֿסט דאָך היינט ניט גיין אין שול, — האָט ער דערהערט דער מוטערס קול.

— אַ, מאַמע! איך דאַרף דאָך אָבער אָפּקערן די טרעפּ.

— נישקשה, איך האָב עס שוין אַליין געטאָן.

— צו וואָס האָסטו עס געדאַרפֿט טאָן? — האָט ער געפֿרעגט. — דו ווייסט דאָך, אַז איך טו דאָס יעדן טאָג. האָסט קאַרג אַרבעט?

— היינט איז דאָך דיין לעצטער טאָג אין שול, דזשימי, וויל איך דו זאָלסט האָבן יום־טוב.

— מאַמעניו, דו ביסט גוט ווי גאָלד! — האָט פֿריילאַך אויסגעשריען דאָס אינגל און מיט איין שפּרונג איז ער שוין געווען צוריק אין בעט.

זיין מאַמע, אַן עלטערע, אויסגעדאַרטע פֿרוי, האָט זיך מיד צוגעזעצט אויף זיין בעטל. דזשימי האָט באַמערקט איר מידקייט און דאָס האַרץ האָט אים פֿאַרקוועטשט, קוקנדיק אויף איר.

— מאַמע, ווייסטו, אַט אינגיכן, גאָר גיך טאַקע, וועל איך אַוועקגיין אַר־בעטן. איך וועל זיך אויסלערנען עפּעס אַ גוטע מלאכה, און איך וועל פאַרדינען אַ סך געלט. לאַך ניט, מאַמע, — האָט ער געזאָגט, באַמערקנדיק איר שמייכל, — דו וועסט זען, איך וועל פאַרדינען אַ סך געלט און איך וועל קויפן אַ הייזקע, און דו וועסט דאָרטן וואוינען און זיין די באַלעבאָסטע. און מיר וועלן דאָרטן האָבן אַ גאָרטן, און בלומען און נאָך זאַכן, און דו וועסט ניט דאַרפן אַרבעטן! איך וועל דיך ניט לאָזן, איך וועל אַלצדינג אַליין באַזאָרגן.

— הלואי זאָל עס אמת זיין, מיין זון, — האָט זי געענטפערט מיט אַ זיפץ. — מיר, שוואַרצע, קענען זייער ווייניק דערוואַרטן גוטס פון לעבן.

— אָבער פאַר וואָס איז דאָס אַזוי, מאַמע? מיט וואָס בין איך ערגער פון די ווייסע קינדער? איך בין אַזוי גוט, ווי זיי, אין שול לערן איך זיך ניט ערגער פון זיי. וואָס בין איך שולדיק, אַז איך בין געבוירן געוואָרן מיט אַ שוואַרצער הויט און זיי מיט אַ ווייסער? מאַמע, דו וועסט זען, עס וועט שוין זיין גוט. און דו מוזט גיין היינט מיט מיר אין שול צום קאָנצערט! אַלע מאַמעס זיינען איינגעלאַדן, האָט די לערערין געזאָגט.

— ניין, קינד, איך וועל ניט זיין. די ווייסע חברה וועלן נאָך חוזק מאַכן פון מיר.

— זאָלן זיי נאָר וואַגן! — האָט זיך דזשימי אָנגעצונדן פאַר כעס.

— נו, גוט, גוט, מירן שוין זען. אָבער שטיי שוין אויף, עס איז שוין שפּעט. די אַלטע איז אַוועק אין קיך צוגרייטן אַ גלאָז קאַווע, און דזשימי האָט זיך לאַנגזאַם גענומען אָנטאָן.

— מאַמע, — איז ער באַלד צו צו דער מוטער אין קיך, — וואו איז מיין נייע בלוזע?

— אַט דאָרטן אויפן שטול הענגט זי, זעסט ניט?

ער האָט אויפגעהויבן די בלוזע און איז געבליבן שטיין אַ פאַר׳חידוש׳טער.

— מאַמע, וועמעס ווייסער אָנצוג הענגט דאָס דאָ? דאָס האָסטו אויס־געוואַשן פאַר עמיצן?

— דאָס איז ניט קיין געוואַשענער, דאָס איז אַ נייער, — האָט זי געענט־פערט.

— אָבער פאַר וועמען איז דאָס? און די ווייסע לייוונטענע שיך וועמעס זיינען?

— דאָס איז אַלץ פאַר דיר, — האָט זי געזאָגט, קוקנדיק אויף אים מיט אַ גליקלאַכן שמייכל. — איך האָב ניט געוואָלט, אַז דו זאָלסט אויסזען היינט אָרעמער פון אַנדערע קינדער.

טרערן האָבן זיך געשטעלט דזשימין אין די אויגן פאַר פרייד. ער איז צו־געפאַלן צו דער מאַמען, האָט זי אַ קוש געטאָן אין דער צעקנייטשטער שוואַר־צער באַק, האָט זי אַרומגענומען און גענומען טאַנצן מיט איר איבערן קיך.

ער האָט געשווינד אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אַלטע זאַכן, האָט זיך איבער־געטאָן אין די נייע און איז צוגעלאָפן צום שפּיגל זיך באַקוקן. אַ פראַנט! און ער האָט זיך גאָרניט וואָס צו שעמען פאַר קיינעם.

ער האָט אָפּגעגעסן איילנדיק און איז אַרויס אין גאַס. אים האָט זיך גע־וואָלט, אַז אַלע זיינע חברים פון שול זאָלן אים זען אַן אויסגעפּוצטן; אָבער

גראַד ווי אויף צו להכעיס איז קיינער נאָך ניט געווען אין גאַס. ער האָט זיך דורכגעדרייט אַ פּאָר מאָל פאַרן הויז און איז אַוועקגעגאַנגען אין פּאַרק.

עס איז נאָך געווען פרי, איז ווייניק ווער געווען אין פּאַרק. וואו ניט וואו איז געזעסן אַ פרוי מיט אַ קינדער־וועגעלע. דאָס גראָז אַרום די ביימער איז געווען אַזוי קיל און שמעקעדיק, און דזשימין האָט אַ צי געטאָן זיך אויסצוציען אונטער אַ בוים. אָבער דער נייער אָנצוג האָט אים געשטערט. אַ שאָד שמוציק מאַכן אַזאַ ווייסן שיינעם אָנצוג. ער האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ ניט געהאַט. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אַ ווײַלע, ביז די זון האָט אָנגעהויבן צו בריען צו שטאַרק, האָט ער אויסגעשפּרייט אַ צייטונג און זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז אונטער אַ בוים. דורך דער גרינער נעץ פון בלעטער האָט ער געקוקט צום בלויען הימל, צו די ווייסע וואָלקנדלאַך, וואָס זיינען זיך פּאַמעלאַך געשוואומען. און דזשימי האָט געטראַכט, אַז עס וואָלט גוט געווען, ווען ער קען אַזוי אַ הייב טאָן זיך צום הימל, זיך אַרויפכאַפּן אויף אַזאַ דורכזיכטיק וואָלקנדל און אַוועק שווימען מיט אים ערגעץ ווייט, ווייט אין דעם וואונדערלאַכן לאַנד, וואו יענע גוטע צויבערינס וואוינען, וועגן וועלכע ער האָט געלייענט אין די מעשה׳לאַך. לאַנג איז ער געלעגן אַ פאַר׳חלומ׳טער, ביז די זון איז צוגעקומען אויך צו זיין באַהעלטעניש און עס איז געוואָרן הייס.

— מען דאַרף גאָר צוגיין צום טייך, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון פּלאַץ און איז פריילאַך אַוועקגעלאָפן צום טייך. די הענט אין די קעשענעס, איז ער זיך געגאַנגען אַרום און אַרום וואַסער, צופּייפנדיק. ער האָט געוואָרט, אַז אַ באַקאַנט אינגל זאָל אונטערקומען מיט אַ שיפל, וועט ער זיך אויך אַריינכאַפּן.

— היי, ניגער, וואָס האָסטו זיך אַזוי אויסגעפּוצט היינט? — האָט ער דערהערט אַ רוף הינטער זיך.

ער האָט זיך אומגעקוקט. אויף אַ באַנק, ניט ווייט פון וואַסער, זיינען געזעסן פינף אינגלאַך, אַביסל עלטער פון אים און האָבן שפּאַטיש געקוקט אויף אים.

— וואו האָסטו גענומען אַזאַ נייעם אָנצוג, האָסט אים אַוועקגע׳גנב׳עט? — האָט אַריינגעוואָרפן אַ צווייטער פון דער חברה.

אין דזשימין האָט דאָס בלוט אַ קאָך געטאָן.

— מיין מאַמע איז אַ גנב׳טע? ווי וואַגסטו דאָס צו זאָגן?

דזשימי איז צוגעלאָפן און האָט אָנגעכאַפּט דעם אינגל, וואָס האָט באַליידיקט זיין מאַמען, אים אַ שליידער געטאָן, זיך אַרויסגעדרייט פון זייער מיט און האָט אויסגעשריען:

— ווער פון אייך וויל זיך שלאָגן — קום אַרויס! איך בין גרייט זיך צו שלאָגן מיט יעדן פון אייך!

זיינע אויגן האָבן געברענט פון כעס און באַליידיקונג. ער האָט זיך אויסגעבויגן און זיינע קליינע שטאַרקע הענט מיט די פּאַרקוועטשטע פויסטן האָט ער אויסגעשטרעקט פאַראויס, גרייט צו ווערן זיך קעגן זיינע שונאים.

די פינף אינגלאַך האָבן זיך איבערגעוואונקען און זיך צעלאַכט:

— ווי נעפעלט אייך דער ניגער, ער וויל זיך דאָך שלאָגן!

— חברה, לאָמיר דעם ניגער אַריינוואַרפן אין וואַסער! — האָט פּלוצלונג אויסגעשריען איינער פון די אינגלאַך.

—אין וואַסער, אין וואַסער! — האָבן אונטערגעכאַפּט די איבעריקע. און פינף פּאָר הענט האָבן אַ נעם געטאָן דזשימין. דזשימי האָט ווילד און פּאָר צווייפלט געקעמפט. נאָר זיי זיינען געווען שטאַרקער פון אים.

— נישקשה, ניגערל, וועסט זיך אָפּבאָדן, וועסטו ווערן ווייס! — האָט איי־נער געשריען.

זיי האָבן אים דערשלעפּט צום ברעג און מיטן גאַנצן כוח אַריינגעשליידערט אין וואַסער אַריין.

— הוראַ! — האָבן זיי אַלע אויסגעפּלאַצט אין אַ ווילדן געשריי.

— וואָס האָט איר געטאָן?!

די פינף אינגלאַך האָבן זיך דערשראָקן אומגעקוקט. פאַר זיי איז געשטאַ־נען אַ אינגל פון זייער עלטער. ער איז געווען הויך און שיין, זיין געזיכט איז געווען בלאַס פאַר אויפרעגונג און די גרויסע בלויע אויגן האָבן געבליצט פאַר כעס.

די אינגלאַך האָבן פאַרשעמט זיך איבערגעקוקט.

דאָס וואַסער איז געווען ניט טיף. דזשימי איז אַרויסגעשוואומען און איז מיט דער הילף פון דעם ניי־געקומענעם אַרויסגעקראָכן פון וואַסער.

דאָס וואַסער איז אין שטראָמען גערונען פון זיינע האָר, פון דעם נייעם אָנצוג, פון די נייע לייוונטענע שיך.

די אינגלאַך זיינען זיך צעלאָפן, נאָר דער ניי־געקומענער איז געבליבן.

— נעם זיך ניט צום האַרצן, דזשימי, — האָט ער געזאָגט. — עס וועט זיך אַלין אויסטריקענען... און דו האָסט זיך בראַוו געשלאָגן, איינער קעגן פינף. האָסט זיך ניט וואָס צו שעמען.

דזשימי האָט גאָר ניט געענטפערט.

— לאָמיר זיין פריינט, דזשימי, ווילסט? גיב מיר דיין האַנט, — האָט דאָס אינגל וואַרעם געזאָגט, אַריינקוקנדיק דזשימין אין פּנים.

דזשימי האָט פון אונטערן שטערן אַ קוק געטאָן אין דעם אינגלס בלויע גוטע אויגן, האָט דערפילט, אַז ער קען אָט די אויגן טרויען, און חייסע טרערן האָבן זיך קעגן זיין ווילן אַ גאָס געטאָן פון זיינע אויגן.

מאַרים זאַרודין.

## דעם פּויערס ליד

גאָט וועט מיין פעלד ניט לאָזן וויסט.

דער אַקער בליציק־שאַרף איז גרייט,
דער אָקס אין שטאַל אַ זאַטער שטייט
און ציט די פיס צום אַקער שטעג...
עס האָט מיין ערד דורך הונגער־טעג
פאַרשלונגען און אין זיך פאַרדייט
דאָס ביסל וואַרעמע פעטע מיסט,
וואָס איך האָב מיט מיין האַנט פאַרשפּרייט
אויף יעדן פאַס, אויף יעדן בייט.

באַלד קומט אַ וואָלקן אָן פון ווייט,
אַ שפּע פאַלט מיט יעדן טראָפּ
אויף מיין צעאַקערט פעלד אַראָפּ.
עס קרייט מיין האָן אין מאָרגן־שטונד,
עס בילט אַ פריידיקער דער הונט, — —
גלייך מיטן ברויט — וואַקסט אויס מיין קינד.
מיין ווייב גייט אום אין שטוב, אין הויף,
און הויבט די אויגן פרום אַרויף —
זאָל ער פון זינד אונז וואַשן ריין.
און ניט אומנישט און ניט אומזיסט
זאָל אונזער שווערער טאָג פאַרגיין...

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי.

## אין דער וויטער וועסט



בען איז אַראָפּגעשפּרונגען פון אַ וואַגאָן, גע־בליבן שטיין ביי אַ קליין הויז. אויף דעם דאַך פון הויז איז געהאַנגען אַ שילד מיט גרויסע אותיות: סטאַנציע ט..., נאָרד דאַקאָטאַ.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט פון אַלע זייטן. דער־זען העט וייט אין אונטערגרונט פון דער דאָזיקער סטאַנציע אַ קליינע שורה נידריקע הייזער, ווייט אָפּגעטיילטע איינע פון דער אַנדערער.

דערווייל, איז לעבן אים דורכגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער מיטליאָרי־קער מענטש מיט אַ ליולקע אין זיין מויל. זיין פנים פאַרוואַקסן מיט האַרטע האָר, זיין קאַפּעליוש אַ פאַרשמאָלצענער און פאַרשטויבטער און זיין גאַנצער הלוך איז געווען, אַזוי ווי דער גאַנג פון אַ „היימלאָזן" אין די גרויסע שטעט פון דער איסט.

בען האָט געפּרואווט און אים אַ פרעג געטאָן:

— ווייסט איר, ברודערל, ווי ווייט עס איז פון דאַנען קאַלדוועל'ס „ראַנדזש"?

— וואָס הייסט צי איך ווייס, סיר, פאַרוואָס זאָל איך ניט וויסן וואו קאַלדוועל'ס „ראַנדזש" איז? איך בין דאָך דאָס קאַלדוועל אַליין.

— און מיין נאָמען איז בען. איך האָב אייך געשיקט אַ טעלעגראַמע, אַז איך קום — האָט דער איסטערנער אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו קאַלדוועל'ן.

— אַזוי, גוט וואָס איר זייט געקומען אין צייט; ווען איר קומט שפּעטער, טרעפט איר מיך שוין ניט און איר וואָלט באַדאַרפט כאַפּן אַ שפּאַציר אויף עטלאַכע מייל. — נו, קומט שוין.

בען האָט דעם דאָזיקן פאַרשוין וואָס הייסט קאַלדוועל שטאַרק באַ־

טראַכט און מורא געהאַט, אַז דאָ האָט מען מיט אים ווייטער געשפּילט אַ שיינעם ווין. אַזאַ פאַרשוין באַדאַרף דאָס אַ מענטשן צו זיין „ראַנדזש".

נאָר פונדעסטוועגן איז ער אים נאָכגעגאַנגען ביז צו דער שורה מיט די נידריקע הייזלאַך וואָס האָבן פאַרגעשטעלט דאָס שטעטל ט... ער האָט זיך אָבער געטראַכט, אַז ער וועט פריער אַ פרעג טאָן ביי עמיצן אין שטעטל אויף דעם מאָדנעם הער קאַלדוועל און זיין „ראַנדזש".

אַזוי גייענדיק זיינען זיי צוגעקומען צו אַ שיינעם פאַעטאָנדל, אין וועלכן עס זיינען געווען איינגעשפּאַנט צוויי קליינע פעטינקע פערדלאַך, ווייסע מיט גרויע פינטלען. קאַלדוועל האָט צוגענומען בענ׳ס „וואַליז" און אים אַריינגעלייגט אין פאַעטאָנדל. אַז בען האָט דאָס דערזען, איז אים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. וואָרים, אויב אַ מענטש קאָן זיך פאַרגינען אַרויסצופאָרן אין אַ מיטנוואָך מיט אַזוינע צוויי פערדלאַך און אַזאַ גוטן געשפּאַן, מוז ער זיין עפּעס מערער ווי אַ גוטער באַלעבאָס.

דערפאַר האָט שוין בען ניט געפרעגט ביי קיינעם וועגן זיין נייעם באַלעבאָס. און באַלד זיינען זיי ביידע שוין געזעסן אין פאַעטאָנדל און די צוויי גרויע פערד האָבן געטאַנצט אַזוי לייכט און גרינג און מען האָט ניט געקענט זען, ווי זיי רירן אָן מיט זייערע פיס די ווייכע ערד פון וועג.

קאַלדוועל האָט אָנגעטריבן און בען איז געזעסן ביי זיין לינקער זייט און געקוקט און זיך געוואונדערט. פאָרנדיק מיט דער באַן האָט בען געזען כאַפּנדיק די לויפנדיקע פעלדער פון אַלערליי שטאַטן, אָבער איצטער האָט ער מיט זיין נאַקעטן אויג געקאָנט זען די פריירים פון נאָרד דאַקאָטאַ. באַרג און טאָל און גרויסע אויסגעשטרעקטע פלאַכע לענדער. דאָ און דאָרט אַקערט איינער מיט פיר פערד און אויף אָן אַנדער פעלד בראָנע־וועט אַ מענטש מיט זעקס פערד, אָבער מיט אַזאַ ברייטער בראָנע, וואָס מען זעט גאָר ניט אין דער איסט. און פון דער ערד גייט אויף אַ גרויסער זייל מיט צעמאָלענעם שטויב פון דעם וואָס די בראָנע מאָלט די צע־אַקערטע ערד מיט אירע גראָבע שטאַרקע ציין.

און אַזוינע לאַנגע און ברייטע בייטן וואָס ווערן ערגעץ פאַרפאַלן פון דער אַנדער זייט פון אַ באַרג אָדער זיי לויפן פון אַ באַרג אַראָפּ אין אַ טיפן טאָל.

און הימל און ערד איז דער ווייסער וועג, וועלכער ציט זיך און צע־צווייגט זיך דאָ און דאָרט אין אַנדערע קלענערע וועגן. וואו ניט וואו ערגעץ פאַרוואָרפן שטייט זיך אַ היים פון אַ מענטשן מיט זיין שטאַל און ברונעם; ברונעמס עפּעס אַזוינע הויכע, טורמדיקע מיט ווינט־מילן אויף זייערע שפּיצן און די ווינט־מילן דרייען זיך און פּאָמפּען דאָס גע־בענטשטע וואַסער פון דער טיפעניש פון דער ערד.

און די ווייטע פעלדער זיינען אַרומגערינגלט מיט דראָטענע פּלויטן. שטעכיק דראָט אָנגעצויגן אויף קיילאַכדיקע ווייסע סלופּקעלאַך.

הער קאַלדוועל האָט געזאָגט:

— איר ווייסט, סיר, ווען איך בין אַהערגעקומען צוריק מיט אַ סך יאָרן האָט מען נאָך ניט געוואוסט פון פּלויטן. די פריירי איז געווען אָפן און פריי. איצט, פון אַ פּאָר יאָר צוריק, האָבן מיר איינגעפירט פּלויטן,

דאָס הייסט, איך האָב עס איינגעפירט און די טייוואָלים האָבן שוין גע־מוזט מיר נאָכטאָן.

בען האָט אַרויסגענומען אַ ציגאַר און דערלאַנגט צו הער קאַלדוועל. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט:

— ווען איך טרייב מיינע פערד רויכער איך ניט. אויב אָבער איר ווילט מיר גיבן אַ געלעגנהייט צו רויכערן, דאַמאָלט מוזט איר נעמען די לייצעס. איך וויל זיי אייך איבערגעבן אַזוי שטיל און פּאַמעלאַך אַזוי אַז מיינע פערד זאָלן עס ניט באַמערקן.

קאַלדוועל האָט זייער פּאַמעלאַך און שטיל איבערגערוקט די לייצעס אין בען׳ס הענט.

בען האָט שוין געהאַט אָנגעגרייט פאַר זיין נייעם באַלעבאָס אַ קאָנ־ווערט און אויך דעם ציגאַר. קאַלדוועל האָט פאַררויכערט, אויפגעריסן דעם קאָנווערט און איבערגעלעזן דאָס פּאַפּיר, וואו עס איז געשטאַנען אָנגעשריבן, אַז בען ווייסט דאָס פערד בעסער ווי זיך אַליין און אַז עס איז פאַראַנען אין זיין בלוט עפּעס אַזוינס, פאַר וואָס אַ פערד האָט זייער מורא.

קאַלדוועל האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן פון פּאַפּיר און שטרענג אָנגעקוקט דעם וואונדער־בלוטיקן בחור בען, אים אויסגעפרעגט אַלערליי קליינקייטן. עס האָט זיך געהערט אין קאַלדוועל׳ס טאָן אַזוינס, ווי ער וואָלט אים אַליין ווייזן, אַז ער איז שוין גאָר ניט קיין פערד און האָט ניט קיין מורא פאַר דעם וואָס עס איז פאַראַן אין בען׳ס בלוטן.

און כאָטש בען האָט זיך ניט אַזוי באַקוועם געפילט אונטער דעם דאָזיקן טאָן פון קאַלדוועל׳ס אויספרעגן, האָט ער אָבער ווי אַ מייסטער געהאַלטן די צוויי קליינע האַלב ווילדע „בראָנקאָס“, זיי האָבן געטאַנצט איינער אָפּגעטיילט פון אַנדערן אין אַ סימעטרישער שיינער ליניע, מיט דעם דישעל אין דערמיט.

קאַלדוועל איז שוין די גאַנצע צייט פון פאָרן געזעסן אַ פרייער און דערציילט און געגעבן צו פאַרשטיין איטלאַך ווינקל אויף דער פּריירי וואָס איז געלאָפן פון ביידע זייטן וועג.

דער וועג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין אַ סקאָסנעם טאָל אַריין, אין טאָל איז געלאָפן און איבערגעשניטן דעם וועג אַ שמאָל טייכל. אַרי־בערפאָרן דאָס טייכל האָט מען באַדאַרפט אָן אַ בריקל.

קאַלדוועל האָט אַריינגערעדט אין בען׳ס אויערן, ווי ער וואָלט זיך היטן אַז זיינע פערד זאָלן עס ניט הערן, אַז דאָס טייכל אַריבערצופאָרן מיט די צוויי „בראָנקאָס“ באַדאַרף מען קאָנען.

פאַרשטענדלאַך, אַז בען האָט זיך דערפילט אין דער מינוט עפּעס מאָדנע, נאָר באַלד האָט ער זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון זיין בלינדן, פאַר אים אַליין אומבאַוואוסטן, וואונדער־בלוט. די „בראָנקאָס“ זיינען אַריבער דאָס טייכל גלייך ווי מיט אַ ווירע, דאָס וואַסער פון טייכל האָט געטאָן אַ שפּריץ און איז געוואָרן באַדעקט מיט בולבאָנס און איז געוואָרן קאַלעמוטנע.

דערפאַר אָבער האָט זיך פון דעם פלאַכן שטיק פעלד, וואָס איז גע־

לעגן אויסגעשטרעקט אויף יענער זייט טייכל, אויפגעהויבן אַזאַ מאָדנע מין בילעריי, אַזוי ווי פון אַ גאַנצער מחנה קליינטשיקע הינטלאַך.

קאַלדוועל האָט דאָס דערקלערט:

— דאָס איז אַ שטעטל פון פּריירי הינט. אַזוי הייסט עס. דאָס דאָזיקע אָרט. מיר פלעגן האָבן זייער פיל שאָדן פון די דאָזיקע פאַרדאַמטע פּריירי הינט. זיי ווערן אייך קיינמאָל ניט אַרויסקומען פון זייערע לעכער ביי טאָג. און אויב אַ פּריירי הונט וויל טרינקען וואַסער אין מיטנטאָג, קריכט ער אונטער דער ערד דורך אַזעלכע קאַנאַלן, וועלכע ער מאַכט. ער קריכט אויף מיילן אין מיילן ביז ער קומט צו אַ טייך און טרינקט זיך אָן. אונזער נאָרד דאַקאָטאַ איז, ווי מען רופט זי, אַן אָרט פון „טרוקענע פאַרמינג". מיר האָבן זייער ווייניק רעגן און אַז עס רעגנט שוין יאָ אַמאָל, רינט דאָס וואַסער אַוועק פון די בערגיקע לענדער אין די טייכן אַריין. אונזער ערד איז דערפאַר אַלעמאָל אַזוי ווי אַ האַרטער קליי, און דאָס ביסל פייכטקייט וואָס די ערד זאַפּט אין זיך אַריין, איז ניט גענוג, אַז דאָס „ברויט" זאָל זיך קאָנען איבערשטופּן זיין לעבן. פאַרשטייט איר דאָך, אַז צו דעם דאָזיקן ניט זייער וואוילן צושטאַנד פון אונזער צוזאַמענגעקלאַפּטער ערד, פלעגן נאָך קומען די פּריירי הינט און נאָך גראָבן קאַנאַלן הינטער דער אויבערשטער פלאַכע פון דער ערד. איז שוין דאָס ביסל פייכטקייט דורך די דאָזיקע קאַנאַלן זיך אַוועקגערונען און די אויבערשטע ערד איז געבליבן טרוקן ווי אַ שטיין. מיר האָבן דאָס געפילט זייער שטאַרק און געלערנטע מענטשן האָבן אונז געגעבן אַן עצה צו מאַכן אַ באַזונדערע שטאָט פאַר די דאָזיקע הינט ערגעץ נאָענט פון אַ טייך. און אָט אַזוי האָט אונזער קאָמונע געבויט די דאָזיקע הינט-שטאָט...

בשעת קאַלדוועל האָט דאָס אַזוי ברייטלאַך און אויף זיין אייגענעם שטייגער דערקלערט, האָט דערווייל בען געקוקט אויף דער גאַנצער פּריירי-הינט-שטאָט. דאָס איז געווען אַ פעלד באַדעקט מיט קליינע בערגעלאַך ערד, לעבן יעדן בערגל אַ לאָך אין דער ערד און פון יעדן לאָך האָט אַרויסגעשטעקט דאָס קעפּל פון אַ פּריירי-הונט. אַלע האָבן געבילט אין הימל אַריין און עס איז געווען אַ כאָר פון בילעריי פון אַ גאַנצער מחנה קליינטשיקע הינטלאַך.

בען האָט געטראַכט, אַז די וועסט איז עפּעס מאָדנע און אַנדערש פון דער איסט.

קאַלדוועל האָט דאָס דערשמעקט און באַלד אים איבערגעשלאָגן זיינע געדאַנקען:

— מיר, אין דער וועסט, זיינען פריש, געזונט און משוגע, כע, כע, כע —

זיי זיינען אַוועקגעפאָרן ווייטער און קאַלדוועל האָט זיך פאַראינטערעסירט אין דעם, צי האָט בען עלטערן אין דער איסט און וואָס זיי זיינען פאַר אַ מין מענטשן.

בען האָט אים אין קורצן דערציילט, אַז זיינע עלטערן זיינען אין דער איסט געשעפטס-לייט. ער אַליין האָט ניט געוואָלט שטעקן זיין נאָז אין געשעפטן; דורכגעמאַכט די געוויינלאַכע שול, זיך נאָכדעם אַוועקגעלאָזט אין אַן אַגריקולטור שול און דאָרטן אָפּגעווען צוויי יאָר.

זיך ספּעציאַליזירט אין אַ קורס וואָס מען רופט „פערד, און ווי אַזוי מיט זיי אַרומצוגיין". נאָכדעם איז ער אַוועק אין אַ גרויסער פאַרם, וואו ער האָט נאָר געהאַט צו טאָן מיט פערד. ער האָט דערפילט אין זיך דעם באַרוף צו זיין אַ מייסטער פון פערד. און פון יענער פאַרם קומט ער דאָס גלייך אַהער אין דער ווייטער וועסט. און ער האָט אפילו ניט אָפּגעטראָטן צו זאָגן זיינע עלטערן „גודביי", דאָרטן אין ניו יאָרק. זיינע עלטערן ווילן אים סיי ווי סיי איבער זייער שוועל ניט אַרויפלאָזן...

קאַלדוועל האָט זיך איינגעהערט מיט אָנגעשטעלטע אויערן און האָט פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזן אַזאַ מין זיפץ וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ טרויעריקן גוטמוטיקן העך, העך.

דערווייל, ניט אַזוי גיך ווי עס רעדט זיך, זיינען זיי דורכגעפאָרן דורך אַ דראָטענעם פלויט. קאַלדוועל האָט זיך אַזוי ווי אויפגעכאַפּט פון אַ לייכטן דרימל און געזאָגט:

—— יונגערמאַן, דאָ הויבן זיך אָן מיינע לענדער. און אַז איר וועט דאָרטן פון יענעם בערגל דערזען אַן אָפענעם טויער וועט איר אַזוי גוט זיין און אַריינקירעווען אַהין. איך וועל אייך שוין וויזן.

פון יענער זייט בערגל האָט זיך אַנטפּלעקט, אויף ווי ווייט דאָס אויג האָט נאָר געקאָנט כאַפּן, אַ ברייט פעלד, ערטערווייז באַפּלעקט מיט צעאַקערטע שטיקער ערד און ערטערווייז מיט אַלערליי גרין-קאָלירענדיקע פאַסן און דאָ און דאָרט אַ קליין סקאָסנע בערגל. און ביי איינעם פון אָט אַזוינע בערגלאַך האָט זיך געטוליעט אַ קליין ווייס הויז מיט אַ רויטן דאַך, נאָענט פון הויז — אַ שטאַל, און אַביסל ווייטער — אַ ברונעם מיט אַ טורעם און אויפ'ן טורעם אַ ווינטמיל.

— דאָס איז מיין היים — האָט קאַלדוועל שטאָלץ געזאָגט.

בעת האָט פאַרקירעוועט די פערד אין דעם אָפענעם דראָטענעם פלויט, די פערד זיינען דורך דעם טויער ווי אַ פייל פון בויגן. קאַלדוועל האָט געהייסן בלייבן שטיין. בעת האָט אַ צי געטאָן די לייצעס. די פערד זיינען געבליבן שטיין. קאַלדוועל איז אַרונטער פון זיין זיץ, צוגעגאַנגען צום טויער און אים פאַרמאַכט, צוריק זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין זיץ, און בעת האָט ווייטער געטריבן און זיך ניט איינגעהערט צו דעם וואָס קאַלדוועל האָט געמורמלט: אַז ער האָט טויערן, וויל ער זיי זאָלן זיין פאַרמאַכט.

זיי זיינען צוגעפאָרן צו דעם וועג וואָס איז געלאָפן צווישן דעם הויז און שטאַל. עס האָט זיך דערהערט אַ פערד הירזשען פון שטאַל אַרויס.

אַ פרוי איז אַרויס פון הויז אַקעגן זיי, זיך אַוועקגעשטעלט מיט ביידע הענט אָנגעשפּאַרט אויף ביידע זייטן און געזאָגט: אַ גוטן טאָג אייך, מענער.

קאַלדוועל האָט פאַרגעשטעלט:

—דאָס איז, טייערע, אונזער בחור פון דער איסט. זיין נאָמען איז בעת.

די פרוי האָט זיך פאַרנויגט און מיט אַ גאַסט-פריינטלאַכן שמייכל געזאָגט:

דאָס מאָל איז גוט, וואָס אונזער נייער איז ניט קיין הויכער. יענער, וואָס דו האָסט געבראַכט פאַראַיאָרן, איז געווען הויך און גראָב און אונזערע פערד האָבן אים פון זיך ארונטערגעוואָרפן ווי אַ האַק וואַרפט אַראָפּ שפענער...

א. ראַבאָי.

# דער אידישער פאַרמער

## א.

צוריק מיט צוואַנציק יאר איז הער גאָלדנבאַרג אַ יונגער און מיט ליידיקע הענט געקומען אין דער ווייטער וועסט.

זיין יונג ווייבל, רחל, האָט ער געלאָזן אין דער גרויסער שטאָט.

זי האָט אים אַנגעזאָגט, ער זאָל זיך „נעמען צייט", און ווען ער וועט שרייבן, אַז ער האָט געפונען דאָס, וואָס איז גוט, וועט זי אויך ארויסקומען.

געקומען איז ער אין די דאַקאָטאַס און האָט זיך אויסגעקליבן אַ „האָמ־סטעד", וואָס איז באַשטאַנען פון הונדערט און זעכציק אַקער לאַנד, אויף וועל־כע קיין מענטש האָט נאָך פון אוראַלטע יאָרן זיין פוס ניט געשטעלט.

ער האָט זיך אויסגעקליבן דאָס שטיק לאַנד מחמת פיל טעמים.

ערשטנס האָט זיך עס געצויגן איבער אַ ברייטן פּליין און צו צפון־זייט איז געשטאַנען אַ הויך, ברייט בערגל.

צווייטנס איז אין דער מיט פון דעם לאַנד אַ טייכל געפלאָסן.

און דריטנס איז טאַקע דאָס לאַנד אַ פעטס און מיט טיפע גראָזן... און נאָך און נאָך טעמים אָן אַ שיעור, און ער האָט עס ליב באַקומען.

און איינער אַליין איז ער ארומגעגאַנגען איבער די ברייטע שטחים און געטראַכט און געמאַכט זיינע פּלענער. אָט איז ביי אים געבליבן צו בויען דאָס הויז ביים טייכל, איז אָבער געקומען אַן אַנדער פּלאַן, אַז עס וואָלט בעסער גע־ווען אַוועקצושטעלן דאָס הויז ביים צופוסנס פון בערגל. וואַסער וועט שוין זיין, דערפאַר וועט אָבער וואַרימער זיין אין ווינטער, פאַרשטעלט פון די ווינטן.

און אין יענעם טאָג, ווען מען האָט אים די פּאַפּירן אין רעגירונגס־שטיבל געגעבן צום אונטערשרייבן און אים אָנגעזאָגט פון די פאַרערונגען: אַז ערשטנס זאָל ער בויען אַ הויז, און צווייטנס — גראָבן אַ ברונים, און דריטנס — צע־אַקערן פינף אַקער לאַנד און זיי מיט עפּעס אַליין באַזעצן און עס מאַכן פאַר זיין אייגענער היים, — האָט גאָלדנבאַרג צו אַלעם געשאָקלט מיט'ן קאָפּ און גע־שוויגן.

ער האָט ניט געקענט זאָגן דאָס, וואָס עס האָט זיך אים געוואָלט זאָגן פון זיין טיפן האַרץ ארויס, נאָר שטום האָט ער די פּאַפּירן גע'חתמ'עט.

ער האָט באַלד זיין רחל'ען געשריבן קורץ און פריילאַך:

„טייערע רחלע, אַ גוט שטיק לאַנד גענומען... גרייט זיך אין וועג, איך נעם זיך שוין בויען"...

און אַזוי ווי ער האָט עס נאָר אַוועקגעשריבן זיין ליבער פרוי, האָט ער זיך שוין דערפילט אויף דער נאַקעטער פּריירי ווי אין דער היים.

ער איז אוועק צו דעם נאָענטסטן שכן, הער עלקינס, וועלכער האָט שוין דאַן געהאַט צוויי פערד און אַ גוטע ווירטשאַפט, און זיך מיט אים באַקענט.

— וואָס קען איך טאָן פאַר אייך ? — האָט יענער היימלאַך געפרעגט.

— איך וויל אַפּריער טאָן פאַר אייך אַן אַרבעט, און דאַן זאָלט איר מיר צוריק אָפּהעלפן, — האָט גאָלדנבאַרג געענטפערט.

עלקינס האָט זיך באַליידיקט:

— ביי אונז גייט עס אַנדערש... מען רעכנט זיך ניט. נאָר וואָס איר דאַרפט, וועל איך מיט פאַרגעניגן טאָן פאַר אייך, און אַז איך וועל דאַרפן, וועט איר, גלויב איך, אויך טאָן עפּעס.

— איך וועל, איך וועל, — האָט גאָלדנבאַרג געמורמלט און ניט פאַר־שטאַנען דעם חילוק.

און צוערשט איז עלקינס מיט אים געפאָרן אין שטעטל אַריין און זיי האָבן געבראַכט אַ פולן וואָגן מיט ברעטער און שינדלען און אַנדערע נייטיקע מאַטעריאַלן.

און גאָלדנבאַרג האָט שוין געמוזט נעכטיקן און קעסט עסן ביי עלקינסן. פרוי עלקינס האָט נאָך דאַן געלעבט, און זי האָט צוליב דעם נייעם שכן אַן עוף געשאָכטן און פאַר אים געבראָטן פלייש מיט בולבעס.

— זענט איר דאָך אַ „דזשו" און איר טאָרט ניט עסן קיין חזיר... — האָט זי פילבאַדייטנדיק געזאָגט.

אויף דעם דריטן טאָג איז הער עלקינס אַרויסגעפאָרן מיט זיין אַקער און פערד און האָט פאַר גאָלדנבאַרג'ן צעאַקערט אַ שטח לאַנד. ער האָט עס געטאָן אַ פאָר טעג נאָכאַנאַנד, ביז ער האָט צעאַקערט אַן ערך פון פינף אַקער ערד.

דערווייל האָט דער איד גאָלדנבאַרג מיט זיין איינגעקויפטער האַק ערגעץ אין אַ טיפן טאָל וועלבעס אַנגעהאַקט און זיי געבראַכט צו טראָגן אויף זיינע אַקסלען און זיי אוועקגעלייגט אין אַ שטויס נאָענט פון דעם פּלאַץ, וואו ער האָט געוואָלט בויען דאָס הויז. און אַז ער האָט געהאַט אַ סך קלעצלאַך, האָט ער זיך אוועקגעשטעלט און זיי צעהאַקט אין קליינע שפּענדלאַך.

און עלקינס איז מיט אים ווייטער אוועק אין שטעטל. און זיי האָבן גע־בראַכט אַ וואָגן מיט קאַרטאָפל־זריעה. עס איז נאָך ניט געווען שפּעט צו פאַר־זעצן קאַרטאָפל.

און עס האָט באַלד אָנגעהויבן צו גיין זיין נאָמען פון איין מויל צו אַ צווייטן.

פלעגט אַ שכן דורכפאָרן און זען די קופּקע מיט די שפּענער, וואָס האָט זיך געוויסט פונווייטנס, און דאָס צעאַקערטע שטיק לאַנד, פלעגט ער דער־ציילן אין שטעטל.

און אַז מען האָט די קאַרטאָפל פאַרזעצט, האָט עס גאָלדנבאַרג געטאָן מיט גרויס כוונה און פלייסיק די צעשניטענע שטיקער זריעה געלייגט מיט דעם שאַ־לאָבץ אַרויף.

דאָס, און דער וועג, ווי ער האָט עס געטאָן, איז עלקינסן שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער האָט עס דערציילט פאַר שכנים אין שטעטל.

און שפּעטער מיט אַ וואָך, נאָך איידער די קאַרטאָפל האָבן באַוויזן אָנצו־הייבן אַרויסקומען פון דער ערד, האָט אים עלקינס געהאָלפן אויפשטעלן די ערשטע פאָרמען פון דעם הויז.

גאָלדנבאַרג איז דעמאָלט צוגעפאַלן צו עלקינס הענט און זיי גענומען קושן און אַליין ניט געוואוסט וואָס צו טאָן דעם „גוי“, וועלכער האָט אים אַזוי פיל אויסגעהאָלפן.

און עס איז אַוועק זיין אַרבעט מיט אַ סדר.

מיט זונען־אויפגאַנג פלעגט ער אָנהויבן בויען דאָס הויז. איינער אַליין האָט ער עס געבויט. און מיט זונען־אונטערגאַנג האָט ער די אַרבעט פון זיין הויז אַוועקגעלייגט און זיך אַ נעם געטאָן צו די קאַרטאָפל, וועלכע האָבן שוין אָנגע־הויבן אַרויסצוקריכן פון דער ערד אַרויס, מיט צוויי און מיט פיר בלעטעלאַך, און זיי גערייניקט קעגן דער לבנה־שיין פון די יונגע קריטאַכער.

האָט מען עס דערציילט אין שטעטל, און דער איד האָט באַקומען אַ נאָמען אַ גוטן און מען האָט אים שוין געשאַצט אין גרויסע געלטן און מיט אַ גוטער היים.

און העט שפּעטער, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דעם הויז, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פירעקאַכדיקן צימער מיט אַ קליינער קיך און אַן אויוון פון שטיינער, און אַז ער האָט שוין אויסגעגראָבן דעם ברונים און אים קיילאַכיק אויס־געלייגט מיט שטיינער, אַז די שכנים זיינען געקומען קוקן אויפ'ן וואונדער, האָט גאָלדנבאַרג געשיקט נאָך זיין פרוי.

ב.

דעם ערשטן טאָג, וואָס הער גאָלדנבאַרג האָט זיין פרוי אין דער ווייטער וועסט אַראָפּגעבראַכט, האָט ער זי אַרומגעפירט איבער די פליינען און בערג־לאַך און בערג און טאָלן פון זייער נייער היים.

און לאַנג זיינען זיי געשטאַנען ביים פעלד פון קאַרטאָפל. רחל האָט זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון דער זויבערקייט, וואָס איז געווען צעשפּרייט איבער די רייען מיט די הויכע און ברייט צעוואַקסענע שטאַמען פון די טונקל־גרינע קאַרטאָפל־פלאַנצן.

און אַז זי איז דאָרשטיק געוואָרן פון אַרומגיין, האָט ער זי אַוועקגעפירט צו דעם ברונים און אַן עמער וואַסער פאַר איר אַרויסגעצויגן. זי האָט געטרונ־קען און זיך אָפּגערוט און ווייטער געטרונקען און געקוויקט זיך אין די טיפעניש פון איר האַרץ.

און אַז זיי זיינען נאָכדעם אַרויף אויף אַ הויכן באַרג און אַ קוק געטאָן פון דאָרטן אויף דעם אַלעם, וואָס האָט געהייסן „זייערס“ און וואָס הער גאָלדנ־באַרג האָט מיט הויכע הענט אין אַזאַ קורצער צייט אויפגעטאָן, האָט זיך רחל דערפילט, ווי זי וואָלט פון אַן אָרימער שטוב אַרויסגעגנב'עט געוואָרן און פון אַ בן־מלך אין זיין פּאַלאַץ אַריינגעבראַכט געוואָרן.

צו אָוונט־צו זיינען די שכנים פון דעם נאָענטן אַרום און אַרום זיך צוזאַ־מענגעקומען.

דאָס אָנקומען פון פרוי גאָלדנבאַרג האָט זיך צעטראָגן זייער שנעל איבער דער פּריידי און עס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם גלויבן אין גאָלדנבאַרגס פולקומער הצלחה.

הער גאָלדנבאַרג האָט איינגיכן געקויפט צוויי פערד און אַ לאַנגן גרינעם וואָגן און אַ שנייד־מאַשין און נאָך און נאָך; דאָס אַלץ האָט מען אים געבעטן צו נעמען אויף באָרג.

און ער האָט דאָך געהאַט בטחון צו באַצאַלן, האָט ער גענומען דאָס, וואָס ער האָט באַדאַרפט.

און דאָס ערשטע האָט ער זיין אייגן היי געשניטן. דאָס גראָז איז געווען טיף ביז דעם האַלז אריין. טויזנטער יאָרן, אַז דאָס לאַנד איז געשטאַנען און עס האָט יאָר־איין, יאָר־אויס געוואַקסן פון זיך אַליין. און דער לאַנגער ווינטער מיט די טיפע שנייען פלעגן עס אוועקלייגן און עס האָט געפוילט, און די ערד איז פעטער געוואָרן און וואָס אַ יאָר בעסערע גראָזן אַרויסגעגעבן.

האָט זיי הער גאָלדנבאַרג געשניטן און זיין פרוי איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן מיט אַ הילצערנעם גאָפּל. און פון ווילע צו ווילע, אַז די מאַשין האָט זיך פאַרשטאָפּט פון די טיפע גראָזן, האָט זי באַדאַרפט מיטן גאָפּל עס אויסרייניקן.

און אַז עס איז געקומען צו מאַכן די סטויגן און צופירן דאָס היי צום סטויג, האָט די פרוי גאָלדנבאַרג אַ רויט טיכל אַרום האַלז אָנגעבונדן, אַ ברייטראַנדיקן שטרוי־הוט אָנגעטאָן און איז אַרויס צו העלפן איר מאַן.

זי איז געשטאַנען אין וואָגן און ער האָט דערלאַנגט פון קופּקע.

דערביי האָט זי באַמערקט, אַז בשעת ער נעמט אַ גאָפּל היי, ראַבט זיך איר, אַז עס וואָלט בעסער געווען, ווען ער זאָל טאָן, ווי די פרוי טוט, בשעת זי פאַרקעמט אירע לאַנגע האָר: אפריער זאָל ער אַרומנעמען מיט׳ן גאָפּל פון אַלע זייטן די צעפּאַלענע עקן פון היי און זיי צוזאַמענבערענגען אין דער מיט פון קופּקעלע און דאַן וועט ער קאָנען אַרויפנעמען דאָס גאַנצע קופּקעלע און איין זאַנג וועט ניט גיין פאַרלוירן.

גאָלדנבאַרג׳ן איז דאָס שטאַרק געפעלן געוואָרן און שמייכלנדיק פון דעם ווייבערשן איינפאַל, פלעגט ער אַ נעם טאָן מיט זיין גאָפּל די קופּקע היי און עס אַ הויב טאָן אין דער הויך איבער׳ן זוים פון וואָגן און מיט איטלאַכן הויב פלעגט ביי אים אַרויס אַ מאָדנער קלאַנג פון צווישן זיינע ליפּן.

ביים סטויג פלעגן זיי זיך בייטן. זי פלעגט שטיין אין וואָגן מיטן היי און אים דערלאַנגען צום סטויג. גאָלדנבאַרג פלעגט עס אַ כאַפּ טאָן פון איר גאָפּל און אַזוי געשיקט אוועקלייגן איטלאַכן בונט היי אויף אַן אַנדער אָרט.

דערביי האָט ער באַמערקט: אַז דער וואָס דערלאַנגט היי צום סטויג באַדאַרף אינזינען האָבן, אַז זיין גאָפּל זאָל תמיד פאַלן מיט די ציינער אַרונטער, כדי דאָס היי זאָל גרינגער אַראָפּ.

גאָלדנבאַרג האָט די סטויגן זיינע געבויט מיט דער לאַנגער זייט צו דער הויז, זיי זאָלן דאָס הויז פאַרשטעלן פון די ווינטערדיקע צפון ווינטן.

צוגעדעקט האָט ער זיי מיט אַ שמאָלן, שאַרפן משופּעדיקן שפּיץ, דער רעגן זאָל אַרונטעררינען גיכער און דאָס היי זאָל ניט פוילן.

עס איז געלעגן גאָטס ברכה אינם היי זיינס און אַזוי אויך אינם פעלד פון קאַרטאָפלעס.

פון יעדער ריי קאַרטאָפלעס האָט ער אויסגעגראָבן צען זעקלאַך.

גאָלדנבאַרג האָט פאַרקויפט זיינע קאַרטאָפלעס און צום ערשטן באַצאָלט אַלע זיינע חובות. שפּעטער צו, האָט ער אָנגעהויבן בויען אַ שטאַל פאַר זיינע פערד און געקויפט אַ קו עס זאָל זיין די גלאָז מילך אין הויז.

און אַזוי איז עס אַוועק יאָר איין יאָר אויס.

א. ראַבאָי.

# „טענקס-גיווינג“

יענעם טאָג איז געווען שיין און וואַרים, און די איינוואוינער האָבן געפייערט דעם אַלטן יום־טוב, מיט דעם נאָמען „טענקס־גיווינג“. די ערשטע אַמעריקאַנער, די אור־אור־עלטערן פון די דאָזיקע איינוואוינער פון ניו־ענגלאַנד, בשעת זיי האָבן אָפּגעאַרבעט דעם ערשטן זומער און אָפּגעשניטן זייערע ברויטן פון די פעלדער און אויסגעגראָבן די קאַר־טאָפל פון דער ערד און אויפגעבויט שטאַלן פאַר זייערע בהמות, איז פלוצלונג אַרויסגעפאַלן אַ שניי און עס איז געוואָרן ווינטער. זיינען זיך די שכנים דעמאָלט צונויפגעקומען אין איין אָרט, און געלויבט און גע־דאַנקט גאָט, פאַר וואָס ער האָט אָפּגעוואַרט מיט דעם שניי, ביז זיי האָבן אַלע זייערע ברויטן אַריינגענומען אין די שייערס, און פון דעמאָלט אָן איז יענער טאָג געבליבן אַלס אַזאַ יום־טוב.

עס איז געווען אַ שיינער וואַרימער טאָג.

די קליינע קינדער פון וואַלד: בעז, לײלאַק און ווײטשהייזל, האָבן געמיינט, אַז עס איז שוין דער אָנהייב פון פרילינג. אַפילו דער אַלטער נאַר, דער עפּל־בוים, האָט אויך פאַרגעסן אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז, און האָט אַרויסגעלאָזן פון די ווינטער קנאָספּן קליינע שפּיציקע, גרינע נאָדלען.

דורך די וועגן האָבן זיך געטראָגן אָפּגעוואַשענע פאַטעאָנדלאַך מיט אויסגעפּוצטע פערדלאַך, און אין די פאַטעאָנדלאַך: מאַן און ווייב און קינדער.

מען איז געפאָרן צו גאַסט איינער צו דעם אַנדערן.

ראָזענבערגס קינדער זיינען ניט געגאַנגען אין שול.

פיליפּ, דאָס עלטערע אינגל, האָט צונויפגענומען זיינע ברידערלאַך און שוועסטערלאַך און איז מיט זיי אַוועק אין וואַלד אַריין.

ער איז געגאַנגען פאָראויס, און מיט אַ לאַנג פּרוטקעלע געשמיסן די נאַקעטע ביימער.

די קינדערלאַך זיינען אַלע געווען מיט באָרפעסע פיסלאַך. פיליפּ אויך אַ באָרפעסער, אַ קליינער און אַ דאַרער; זיינע שאַרפע פיסלאַך האָבן זיך געשאָקלט אין די ברייטע, אויסגעריבענע הויזן, זיין היטל האָט ער פאַררוקט מיט דעם דאַשעק אויף הינטן, און ווי ער האָט געזען אַ פייגעלע אויף אַ בוים, האָט ער גיך אַ פאַטש געטאָן מיט דעם פּרוטקעלע איבער דעם בוים און דאָס פייגעלע איבערגעשראָקן.

דאָס קלענסטע שוועסטערל האָט געהייסן ראַשעל, און איז אַלט געווען אַ פינף יאָר. זי האָט זייער ליב איר ברודערל פיליפּ פאַר זיין בראַוקייט און האָט אים מקנא געווען, וואָס ער איז העכער פון איר מיט אַ שפּאַן, און דאָס וואָס אַ פייגעלע האָט מורא פאַר אים זיצנדיק אַזוי הויך אויף אַ בוים, האָט זי נאָך מער מורא געהאַט פאַר פיליפּ'ן, אַז ער זאָל איר נישט טאָן אַ שניט מיט דעם לאַנגן רוט איבער דעם נאַקעטן קעפּל.

פיליפּ האָט געפירט די קינדער טיף אין וואַלד אַריין.

דאָרט אויף אַ גרויסן, קײלאַכדיקן און ליידיקן אָרט ביים קוואַל, איז געשטאַנען אַ בוים מיט ווינטער באַרן.

פיליפּ מיט זיין קאָמאַנדע האָבן שוין לאַנג אָפּגעטרייסלט און אויפ־
געגעסן אַלע ווינטער באַרן. אָבער פיליפּ האָט געוואוסט, אַז אויף אַ
באַרן־בוים טאָר מען זיך ניט פאַרלאָזן. דאַכט זיך דיר אויס, שוין! נישטאָ
שוין מער קיין באַרן. מען קומט אָבער אַרויס מאָרגן, מען קוקט זיך איין
גוט, און מען געפינט נאָך אַ באַר ערגעץ צווישן די בלעטער.

און איצט, אַז דער בוים האָט שוין פאַרלוירן אַלע זיינע בלעטער באַ־
דאַרף מען אַ קוק טאָן צי זיינען געבליבן ווינטער באַרן.

פיליפּ איז געגאַנגען, געקלאַפּט מיט זיין צווייגל און געהוקעט „הו־
האַ, הו־האַ“. דער נאַקעטער און באָרפעסער וואַלד האָט דאָס אַרויסגע־
כאַפּט פון פיליפּס מויל, זיך נאָכגעקרימט! פון בוים צו בוים איז דאָס
קול געשוואומען און ערגעץ ביי יענער זייט ברעג האָט שוין, אַזוי ווי אַ
הירש וואַלט אַנטלאָפן, אימיצער גיך־גיך געמרוקעט.

דער ערשטער האָט פיליפּ זיך אויסגעשטרעקט אויף דער ערד און
זיין מויל אַריינגעשטעקט אין קוואַל. זיין קאָמאַנדע האָט עס נאָכגעטאָן.

מען האָט זיך גוט אָנגעטרונקען, ליגנדיק אין אַ שורה איינס נעבן
דעם אַנדערן, ווי אַ שורה מיט גענז, און אַלע מאָל האָבן זיי אויפגעהויבן
זייערע קעפּלאַך און עפּעס אויסגעשריען פריילאַכס און ווייטער זיך איינ־
געבויגן און זייערע ליפּן אַריינגעטונקען אין לויפנדן קוואַל.

נאָכדעם האָט מען זיך אויפגעהויבן.

פיליפּ האָט פאַרריסן זיין קאָפּ און דערזען, אַז עס זיינען דאָ עטלאַכע
קליינע באַרעלאַך אויף דעם בוים.

דאָס קלענערע שוועסטערל האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווייט פון בוים
און אַרונטערגעלייגט אירע הענטלאַך אויף ביידע זייטן און אָנגעהויבן צו
זינגען דאָס לידל, וואָס זי האָט זיך נישט לאַנג אויסגעלערנט אין שול.

„עפּל, עפּל, קום אַרונטער צו מיר“, ווי דער עפּל הענגט זיך אויף
דעם בוים און וויל נישט אַרונטערקומען. האָט דאָס מיידל געווענדט זיך
צו דער זון, אַז זי זאָל איבערברענען דאָס צווייגעלע און דער עפּל זאָל
אַרונטערפאַלן. איז די זון אַזוי ווייט און הויך, אַז זי קען נישט הערן וואָס
דאָס מיידל וויל. ווענדעט זיך דאָס מיידל צו דעם פייגל, אַז ער זאָל אָפּ־
בייסן דעם רויטינקן עפּל. האָט זיך דער פויגל דערשראָקן פאַרן
מיידעלע, אַ מאַך געטאָן מיט זיינע פליגעלאַך, טרוף־טרוף און אַוועקגע־
פלויגן, און געשיקט דעם ווינט. בעט דאָס מיידעלע דעם ווינט, אַז ער זאָל
אַרונטערבלאָזן דעם בלייכן עפּל מיט דעם רויטינקן פּנים. גיט זיך דער
ווינט אַ דריי און אַ שפּרונג און בלאָזט אַריין שטויב אין דער מיידעלעס
אויגן. צעוויינט זיך דאָס מיידעלע און עס קומט פיליפּ און נעמט אַ לאַנגן
צווייג און טוט מיט אים אַ פּאַטש אין בוים און עס פאַלט אַראָפּ דאָס
עפּעלע.

פיליפּ האָט אַרונטערגעקלאַפּט אַלע באַרלאַך נישט פאַרטיילט זיין
קליין שוועסטערל. מען האָט די באַרלאַך אויפגעגעסן. די ציין זיינען
געוואָרן אייליק, האָט מען זיך ווידער אַנידערגעלייגט אויף דער ערד ביי
דעם ברעג פון קוואַל און געטרונקען דאָס קלאָרע וואַסער, אַלע מאָל אויפ־
הייבנדיק די קעפּלאַך און אויסשטרעקנדיק זייערע העלזער, אַזוי ווי גענז.

א. ראַבאָי



# ווינטער

1

אויפגעוועקט האָט היינט פון שלאָף מיך
פריע קעלט, אַ קראַ פון ראָב —
און איך ווייס נישט, וואָס איז פּלוצלונג
אַזאַ פרייד אויף מיר אַראָפּ.

ווער האָט דאָס געשענקט מיין האַרצן
אומגעריכט אַ גליק אַ נייס,
ווארום איז מיין צימער פּלוצלונג
חנ'עוודיק און בלויליאַך־ווייס.

זע, אַ וועלדל... אויף די שויבן
וואַקסט עס פריש אין ווינטער־פּראַכט,
אויפגעבליט ווי אַהרנ'ס שטעקן
האָט דאָס פענסטער איבער נאַכט.

סאָסנעס, דעמבעלאַך באַשנייטע,
און פון פּאַלמען דאָס געשטאַלט.
גוטן מאָרגן, ווינטער־שפּראָצונג!
בראַוואָ, קליינער, מילדער וואַלד!

און אַ קאַלטער גלאַנץ, אַ העלער,
האָט מיין צימער פול געמאַכט,
גלייך עס וואָלט אַראָפּ אַ מלאך
און עס אויסגעקאַלכט די נאַכט...

ס'האָט דער ווינטער־גלאַנץ דער פרישער
די נשמה מיר באַנייט,
פונקט עס וואָלט אַ ווייסער מלאך
זי פון שמערץ און זינד באַפרייט.

2

ס'האָט דאָס אייז באַדעקט מיין פענסטער,
האָט די ליבע זון פאַרשטעלט,
נאָר אין מיטן האָט אַ פונק זיך
אָנגעצונדן און געקוועלט.

ס'האָט אַ גאָלדן מאָרגן־שדל
זונענשטראַל און זונענשטויב
אומגערן זיך דאָ פאַרפלאָנטעט
אינם וועלדל אויף דער שויב...

און ער פלאַטערט דאָרט, דער שטיפער,
שמעלצט זיך, פלאָנטעט זיך אַלץ מער;
פלוצלונג גיט ער זיך אַ צאַפל
און עס ווערט פון אים אַ טרער...

באַלד — אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן —
ווידער איז די שויב קרישטאָל...
שפרינגט אַריין אַ חיל שטראַלן
און באַפרייט מיך מיטאַמאָל!

זי, די זון, האָט פאָרט דערטאַפּט מיך,
טוז, אין שטוב — און שפרינג אַריין, —
אויסגעשאָסן גלייך אין פנים
אַלע אירע שפיזן שוין.

ווידער קומט אַ טאָג אין פענסטער,
אַזוי זיבער, קאַלט און העל,
ווידער ברענט מיין האַרץ פון קרעפטן,
איך בין ווידער יונג — און קוועל...

ס'ווערט מיין האַנט אַ פלעצל אייזן,
און מיין אָרעם אָנגעשטאָלט;
כ'וואָלט אַ לייב, מיר דאַכט, צעריסן,
כ'וואָלט אַ ריז אויף שטויב צעמאָלט.

3

אויף דער שוועל האָט מיך באַגעגנט,
אָפּגעגאָסן אומגעריכט, —
כליופּ אין פנים! כ'וויס אַליין ניט,
וויפיל שעפל קאַלטע ליכט.

כ'וויס אַליין ניט וויפיל זונען
האָבן גאָלד אויף מיר געשפּריצט...
ווייט האָט זיך אַנטבלויזט גאָטס וועלטל,
פרעך געפינקלט און געבליצט...

וואו נאָר ס'קאָן דאָס אויג דערגרייכן,
גלאַנצט גאָטס וועלטל, שעמערירט,

אויסגעשאָטן מיט בריליאַנטן
און מיט דימענטן פאַרצירט.

ס׳איז דער פראָסט אַליין דער מושל,
שטאַרק און קרעפטיק איז דער ריז,
ס׳רינען קעלט און שיין צוזאַמען:
דער מיט נאָדל, דער מיט שפּיז...

אַ באַפעל, זעט אויס, אַ שטרענגער
דורכגעגאַנגען איז היינט ביינאַכט:
„וויים זאָל ווערן! מאָרגן ז׳יום־טוב!
צירט אייך אויס אין שענסטן פּראַכט!“

און עס האָט אַ שניי אַ פרישער,
ערשט פון הימל, שפּאָגל ניי,
גיך פאַרשאָטן וואו אַ גריבל,
וואו אַ פּלויט פאַרדעקט דערביי.

און עס האָבן מאַרמאָר־ווייסקייט,
גאָלד און זילבער און קרישטאָל
זיך צעוואָרפן און צעשאָטן
און צעשפּילט זיך מיטאַמאָל!

קלאָרע לייכטער צעוויקלט,
אויסגעבעט די גאַנצע שטאָט.
זילבער־קייטלאַך אויפגעהאַנגען
אויף דעם טעלעגראַף דראָט.

טישטיכער געשפּרייט אויף דעכער,
מיט קרישטאָלענע פרענדז באַצירט;
גאָטס אַ גרויסער, ווייסער יום־טוב
איז געקומען — און רעגירט!

און די ווייסקייט בלענדט און צויבערט...
אין דער הויך, פון אויג פאַרשטעלט,
פלעבט אַ האַנט פון גאָלדענע שטראַלן
טויזנט קרוינען גאָר דער וועלט.

שטייט אַ דעמב באַזעצט מיט פייגלאַך,
דורך באַגלאָזט, דורך — בליץ און בלאַנק
און פאַרהילכט דעם פרימאָרגן
מיט אַ לעבעדיקן קלאַנג.

ח. נ. ביאַליק.



# אין שניי

בלימעלאַך, קרענצעלאַך מאָלט אויף די שויבן דער פראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיק בלאָזט.
גוט איז אונז איצטער ביים פריילאַכן פייער אין הויז!
ביז׳ל דער נאַפט אין דעם שטילינקן לעמפל גייט אויס,
ביז׳ל דער זייגער טוט ברוגז׳לאַך שעפּטשענען: — „שפּעט,
צייט שוין צו ליגן אין וויכן, אין וואַרימען בעט!“ —
וועל איך ביים וואָיען און בלאָזן פון ווינט
מעשה׳לאַך, לידעלאַך זינגען, דערציילן מיין קינד.
אין אַזאַ נאַכט האָט אין וועג זיך געלאָזן אַ איד,
אונטערן אָרעם אַ פּעקל, טויט־הונגעריק, מיד,
נאָר מיט ביטחון אין האַרצן צום האַר פון דער וועלט,
שלעפּט ער זיך עלנד אין אָפענעם, שנייאיקן פעלד.
פעלד הינטער אים און פאַר אים אין דער וויט, און דער ברייט,
שניי איז אים איבער די קני און דער וועג איז פאַרוויט,
און ווי אַ פויגל אַ ווילדער טראָגט אום זיך דער ווינט,
הורבעט אָן שניי, גיט אַ דריי אין דער לופט און פאַרשווינדט,
קומט באַלד צוריק, רייסט דעם אידן די פּאָלעס און באָרד,
קוים מיט די כוחות דער איד האַלט זיך איין אויפן אָרט.
הויבט אויף דער איד צו דעם הימל מיט רחמים זיין בליק:
גאָטעניו, ברענג דו בשלום אַהיים מיך צוריק!
נאָר איבער אים איז דער הימל אַ גרויער ווי בליי,
און אַרום אים טראָגט דער ווינט זיך אַ ווילדער און פריי.
הערט ניט דער הימל דעם אידנס געבעט און געשריי,
שטויסט אים דער ווינט און ער וואַרפט אים אַ מידן אין שניי.
אויפשטיין פון שניי האָט שוין מער ניט קיין כחות דער איד,
עפּעס אַ פוילקייט אַ זיסע פילט אָן יעדן גליד.
און אין די ביינער צעגיסט זיך אַ וואַרימע רו,
אָט, און די אויגן פאַמעלינקע שליסן זיך צו.
פלוצלונג — ער גלויבט זיך אַליין ניט, אַ קרעטשמע זאָל זיין?
ס׳שלאָגט אין דער נאַכט פון אַ פענסטער אַ פריילאַכער שיין,
ס׳ריפּעט דער ווינט מיטן טויער, מאַכט צו, עפנט אויף,
שליטנס געלאָדן מיט סחורות פול שטייען אין הויף.
און ביי די שליטנס פאַרבונדענע שטייען די פערד,

עסן דעם האָבער און רייסן דעם שני׳ ביז דער ערד.
פרייט זיך דער איד, וואָס דער בורא האָט אין אַזאַ נאַכט
אים צו אַ מענטשלאַכן ישוב בשלום געבראַכט.
קלאַפּט ער אין טיר, און מען עפנט אים באַלד — ס׳אַראַ פרייד!
פריילאַכע אידישע פּנים׳ער, אידישע רייד!
איבער דער שטוב גיסט די הענג־לאָמפּ אַ ליכטיקייט אויס.
ס׳טראָגט זיך אַ ריח פון טאַביק און בראָנפן, און שווייס.
גיבן די אידן אים „שלום“ — „פון וואַנען אַ איד?“
לאַכט ער: אַז ער האָט געלאָזט זיך צו־פוס פון יריד,
און אַז דער וועג איז געוועזן אַביסעלע שווער,
האָט ער געבלאָנדזשעט, ביז ער האָט געטראָפן אַהער.
יעדערנס האַרצן פילט אָן אַ רחמנות־געפיל,
לאַכן די אידן מיט אים, נאָר זיי ווערן באַלד שטיל...
יעדערנס פּנים און שטערן ווערט כמורנע, פאַרטראַכט.
„ווי לאָזט אַ איד זיך צו־פוס גיין אין אָט אַזאַ נאַכט?!“
ווערט באַלד דער טיש מיט מאכלים און בראָנפן געגרייט,
וואַשט זיך צום עסן דער איד, מאַכט המוציא אויף ברייט,
זאָגט צו די אידן „לחיים!“ — „לשלום, ר׳ איד!“
עסט ער און טרינקט, און אַ וואַרימע זאַטיקע פרייד
גיסט זיך, צעגייט אין זיין האַרץ, אַזש ס׳לייב ווערט אים הייס.
ווישט מיטן האַנט ער פון פּנים דעם וואַרימען שווייס.
עסט ער און טרינקט און ער עסט, אַזש עס גייט שוין ניט מער.
בענטשט ער, און ס׳שיינט אין זיין אויג אַ גאָטספאַרכטיקע טרער.
איצטער וואָלט ער מיט די אידן געשמועסט ביז שפּעט!
אָבער עס וואַרט און עס ווינקט אים די פּוכאָווע בעט,
אָבער די ביינער, דערוואַרימטע, גאַרן צו רו,
און ווי פון זיך זיינע אויגן האַלב שליסן זיך צו,
און צו דעם קישן עס ציט זיך און נויגט זיך דער קאָפּ,
פאַלט ער אַזוי אין די קליידער אין בעט ווי אַ סנאָפּ.
פּלוצלונג דערפילט ער — זיין האַלז ווערט צוזאַמענגעדריקט,
עמיצער וואַרפט זיך אויף אים, אַזש דער אָטעם פאַרשטיקט!!!
און ער דערזעט באַלד זיין ווייב און די קינדערלאַך שטיין,
ברעכן די הענט, ברעכן אויס אין אַ ווילדן געוויין.
אָ! ניט געוויינט האָט זיין ווייב און זיין לייבלאַכעס קינד,
נאָר איבער אים אויפן פעלד האָט געיאָמערט דער ווינט.
מאָרגן פרימאָרגן, ווען שטיל נאָך געשלאָפן איז גאָט,
זיינען שוין גוים מיט שליטנס געפאָרן אין שטאָט;
האָבן די גוים געפונען דעם אידן פאַרוויט,
האָבן די גוים געפונען דעם אידן שוין טויט.

מאַני לייב.

# אַ ווינטערנאַכט אין „וואַן-קאָרטלאַנד פּאַרק“

.1

אַ בלויע, פרישע ווינטערנאַכט.

עס ציט זיך אַ ווייסע ווייט אויף מיילן, איבער בערג און בערג, שטראַלט אין דער בלויער נאַכט אַריין.

די נאַכט הויבט זיך זיכער, שטיל ביז צום ווייטן הימל; ציט זיך, פרעסט זיך צום פאַרשטערנטן בלויען ים.

עס ברענט דער פראָסט, געוועלטיקט אין דער נאַכט-בלויער לופט, פאַרכאַפּט דעם אָטעם, מאַכט פידלען דעם שניי אונטער די פיס. און עס שטאַרקט די אָדערן, ציט אָן די מוסקולן, קרעפּטיקט דאָס בלוט, — פילסט פראָסטיק, ברענענדיק.

בערג ווייסע, מיט ביימער נאַקעטע, פאַרשנייטע, הויבן זיך דאָ און דאָרט, שטילע, לעבעדיקע, חבר'ן זיך צופרידן מיט דער קרעפּטיקער, טי־פער בלויקייט וואָס אַרום זיי, וואָס איבער זיי:

— זיי געגריסט, דו קרעפּטיק-בלויע ווינטערנאַכט! זיי געגריסט! און דער שטאַרקער ריז, דער קריק-קריק-פראָסט, קלאַפּט אָפּ דעם ערשטן, גרעסטן באַרג אין פּלייצע:

— וואויל, וואויל, מיין קינד! — וואויל! — און שפּאַנט ווייטער.

און ערגעין, איבער ווייטע ווייסע פעלדער, וואָס ביים סאַמע ברעג הימל הויבט זיך אויף דער גוטער פעטער-שנייער מיט זיינע צעשפּינטע ווייסע ווינטער נעצן אין די הענט, מיט זיינע צוויי הערנערדיקע זילבער שטראַלן אויפן קאָפּ.

.2

נידריקער ,צווישן די בערג, אויפן אייז-ראַנד גליטשן זיך חברה, פרישע, יונגע, וואַרפן זיך איבער מיט ווערטער, טומלען, לויפן; יאָגן זיך איבערן אייז. עס קומען נאָך אָן אַלץ נייע און נייע, זעצן זיך אויף די בענק, אַרום ברעג, טוען אויף גיך אָן די שטאָלענע גליטשערס און היידאַ אויפן אייז.

און אַז מען גליטשט דורך דעם ערשטן ראַנד, ווערט מיטאַמאָל וואַ־רים, — וואַרפט מען פון זיך אַראָפּ די אויבערשטע ווינטער-קליידער, דערפילט מען מיטאַמאָל לייכט, אַזוי פאַרגניגנדיק-גרינג, כאָטש פלי!

פליט מען איבערן אייז אויף די גוט געשאַרפטע, בלאַנקע גליטשערס. שנעל און שנעלער, איינס הינטער אַנדערע, איינס פאַר ס'אַנדערע, אָט גאָר צוזאַמען; איינער אָן דעם צווייטן, איינער אָן דעם צווייטן אין אַ לאַנגער, לאַנגער קייט, און אָט — האַנט אין האַנט, ווי אַ לעבעדיקער פאַרקאָן. און עס צעוואַרימען זיך די בלוטן אַלץ פרישער, לעבעדיקער, וואַרימען צופרידן די הויט פון די קרעפּטיקע, יונגע לייבער, ווערן צע־פלאַמטע באַקן ליידנשאַפטלאַך געקושט, געביסן פון דעם שאַרפן פראָסט; די ברוסט אָטעמט פריי, פריש, גערן; דאָס האַרץ קלאַפּט מו־טיקער, שטאַרקער און אַלץ ברענענדיקער ,שטאַרקער רייצט דער שטאַר־קער פראָסט.

איז עמיצער צופרידן, גליטשט ער זיך שטאַרק; איז עמיצער אויף עפּעס אין כּעס, גליטשט ער זיך אויף צו־להכעיס, נאָך שטאַרקער.

אָט האָט עפּעס איבערן אייז לויז אַ קלונג געטאָן: ס'איז ביי אַ מיידל, אין מיטן יאָגן זיך מיט איר חבר'טע, אַרונטערגעפאַלן איין גליטשער; דאָס מיידל פאַלט, די חבר'טע פּרוּווט זי אונטערכאַפּן — און פאַלט אַליין איינמאָל און נאָכאַמאָל, לאָזט אַ פּאָר מאָל אַרויס אַ קוויטש, צעלאָזט אין דער לופט די הענט, און קאָן קיים כאַפּן דאָס גלייכגעוויכט.

מיטאַמאָל אָבער:—

— פּף — פפפאַף! פּאַף!! — אַ שטאַרקער געררודער, אַ רעווע ווי פון אַ ווילד־צעררייצטן לייב, — אויף איינעם פון די ווייטערע בערג שפּרינגט אַרויף אַ שוואַרצער לאָקאָמאָטיוו, ס'זעצט אַ ווייסער רויך מיט שטיקער דיקע רויטע פלאַמען... וואַגאָנען; ליכטיקע פענסטער; פּנים'ער — טאַנצן, שפּרינגען... ס'האַלט זיך איין וואַגאָן אָנ'ם אַנדערן, איינער אינ'ם אַנדערן אין אַ לאַנגער, לאַנגער קייט. אָט גיט זיך די ראַשיקע קייט אַ שליידער אַהער, אַהין... ווידער אַן איפּטרייסלנדיקער רעווע און פאַרשווינדט, איבערלאָזנדיק צווישן די שוואַרצע ביימער עטלאַכע ווייסע וואָלקן רויך.

געפעלט דאָס די גליטשער, זיי וואָלטן דעם צוג דערפאַר אַפילו אַ דאַנק געזאָגט, וואָרים דער פּלוצלונגדיקער געררודער האָט זיי ווי פון דאָס ניי אויפגעטרייסלט און פון דאָס ניי ווי מיט נייעם כּח אָנגעפילט.

.3

אַ ווינטערנאַכט, אַ ווינטערנאַכט, אַ ווינטערנאַכט אין וואַן קאָרטלאַנד פּאַרק! צווישן אָנגעבעטע ווייסע בערג, וואָס ליגן צופרידן און רואיק און שטיל, ווייס געבלענדט און בלוי געשאָטנט, און נעמען אין זיך אַריין דאָס גערויש פון די גליטשער, אַזוי אַז ווען מען קוקט אויף זיי ווערט דער גאַנצער טומל איפּן אייז ראַנד ווי פאַרשלונגען, ווערט גאָר ווי אַ טייל פון זייער אויפגעלייגטער שטילקייט. און שטיל ווערט אַלץ.

נאָר אָט גיט אַ צי אַן אַנדער ווינט, עס ווערט לינדער... עס נעמען פאַלן פּוכקע, ווייסע שנייען. — דאָס נעמט זיך גאָר אַזוי אין מיטנדעריינען דער בלאַסער פעטער שנייער שפּרייטן זיינע גלייכגילטיק ווייסע ווינטער נעצן.

— פון וואַנען האָט זיך גענומען דער פעטער שנייער? ניט מען זעט און ניט מען ווייסט.

גליטשער נעמען זיך יאָגן פלייסיקער און ווערן אַלץ מער פאַרפלאָנטערט אין זיין נעץ. ס'ווערט שנייאיקער, געדיכטער, ס'ווערט שווער צו זען עטוואָס ווייטער פון זיך... לויפסט, לויפסט און פון דער ווייסער נעץ איז זיך ניט אַרויסצורייסן...

.4

פאַרן אַוועקגיין.

דער גליטש־פּלאַץ ווערט ליבער... בעט זיך — ממש — ביי יעדן: נעם כאַפּ אַריין נאָך אַ גליטש! נאָך איין מאָל גליטש זיך הורך דעם גאַנצן ראַנד!

דער עולם אָבער ווערט דאַך שיטערער. מען מוז מאָרגן פרי אויפ־שטיין. די פיס וועלן זיין שווער.

עס ווערט ליידיקער, פוסטער, ווערט דעם ווינט היימלאַכער, נעמט ער זיך אָפּקערן דעם שניי פון אייז; קערט ווי מיט ווייכע, ברייטע בעזי־מער, — עס הויבט זיך אויף אַ ווייסער שטויב, טראָגט זיך מיט אַ לייכטן בייזער...

אין אָט האָט ערגעץ אַ פּאָליסמאַן צוגעלייגט זיין פייפל צום מויל און אַרויסלאָזן אַ לאַנגן פייף. דער פייף האָט זיך אַ צוויי, דריי מאָל צעבראָכן, איז נאָכדעם ווידער אַהוועק גלייך. — האָבן באַלד אַלע אַנדערע פּאָליסלייט, וואָס אויף דער וואַך אַרום דעם אייז, גענומען פייפן. ס'צע־טראָגט זיך אַ טומלדיק פייפן אין דער נאַכט, ציט זיך איבער אַלעמענס קעפּ, שמייסט ווי מיט בייטשן:

— אַהיים, אַהיים! אַ־אַ־אַ־היים־מ־ם!

ווערט דער עולם ווילד, צעשראָקן, נעמט זיך מיט אימפּעט אַריינ־כאַפּן נאָך און נאָך אַ ראַנד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ערגעץ איבער ווייטע, ווייסע פעלדער גייט זיך דער פעטער שנייער בלאַס, פאַרטראַכט, מיט די צוויי ווייסע זילבער הערנער, וואָס הייבן זיך לבנה'שטראַליק פון זיין קאָפּ. און טריט שטעלט ער צום אייז צו, רואיקע, גלייכגילטיקע.

דוד איגנאַטאָוו.

## דער ווינט

איך ליב דער פרייען פייפנדיקן ווינט,
וואָס טראָגט זיך דורך דערפער און דורך שטעט;
וואָס לויפט איבער וועלדער מורא'דיק געשווינט
און ווייינט און לאַכט און שעלט און בעט —
געשווינט, געשווינט.

ער קומט צו מיר פון וועגן וויסט און לאַנג,
דער ווינט;
וואו ס'טראָגט זיך, יאָגט זיך באַן נאָך באַן;
וואו ס'הערט זיך בלויז דער שווערער רעדער־קלאַנג
און מיילנוויז קיין לעבן איז פאַראַן —
געשווינט, געשווינט.

ער קומט צו מיר פון טייכן און פון ים,
דער ווינט;
וואו ס'איז דער וואַל פאַר אים אַ ווילדער שפּיל;
וואו שיפלאַך קערט ער אום און וואַרפט זיי כתם,
און צוועק, און ציל —
געשווינט, געשווינט.

ער קומט צו מיר פון הייזלאַך־חורבות קליין,
דער ווינט;
און פון אַ קראַנק געצעלט;
און פון פּאַלאַצן ווייס און מאַרמאַר־שטיין,
בית־הקברות פעלד —
געשווינט, געשווינט.

ער קומט צו מיר אַ ווילדער און אַ פרייער,
דער ווינט;
איז אומעטום געווען און אַלץ געזען;
זיין פייף קלינגט שטענדיק פרישער מיר און נייער;
דערציילט מיר פון זיין גבורה׳דיקן ברען —
געשווינט, געשווינט.

און הער איך נאָר דעם פייף אין דרויסן,
פון ווינט, —
אַנטלויף איך ניט, באַהאַלטן זיך געשווינט:
כ׳האָב ליב דעם רויש, דעם ווילדן, גרויסן,
כ׳האָב ליב דעם פרייען, פייפנדיקן ווינט —
געשווינט, געשווינט.

י. א. ראָנטש.

# דער ווינט, וואָס איז געווען אין כעס

דער אַלטער ווינט האָט זיך מיד אַרומגעשלעפּט איבער די פאַרשנייטע פעלדער. ער איז אויסגעווען אין פיל שטעט און דערפער און אין ערגעץ האָט ער ניט גערוט. ער איז אַרומגעקראָכן איבער די אַלטע דעכער, האָט געקלאַפּט מיט די לאַנגע, קאַלטע פינגער אין די שויבן און געפייפט אין די קוימענס.

פלוצלונג איז געוואָרן אין די שטעט אַן אַדלינע. דער ווינט האָט קוים באַוויזן אַרויסצוקריכן פון אַ קוימען, וואו ער איז גראָד דערמאַלט געלעגן און גע־זונגען, און איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן אין די פעלדער.

קלאָר־ווייס פינקלט דער שניי אויף די פעלדער, בלוי איז דער הימל, און דער ווינט גייט אַזוי אַרום אַ פאַרמאַטערטער און זוכט אַן אָרט וואו זיך אָפּ־צורוען, דערזעט ער דאָרטן ווייט, וואו דער הימל ניסט זיך צונויף מיט פעלד, שטייט אַ דעמב. טראַכט זיך דער ווינט: „אונטערן דעמב וועל איך זיך לייגן אָפּרוען”. האָט ער זיך קוים דערשלעפּט צו יענעם אָרט און אַזוי אַן כחות איז ער אַנידערגעפאַלן אונטערן דעמב.

ליגט ער אַזוי, דער ווינט. ס׳פאַרמאַכן זיך אים די אויגן פון מידיקייט, און אָט־אָט האַלט ער שוין ביים איינשלאָפן. דערהערט ער פלוצלונג, ווי דער דעמב טוט אַ זאָג עפּעס מיט אַזאַ גראָבער שטימע אין דער וועלט אַריין:

— וואָס פאַר אַ חכם האָט זיך עס דאָרט אַנידערגעלייגט? עס שטעכט מיר אַזוי אויך פון קעלט אין די שפּיץ וואָרצלען!

זאָגט אים דער ווינט :

— זיי נישט אַזוי שלעכט, טייערער דעמב ! איך בין אַן אַלטער ווינט, אַ גייער. הײנטיקס יאָר האָב איך געוואָלט ווינטערן אין די שטעט, איז פּלוצלונג געוואָרן אַן אַדליגע, האָט מיר דאָרטן אַזוי פֿאַרכאַפּט דער אָטעם, אַז איך בין קוים אַנטלאָפֿן אין די פֿעלדער.

ענטפֿערט אים דער דעמב אַביסל ווייכער :

— טייערער ווינט ! ס'איז מיר איצטער זייער ניט גוט אויף'ן האַרצן. גראָד צו ווינטער צו בין איך געבליבן אַ נאַקעטער, אַן אַ שום בלאַט אויף די צווייגן און ווען איך זאָל ניט היטן די וואָרצלען אין דער ערד, ווער ווייס, צי וועל איך נאָך קענען אָפּלעבן אין פֿרילינג. גיי בעסער, טייערער, צו אַ ביסעלע ווייטער. דאָרטן ליגט ביים וועג אַ שטיין, וועסטו זיך אויף אים צוזעצן אָפּרוען.

הייבט זיך אויף דער אַלטער ווינט און גייט צום שטיין.

גייט ער, גייט ער, ערשט ער דערזעט, ווי עס ליגט ביי דער זייט פֿון וועג דער שטיין — אַ גרויסער און אַ שטומער. האָט ער זיך אויף אים צוגעזעצט, אַריינגעלייגט די הענט אַן אַרבל אין אַן אַרבל און געוואָלט שוין איינדרעמלען. האָט דער שטיין דערפֿילט, אַז עמיצער זיצט ביי אים אויפֿן פּלייצע, דערלאַנגט ער אַ ברום ווי פֿון אונטער דער נאָז :

— ווער איז דאָרטן ?

ענטפֿערט אים דער ווינט :

— איך.

פֿרעגט דער שטיין :

— ווער איז דער „איך ?"

ענטפֿערט אים דער ווינט :

— דאָס בין איך אַן אַלטער ווינט, אַ גייער. הײנטיקס יאָר האָב איך געוואָלט ווינטערן אין די שטעט, איז פּלוצלונג געוואָרן אַן אַדליגע, האָט מיר דאָרט פֿאַרכאַפּט דער אָטעם אַזוי, אַז איך בין אַנטלאָפֿן אין די פֿעלדער, האָב איך געוואָלט זיך לייגן אָפּרוען אונטערן דעמב, האָט דער דעמב געזאָגט, אַז איך דריק אים צופֿיל אויף די וואָרצלען און זיינע וואָרצלען זיינען אים טייער ווי דאָס לעבן...

— וואָרצלען, שמאָרצלען !...

דער שטיין איז דאָך אַ גרויסער שלעכטס, האָט ער אים איבערגעהאַקט אינמיטן. — „אַז מען וויל זיך אויף עמיצן אַרויפֿזעצן. דאַרף מען פֿרעגן, ניט מען וואַרפֿט זיך אַרויף סתם אַזוי... ס'איז מיר אַזוי אויך קאַלט און טרוקן אינעווייניק, אַז איך וועל באַלד מסתמא צעפּלאַצט ווערן, גייט ער נאָך און וואַרפֿט זיך אַרויף ! געהערט, וואָס אַ̇ אַלטער גייער קאָן ? !".

דער שטיין האָט פֿיינט געהאַט אַלעמען, וואָס קאָנען גיין און דער ווינט האָט עס ניט געוואוסט.

וואָס זאָל דער ווינט טאָן ? גייט ער ווייטער... דערווייל איז געוואָרן פֿאַרנאַכט. די זון איז פֿאַרגאַנגען. אין מערב-זייט האָט זיך עפּעס אָנגעצונדן, אַזוי ווי אַ גרויסע שרפֿה. דער ווייסער שניי איז ראָז געוואָרן און גרייפּעלאַך שניי ווייסינקע, ראָזינקע, בלאַינקע האָבן געפֿינקלט אויף אַלע פֿעלדער.

גייט זיך דער ווינט אַזוי מיטן וועג, אוודאי אַ שעה צייט, און קיין כוח האָט ער שוין ניט. דערזעט ער, — עס שטייט אַ גרויסע קרעטשמע מיט אַ

גרויסן, רויטן גאניק. איז אים ליכטיק געווארן אין די אויגן; אבער א וועקזעצן זיך ניט געפרעגטערהייט אויפן גאניק האט ער שוין מורא. טראכט ער זיך: „איך וועל א פרעג טאן ביים קרעטשמער, צי איך מעג זיך אפרוען ביי אים אויפן גאניק". גייט ער צו צום טיר און קלאפט אן:

— באלעבאס!

ענטפערט אים קיינער ניט. הויבט ער זיך שוין אן בעטן מיט א וויינענדיק קול:

— באלעבאס!

דאס מאל האט מען אים אויך ניט געענטפערט. דער קרעטשמער איז געלעגן אויפן אויוון און געשלאפן. צום מארק אין שטאט ארייז פארן דארף די פויערים מאנטיק, און דאס איז געווען דינסטיק, האט זיך דער קרעטשמער באטראכט: — „וויבאלד, אז קיין דורכפארער זיינען סיי־ווי־סיי דינסטיק ניטא, וועל איך זיך גאר לייגן אויפן אויוון שלאפן".

עפנט אויף דער ווינט פאמעלינקעס די טיר, שטעקט דעם קאפ אין שטוב אריין, ער וויל א קוק טאן, וואס איז דארטן.

דערווייל האט דעם קרעטשמער געגומען בלאזן א קאלטער ווינט אונטערן קאלנער, איז ער אראפגעשפרונגען אויסער זיך פון אויוון מיט א געשריי:

— אי, ווי צו מיר ניט, א צוק־ווינט! די טיר איז אפן!

דער ווינט האט קוים ארויסגעבאפט דעם קאפ פון צווישן טיר. ער האט גענומען לויפן אן אן אטעם מיטן וועג און הינטער זיך הערט ער ווי דער קרעטשמער שרייט און שילט זיך.

איז דער ווינט אין כעס געווארן אויף דער גאנצער וועלט. קיינער לאזט אים זיך ניט אויסרוען, בעת ס'איז אים שלעכט. ער האט זיך אוועקגעשטעלט, אזוי ווי א גיבור, אין מיטן פעלד, ער האט פארקאשערט די ארבל, אנגעגורט די לענדן און גענומען פאר צרות בלאזן מיט אלע כוחות. דער שניי האט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד און אזוי ווי זילבערנע מעל, אנגעהויבן זיך שיטן צוריק אויף דער ערד...

דער ווינט האט אלץ געבלאזן מיט אלע כוחות. נאכדעם האט ער אנגעהויבן פייפן, בלאזן און פייפן, פייפן און בלאזן, און עס איז געווארן א זאווערוכע און ס'איז געווארן א דרייענייש, און א פייפענייש, און א שרייענייש; און דער שניי האט זיך גענומען דרייען און ווארפן און אזוי ווי ווייסע האנטעכער וואלטן ארומגעפליגן אין דער לופטן. און דער ווינט האט אנגעהויבן וויינען. האט ער געוויינט ווי א קליין קינד, אן אן אויפהער. נאכדעם האט ער גענומען וואיען, אזוי ווי א הונט, און געוואיעט, און געשאטן מיט שניי, און געשריען, און עס איז געווארן פינסטער, מער ניט די ווייסע שנייעלאך האבן זיך געזען. און די ווייסע שנייעלאך האבן זיך געשאטן אין דער פינסטער, געשאטן זיך פון הימל אויף דער ערד און פון דער ערד צום הימל. און דער ווינט האט אנגעהויבן מיאוקען, וויינען, מיאוקען און וויינען, אזוי ווי קעץ וויינען ביינאכט אינדערפינסטער. און עס איז געווארן א גרויסע זאווערוכע. דער ווינט האט פארשאטן אלע וועגן. די פורמאנעס, וואס זיינען געפארן אין וועג, האבן אפגעשטעלט זייערע פערד. מע זעט ניט, וואוהין צו פארן. שטייענדיק ביי זייערע וועגענער סחורה, האבן זיי אונטערגעשפרונגען, געקלאפט מיט די הענט אונטער די פאכוועס און געוואונדערט זיך:

— סאַר אַ שטורמווינט!
— סאַר אַ ווירבער!
— קיינמאָל האָט נאָך ניט געטראָפן אַזאַ זאַווערוכע!
ארום די דערפער און ארום די שטעטלאך האָבן זיך אנגעשאָטן בערג פון שניי. הינט זיינען געשטאַנען ביי זייערע נאָרעס מיט אויסגעצויגענע העלזער און געוואָיעט. אומעטום האָט מען פאַרמאַכט די לאָדנס, פאַרריגלט גוט די טירן, נאָר דער ווינט האָט געקלאַפּט אין די אושאַקעס פון די טירן, ער האָט זיך אָנגעשטעלט ביי די קוימענס און געוויינט אַזוי, אַז די גאַנצע וועלט זאָל הערן. מע האָט ניט געקאָנט איינשלאָפן אויף די גלעקער און אַפילו גרויסע מענטשן האָבן ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

---

און אין ערגעץ אַ קליין אָרעם שטיבעלע, וואָס איז געשטאַנען ביים עק שטאָט, האָט געוואוינט אַן אָרעמע פרוי מיט צוויי קינדערלאך. דער ווינט האָט פאַרשאָטן מיט שניי דאָס גאַנצע שטיבעלע. די קינדערלאך האָבן זיך געטוליעט צו זייער מוטער: זיי האָבן זיך געשראָקן פאַרן ווינט. די מאַמע האָט זיי געגלעט איבער די קעפּעלאך און געוואָלט איינשלעפערן, עס האָט אָבער געקלאַפּט דער ווינט אין די פענסטער און ניט געלאָזן שלאָפן.
— מאַמע, גיי בעט ביים ווינט, ער זאָל ניט קלאַפּן אַזוי אין די פענסטער!
דער ווינט איז געשטאַנען הינטער דער וואַנט, ער האָט געהערט וואָס די קינדערלאך פאָדערן פון זייער מאַמען, עס האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ. דער גוטער ווינט איז אָבער געווען אין כעס אויף דער וועלט.
— מאַמע, גיי בעט ביים ווינט, ער זאָל ניט וויינען אַזוי אין קוימען!
דער ווינט האָט זיך נאָך מער צעוויינט. עס האָט אים ווי געטאָן, וואָס ער לעבט אָפּ זיין גאַנצן לעבן, אַזוי ווי אַ הונט נאָר אין דרויסן, און קליינע קינדערלאך שרעקן זיך פאַר אים.
— מאַמע, גיי בעט ביים ווינט, ער זאָל אויפהערן צו זיין אין כעס!
די מאַמע האָט אויף גיך אָנגעטאָן אַ פּאַטשיילע, זי האָט אויפגעעפנט די טיר פון פירהויז: עס איז פינסטער. האָט זי זיך אָװעקגעשטעלט אויף דער שוועל און געזאָגט אין דער פינסטערניש:
— ווינט, ווינט, הער אויף צו זיין אין כעס!
האָט איר דער ווינט ניט געהערט. ער האָט זיך נאָך מער צעבייזערט און אַ שאָט געגעבן דער מאַמען אין פּנים אַריין אַ פולן הויפן שניי. האָט די מאַמע אָפּגעווישט דעם שניי פון פּנים און געזאָגט צום ווינט אַ צווייטן מאָל:
— ווינט, גוטער ווינט, באַטראַכט זיך וואָס דו טוסט!
האָט איר דער ווינט דאָס מאָל אויך ניט געהערט, נאָר אין פּנים האָט ער שוין מיט שניי ניט געשאָטן.
האָט די מאַמע זיך דערמאָלט געווענדט צום ווינט מיט טרערן אין די אויגן:
— ווינט, טייערער ווינט, טו צוליב די קליינע קינדערלאך וועגן!
איז דער ווינט באַלד שטילער געוואָרן. דער שניי האָט ביסלאַכווייז אויפגעהערט צו שיטן. הינטער די ראַגן פון די שטיבער האָט זיך נאָך געהערט אַ

פארשטיקטער געוויין, נאר אלץ שטיל און שטילער, ביז ער האט אינגאנצן אויפ־געהערט.

דער ווינט האט זיך איבערגעבעטן...

---

אינדערפרי האבן אינגלאך אראפגערוקט די היטלען ביז איבער די אויערן, האבן אנגעטאן גרויסע הענטשקעס, גענומען רידלען אין די הענט און אפגעקערט דעם שניי, וואס האט פארשאטן אלע טירן.

משה קולבאק.



## ווען כ׳צינד די ליכטלאך אן די אכט...

פארלאשן זיינען מיינע שטערן
און פינסטער איז די לאנגע נאכט.
דאך הויבט מיר ליכטיק אן צו ווערן,
ווען כ׳צינד די ליכטלאך אן די אכט!

מיין מאכט און שטאלץ איז לאנג אריבער,
דער ווילדער שונא שפאט און לאכט;
עס לעבט דאך אויף דער אלטער גבור,
ווען כ׳צינד די ליכטלאך אן די אכט!

עס שטומען אלע מיינע לידער
פון גבורה, העלדנטאט און מאכט,
דאך קלינגען זיי אין הארץ מיר ווידער,
ווען כ׳צינד די ליכטלאך אן די אכט!

אן אלטע טרער מיין אויג פארטונקלט
און האט עס שיר ניט בלינד געמאכט,
דאך זעט צוריק ווי העל עס פינקלט,
ווען כ׳צינד די ליכטלאך אן די אכט...

אברהם רייזען

# חנוכה־געלט

## א.



טרעפט, קינדער, וואָסער יום־טוב איז דער בעסטער פון אַלע ימים־טובים — חנוכה!

אַכט טעג כסדר נישט גיין אין חדר, עסן לאַטקעס מיט שמאַלץ, שפּילן אין דריידל און באַקומען פון אַלע זייטן חנוכה־געלט. נו, באַדאַרף מען נאָך אַ בעסערן יום־טוב?

ווינטער. דרויסן איז קאַלט. דער פראָסט ברענט מיט סכנות. די פענסטער זיינען פאַרקאָוועט, באַדעקט מיט שניי, צעמאָלט אויפן שענסטן אַרט. און אין שטוב איז וואַרים — מחיה נפשות. דאָס זילבערנע חנוכה־לעמפּל שטייט צוגעגרייט נאָך פון ביי טאָג. דער טאַטע גייט אום איבערן שטוב, די הענט אַרונטער, און דאַוונט מעריב. אויסגעשטאַנען שמונה־עשרה, נעמט ער אַרויס פון טישקעסטל אַ וועקסן ליכטל (דעם שמש), זאָגט „עלינו“ און מאַכט צו אונז (צו מיר מיט מיין אינגערן ברודער מאָטל) אויף לשון קודש:

— אי, אַ, נו! . . . אמי! . . . אמי!

איך און מיין ברודער מאָטל לאָזן זיך לויפן ביידע איינס איבערן אַנדערן.

— מאַמע! גיכער, חנוכה־ליכטלאַך!

— אוי, אַ מכה איז מיר, חנוכה־ליכטלאַך! — זאָגט די מאַמע און וואַרפט אַוועק אַלע אַרבעט אין קיך (מע האָט געקוילעט גענז, מע פּרעגלט שמאַלץ, מע האָט געראַשטשינעט לאַטקעס) און לאָזט זיך לויפן אין שטוב אַריין, און נאָך איר — בריינע די קעכן, אַ שוואַרצע אידענע מיט וואָנצן, מיט אַ פעט פּנים און מיט תמיד פעטע אויסגעשמירטע הענט. די מאַמע שטעלט זיך אַוועק אָן אַ זייט און מאַכט אַ פרום פּנים, און ברײנע די קעכן בלייבט שטיין ביי דער טיר, ווישט די הענט אינם קויטיקן פאַרטוך, טוט אַ שמיר מיט דער פעטער האַנט איבער דער נאָז פון אונטן אַרויף און לאָזט איבער אַ שוואַרצן צייכן איבערן פּנים. מיר זיינען שטאַרקער פון אייזן, איך און מיין ברודער מאָטל, אַז מיר האַלטן זיך איין און שיסן ניט אויס קיין געלעכטער.

דער טאַטע גייט צו מיטן אָנגעצונדענעם שמש צום חנוכה־לעמפּל, בויגט זיך אָן און מאַכט די ברכה מיטן באַקאַנטן ניגון: „ברוך אתה!“ און לאָזט אויס: „להדליק נר של חנוכה!“

די מאַמע ענטפערט מיט גרויס יראת־שמים: „ברוך הוא וברוך שמו, אָמן“, און ברײנע שאָקלט צו מיטן קאָפּ און מאַכט בשעת מעשה אַזעלכע פּיסקעס, אַז איך און מיין ברודער מאָטל האָבן מורא אַ קוק טאָן איינס אויף דאָס אַנדערע.

„הנרות הללו שאנו מדליקין“ — זינגט דער טאַטע אונטער דער נאָז און שפּאַצירט אַרום הין און צוריק איבערן זאַל, קוקט אויפן חנוכה־לעמפּל, זאָגט און זאָגט און הערט גאָר ניט אויף צו זאָגן. מיר וואָלטן וועלן, עס זאָל שוין האָבן אַן עק, ער זאָל זיך שוין נעמען צו דער קעשענע, צום בייטעלע. מיר ווינקען זיך איבער, שטופּן אונטער איינס דאָס אַנדערע:

— מאטל, גיי צו, זאג אים חנוכה־געלט.
— וואס עפעס איך זאל זאגן חנוכה־געלט?
— אזוי, ווארים דו ביסט קלענער, באדארפסטו בעטן חנוכה־געלד.
— טאמער פארקערט, דו ביסט עלטער, באדארפסטו בעטן חנוכה־געלט?

דער טאטע הערט גאנץ גוט, אז מיר רעדן פון חנוכה־געלט, נאר ער מאכט זיך ווי ער הערט ניט. שטיל, ניט געכאפט, גייט ער צו צום טישקעסטל און ציילט געלט. עס גייט אונז איבער א קליין פרעסטל איבערן לייב, עס ציטערן די הענט, עס קלאפט דאס הארץ. מיר קוקן אויף דער סטעליע, קראצן זיך אונטער דער פאה, מאכן זיך, כלומרשט, קאלטבלוטיק, גלייך ווי ניט אונז מיינט מען.

דער טאטע טוט א הוסט.

— המ... קינדער, קומט נאר אהער.
— הא? וואס איז?
— נאט אייך חנוכה־געלט.

באקומען אונזער חנוכה־געלט, לאזן מיר זיך גיין, איך און מיין ברודער מאטל, פריער פאוואליע, ווי די סטאטיקעס, און נאכדעם גיכער און גיכער, מיט א שפרונג אונטער און מיט א טענצל, און ביז מיר קומען אין אונזער חדר'ל אריין, קאנען מיר זיך ניט איינהאלטן, קוליען זיך איבער דריי מאל מיטן קאפ אראפ, מיט די פיס ארויף, שפרינגען אויף איין פוס און זינגען אונטער:

איינגע ביינגע,
סטופא ציינגע,
ארצע בארצע,
גאלע שווארצע,
איימעלע ריימעלע
ביינעלע פיינעלע, —
האפ!

און פאר גרויס שמחה און התפעלות גיבן מיר זיך אליין צו צוויי פעטש אין די באקן.

עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אריין דער פעטער בעני.

— חברה פלעצל, אייך קומט חנוכה־געלט!

דער פעטער בעני לייגט אריין די הענט אין ווײַלעט־קעשענע, נעמט ארויס צוויי זילבערנע גילדן און גיט אונז חנוכה־געלט.

ב.

קיינער אין דער וועלט וועט ניט זאגן, אז דער טאטע און דער פעטער בעני זיינען ברידער. דער טאטע א הויכער, א דארער, דער פעטער בעני — א קורצער, א גראבער; דער טאטע — א שווארצער, דער פעטער בעני — א געלער; דער טאטע א מרה־שחורהדיקער, א שווייגער, דער פעטער בעני — א פרייליכער, א רעדנער. טאג מיט נאכט, זומער און ווינטער — און דאך איינגע ברידער.

דער טאטע נעמט א גרויסן בויגן פאפיר, צעווירעט אויף קעסטעלאך, שווארצע און ווייסע, הייסט אריינטראגן פון קיך פאבאליעס, שווארצע און ווייסע — דאס וועט זיין א דאמינע.

די מאַמע איז אין קיך, פּרעגלט שמאַלץ און באַקט לאַטקעס. איך מיט מיין ברודער מאָטל שפּילן אין דריידל „נס גדול היה שם" און דער טאַטע מיטן פעטער בעניז זעצן זיך אַוועק שפּילן אין דאַמינע.

— איין זאַך וועל איך דיך בעטן, בעני, בלא חרטה ובלא דריי.

דאָס הייסט: אַ גאַנג זאָל זיין אַ גאַנג! — זאָגט דער טאַטע. — אַ גאַנג איז אַ גאַנג — זאָגט דער פעטער בעני און גייט אַ גאַנג.

— אַ גאַנג איז אַ גאַנג — זאָגט דער טאַטע און שלאָגט אָפּ דעם פעטער בענים אַ ציגל.

— אַ גאַנג איז אַ גאַנג — זאָגט דער פעטער בעני און שלאָגט אָפּ דעם טאַטנס צוויי ציגלאַך.

וואָס ווייטער לאָזן זיי זיך אַריין אין דער שפּיל אַלץ טיפער, קייען בשעת מעשה די בערד, טרייסלען מיט די פיס אונטערן טיש און זינגען שטי־לערהייט ביידע איין לידל.

— אוי, וואָס טוט מען, וואָס טוט מען, וואָס טוט מען? — זאָגט דער טאַטע מיט אַ ניגון פון דער גמרא און קייט אַן עק באָרד — זאָל איך גיין אַהער? וועט ער גיין אַהין. וועל איך גיין אַהין? וועט ער גיין אַהער. באַדאַרף מען בע־סער גיין אַזאַ מין גאַנג.

— אַזאַ מין גאַנג, אַזאַ מין גאַנג — העלפט אים אונטער דער פעטער בעני מיטן זעלבן נוסח.

— וואָס־זשע באַדאַרף איך מורא האָבן? — זינגט דער טאַטע ווייטער. טאָמער שלאָגט ער מיר אָפּ איין ציגל? וועל איך ביי אים צונעמען צוויי ציג־לאַך. אי וואָס? טאָמער מיינט ער מיר שלאָגן דריי ציגלאַך?

— דריי ציגלאַך, דריי ציגלאַך, דריי ציגלאַך? — העלפט אים אונטער דער פעטער בעני.

— אוי ביסטו אַ טיפּש, בעני, אַ טיפּש און אַ גרויסער! — זאָגט דער טאַטע און גייט אַ גאַנג.

— ביסט אַליין אַ טיפּש, מיין ברודער, און נאָך אַ גרעסערער! — זאָגט דער פעטער בעני און גייט אַ גאַנג און פאַרכאַפּט זיך באַלד צוריק.

— פע, בעני, מיר האָבן דאָך גערעדט, אַ גאַנג איז אַ גאַנג! — זאָגט דער טאַטע שוין אָן אַ ניגון און כאַפּט דעם פעטער בעני פאַר דער האַנט.

— אַ גוטער משל — זאָגט דער פעטער בעני — כל זמן איך האַלט אינ־מיטן אַ גאַנג, מעג איך מיר גיין וואוהין איך וויל.

— ניין! — זאָגט דער טאַטע — אַ גאַנג איז פאַרפאַלן! מיר האָבן דאָך עפּעס געשמועסט, בעני, בלא חרטה, בעני, בלא דריי!

— חרטה — זאָגט דער פעטער בעני — וויפיל מאָל מאַכט זיך, אַז דו האָסט חרטה?

— איך? — זאָגט דער טאַטע — ע, בעני, דערפאַר האָב איך דאָך פיינט מיט דיר צו שפּילן אין דאַמינע!

— ווער־זשע נויט דיך, זאָלסט מיט מיר שפּילן?

— שוין? מע קריגט זיך שוין איבער אַ פּאַסאַלקעלע? — רופט זיך אָן די מאַמע און קומט אָן פון קיך מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים און נאָך איר ברײנע מיט אַ גרויסן פאַלומעסיק מיט הייסע לאַטקעס מיט שמאַלץ, פון די לאַטקעס זעצט אַ פּאַרע. אַלע לאָזן זיך צום טיש. איך און מיין ברודער מאָטל, וואָס

האָבן זיך פריער אָביסל געקריגט, געריסן ווי די קעץ, בעטן זיך גיך איבער, ווערן שלום און זעצן זיך צו די לאַטקעס מיט גרויס כוונה.

ג.

— אַנו. מאָטל, לאָמיר זיך קאָרשט נעמען צו דער אַרבעט, אויסרעכענען, וויפיל האָבן מיר אונזער אייגנס חנוכּה־געלט? נאָר ווייסטו וואָס? דו שווייג, פריער וועל איך איבערציילן מיינס, נאָכדעם ציילן דיינס. און איך צייל: אַ קערבל מיט דריי צוואַנציקער, מיט פיר גילדן, מיט פינף גריוונעס, מיט זעקס פיטאַקלאַך, וויפיל מאַכט דאָס אינאיינעם? אַ פּנים אַזוי גרויס ווי אַ קערבל מיט דריי צוואַנציקער, מיט פיר גילדן, מיט פינף גריוונעס, מיט זעקס פיטאַק־לאַך... מיין ברודער מאָטל וויל נישט וואַרטן ביז איך וועל ענדיקן מיין חשבון און ער נעמט זיך צו זיינע קאַפּיטאַלן, ער לייגט פון איין האַנט אין דער אַנ־דערער און ציילט:

— אַ צוואַנציקער און אַ צוואַנציקער איז צוויי צוואַנציקער. און נאָך אַ צוואַנציקער אין דריי צוואַנציקער, און צוויי גילדן און דריי צוואַנציקער מיט צוויי גילדן, און אַ גריוונע און נאָך אַ גריוונע און נאָך אַ גריוונע, איז אינאיינעם צוויי צוואַנציקער מיט דריי גילדן, מיין איך דריי גילדן מיט צוויי צוואַנציקער. טפו, וואָס רייד איך? מע באַדאַרף אָנהויבן נאָך אַמאָל פון אָנהויב. און ער הויבט אָן נאָך אַמאָל פון אָנהויב. מיר ציילן און ציילן און קאָנען ניט איבער־ציילן; מיר רעכענען און רעכענען און קאָנען ניט אויסרעכענען, און אַז עס קומט צום פעטער משה־אַהרנס אַלטע פיטאַקעס, שווערע זעקסערס, אָפּגעריבענע דרייערס און אָנגעשוואָלענע גראָשנס, פאַרפּלאָנטערן מיר זיך אַזוי שטאַרק אין חשבון, אַז מיר ווייסן שוין גאָרנישט, וואו מיר זיינען אין דער וועלט. מיר פּרואוון זיך אויסבייטן די דאָזיקע מטבעות ביי דער מאַמען, ביים טאַטן, ביי ברײנע די קעכן — עס גייט ניט. קיינער וויל זיי ניט נעמען אין די הענט אַריין!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פיטאַקעס? ווער האָט דאָס אייך אַריינגערוקט אַזאַ געלט?

מיר שעמען זיך אויסצוזאָגן און מאַכן אַ שוויי.

ביינאַכט איבן געלעגער ליג איך און טראַכט: וויפיל קאָן זיין, אַ שטייגער, ביי מיר צונויפקלייבן, אַז אַלע פעטערס און אַלע מומעס מיט אַלע קרובים וועלן מיר געבן חנוכּה־געלט? ראשית חכמה דער פעטער משה־אַהרן, דער מאַ־מעס ברודער, אַפּילו זייער אַ קאַרגער, נאָר אַ נגיד, נאָכדעם דער פעטער איצע און די מומע הבורה, וואָס דער טאַטע און די מאַמע זיינען מיט זיי ברוגז שוין פון כּמה וכמה יאָרן. היינט דער פעטער ביניש און די מומע יענטע? היינט וואו איז אונזער שוועסטער אידל? און איר מאַן שליב־זיידל? און אַלע איבעריקע קרובים?

— מאָטל, דו שלאָפסט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— וויפיל מיינסטו וועט אונז געבן דער פעטער משה־אהרן חנוכּה־געלט?

— פון וואַנען זאָל איך וויסן, איך בין אַ נביא?

אין אַ מינוט אַרום:

— מאָטל, דו שלאָפסט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— עמיצער האט אזויפיל פעטערס מיט אזויפיל מומעס ?
— אדער יא, אדער ניין.
אין צוויי מינוט ארום :
— מאטל, דו שלאפסט ?
— יא, וואס איז דען ?
— וויבאלד דו שלאפסט, היינט ווי אזוי רעדסטו מיט מיר ?
— דו פרעגסט דאך מיך, מוז איך דיר ענטפערן.
אין דריי מינוט ארום :
— מאטל, דו שלאפסט ?
— טססס — טררר — כילכולכיל — טססס...

מאטל כראפעט, כארכלט, פייפט מיט דער נאז, און איך זעץ מיך אויף אויף מיין בעטל, נעם ארויס מיין קערבל, גלעט דאס, באטראכט דאס. דאכט זיך וואס ? — טראכט איך מיר — א שטיקל פאפיר, און וואס קאן מען דערפאר ניט קויפן ? צאצקעס, מעסערלאך, שטעקעלאך, בייטעלאך, ניס און קאנפעקטן און ראזינקעס און באקסערן, און וואס ניט ? איך באהאלט דאס קערבל צוקאפנס אונטערן קישן. קומט ארייו ברײנע פון קיך מיט א פולן פאלומעסיק מיט קערבלאך... ברײנע גייט ניט, נאר זי שוועבט אין דער לופטן, זינגט הנרות הללו שאנו מדליקין. און מאטל שלינגט קערבלאך ווי די האלישקעס. „מאטל — שריי איך מיט אלע כוחות — גאט איז מיט דיר, מאטל, וואס טוסטו ? קערבלאך ? ? ?“

איך כאפ זיך אויף און שפיי אויס דריי מאל : „טפו — טפו — טפו א חלום“ ! און ווער אנטשלאפן.

שלום־עליכם.



מתתיהו

# דאָס שרעטעלע

### א.



ווען מען זאָל פרעגן משה'לען, וועמען האָט ער בעסער ליב, וואָלט ער געענטפערט: — „טאַטע־מאַמע און דאָס זילבערנע לעמפל"!

קיין בעסערער פריילאַכער יום־טוב ווי די טעג, ווען מען האָט אַרויסגענומען דאָס זילבערנע לעמפל און אָנגעצונדן חנוכה־ליכטלאַך, איז פאַר משה'לען ניט געווען. ווי די מאַמע האָט עס אַרומגע־פוצט לכבוד חנוכה, פלעגט משה'לע לעבעדיק און פריילאַך ווערן. מיט ליבע גלעט ער דאָס זילבערנע לעמפל און רעדט זיך פריינטלאַך איבער מיט דעם געגילדעטן לייבעלע און מיט די צוויי פייגעלאַך פון ביידע זייטן וואָס געפינען זיך אויפן ווענטל פון דעם חנוכה־לעמפל.

— מאָרגן וועט זיין חנוכה, דער טאַטע וועט אָנצינדן די חנוכה־ליכט־לאַך, און אונז וועט זיין אַזוי פריילאַך, אַזוי גוט — זאָגט ער, אונטערטאַנצנדיק, און גיט אַ גלעט דעם לעמפעלע מיט די פייגעלאַך. און גוט און פריילאַך איז טאַקע געווען. דער שטענדיקער פאַרזאָרגטער טאַטע איז געוואָרן גוט און ווייך, ווען ער האָט אָנגעצונדן דאָס ערשטע פייערל אין חנוכה־לעמפל און מיט אַ פריי־לאַכן, שיינעם ניגון געזאָגט די ברכה. די מאַמע איז אויך געשטאַנען דערביי און האָט משה'לען ניט געטריבן פון איר פאַרטוך, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט צו האַלטן, זיך טוליענדיק צו דער מאַמען. דער טאַטע בענטשט אָפּ חנוכה־ליכט און זאָגט אים:

— משה'לע, קום נאָר אַהער!

און משה'לע רייסט זיך אַרויס פון דער מאַמעס פאַרטוך און לויפט צו צו אים.

— דו ווילסט חנוכה־געלט? — זאָגט דער טאַטע, און ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, לייגט ער אַריין די האַנט טיף אין קעשענע און נעמט פאַמע־לאַך אַרויס אַ רובל.

— אָט האָסטו, משה'לע, אַ גאַנצן רובל חנוכה־געלט. איבעראיאָר אם־ירצה־השם, וועל איך דיר געבן צוויי רובל.

משה'לע לויפט אַרום איבער דער שטוב, שטעלט זיך אַלע ווײַלע אָפּ ביים לעמפל און באַטראַכט דעם גאַנצן רובל.

— וואו איז ער ערגעץ? משה'לע, וואו ביסטו ערגעץ? — רופט דער פע־טער.

משה'לע לויפט און כאַפּט פון פעטער חנוכה־געלט.

דערנאָך קומט די מומע יענטע, קריגט ער ווייטער געלט. דערנאָך קומט ר' איטשע־בער מיט דעם גרויסן בויך, אויף וועלכן עס הענגט אַ גראָבע גאָלדענע קייט, צוגעטשעפּעט צום קעשענע זייגער. ער האָט שטענדיק מיט זיין טאַטן געשעפטן. אויסער אַ זילבערנעם פּערציקער, האָט ער אים געשענקט אַ זייגערל, וואָס גייט ניט און קלאַפּט ניט, נאָר עס האָט אַ ציפערבלאַט. ווער עס איז נאָר

אריינגעקומען צו זיי אין שטוב, אייגענע קרובים און גוטע באַקאַנטע, האָבן אים געגעבן חנוכה־געלט. און אַזוי יעדן טאָג, ביים צווייטן, ביים דריטן און ביים פערטן ליכטל.

וואָס ווייטער אַלץ פולער ווערט משה'לעס קעשענע מיט חנוכה־געלט און מיט פאַרשיידענע שפּילכלאַך און מיט „גוטע זאַכן". עס איז דאָס פינפטע ליכטל. די מאַמע באַקט לאַטקעס, און די פעטערס, מומעס און די גוטע באַקאַנטע זיינען פאַרבעטן. דערווייל זיצן אַלע אַרום דעם טיש און מען שפּילט אין „קוויטלאַך" און אין קאָרטן. משה'לע מיט זיין פולער קעשענע חנוכה־געלט שטייט לעבן זיין ליב זילבערן לעמפּל און קוקט, ווי די פינף פייערלאַך ברענען און טאַנצן אַזוי פריילעך און שפּיגלען זיך אָפּ אין זילבערנעם ווענטל פון לעמפּל, אַזוי אַז צוזאַמען ציילט ער איבער צען פייערלאַך. דאָס גאָלדענע לייבעלע און די צוויי פייגעלאַך זיינען נאָך שענער, ווי לעבעדיקע, צוליב די שיינע פייער־לאַך, וואָס באַלייכטן זיי, און משה'לען איז אַזוי גוט און יום־טוב'דיק אויפן האַרצן...

אַ גליקלאַכער, פון גרויס פאַרגעניגן, ווערט ער אין די חנוכה־נעכט זיס און נעשמאַק איינגעשלאָפן.

די טייערע, ליבע חנוכה־טעג געדענקט משה'לע אַ גאַנץ יאָר.

## ב.

עס האָט זיך ווידער אַנגערוקט די צייט, ווען עס דאַרף באַלד זיין חנוכה. עס איז ווינטער, עס איז קאַלט, מען הייצט שוין לאַנג אין די הרובעס. אין דרויסן איז אַ פראָסט, עס שיט אַ שניי, און משה'לע וואַרט אויף די טייערע חנוכה־טעג מיט גרויס שמחה.

היינט אויפדערנאַכט בענטשט מען דאָס ערשטע ליכטל, און משה'לע דערזעט מיט שרעק, ווי דער טאַטע נעמט אַ קאַרטאָפל, צעשניידט זי גלייך אויף צווייען, שניידט אויס פון יעדע האַלבע אינווייניק צו שטיקלאַך, אַזוי אַז זיי זעען דערנאָך אויס ווי צוויי שיסעלאַך — אין איינע לייגט ער אריין אַ שטיקל פּאַדים און גיסט אָן בוימל, מאַכט די ברכה און צינדט אָן דאָס קנייטל. משה'לען איז אַפילו אין אַנהויב געפעלן די קונציקע אַרבעט, וואָס זיין טאַטע האָט געמאַכט מיט דער קאַרטאָפל. נאָר באַלד ווי דאָס פייערל האָט זיך אָנגע־צונדן, איז אים עפּעס טרויעריק געוואָרן אויף דעם האַרצן. דאָס עלנדע פייערל אין דער שוואַרצער קאַרטאָפל ברענט אַזוי טונקל, האָט זיך ניט וואו אָפּצו־שפּיגלען, אַזוי ווי אין דעם זילבערנעם לעמפּל.

— וואו איז דאָס זילבערנע לעמפּל ? — פרעגט ער די מאַמען מיט מורא.

נאָר ער באַקומט ניט פון קיינעם קיין ענטפער. ער זעט, ווי די מאַמע גייט אַוועק אין אַ ווינקעלע און ווישט זיך שטיל די אויגן מיט דעם פאַרטוך. זי באַ־האַלט זיך אין ווינקל. משה'לע האָט מורא צוצוגיין צו דער מאַמען. די מאַמע גייט אַוועק און משה'לע בלייבט אַליין אין שטוב. ער וואַרט, דער טאַטע זאָל אים רופן ווי אַלע יאָר : „משה'לע, ווילסט חנוכה־געלט ?" און היינט וועט ער אים געבן מער ווי פאַראַיאָרן, ווייל ער איז שוין היינט אַ גרויסער בחור, שוין עלטער מיט אַ יאָר.

נאָר קיינער רופט אים ניט.

ער גייט אַוועק אין צווייטן צימער, וואו דער טאַטע איז, נאָר דער טאַטע

באמערקט אים אפילו ניט, ער איז פארזארגט ווי א גאנץ יאר; קיין פעטערס, קיין מומעס און קיין באקאנטע קומען ניט; אפילו ר׳ איטשע־בער מיטן גרויסן בויך און מיט דער גאלדענער קייט קומט ניט. קיינער קומט ניט און קיינער גיט אים ניט קיין חנוכה־געלט.

אויף דעם צווייטן טאג האט ער באגעגנט אין גאס א פאר פון זיין טאטנס באקאנטע, וועלכע האבן אים פאראיארן געגעבן חנוכה־געלט. ער האט געקוקט אויף זיי, נאר זיי האבן זיך איצטער אפילו ניט אומגעקוקט אויף אים.

שבת, ווען ער איז מיט דעם טאטן געגאנגען אין שול דאוונען, האט ער דאס ערשטע מאל באמערקט, ווי קיינער פון זיין טאטנס באקאנטע קוקן זיך אפילו ניט אום אויף אים, בשעת ווען פריער פלעגן זיי אים אפילו ניט דורכלאזן, דער האט אים געזאגט: „משה׳לע, דו ביסט א וואויל אינגל!“ דער האט אים מיט ליבשאפט א גלעט געטאן איבערן בעקל; אפט האט ער געהערט, ווי די באקאנטע האבן געזאגט זיין טאטן, אז משה׳לע איז א טייער קינד און האבן זיך זעלבסט געוואונשן, אז זייערע קינדער זאלן אזוי זיין. אומעטום האט מען אים געלויבט און געפיעשטשעט.

ערשט איצטער, פון יענער צייט, זינט דאס זילבערנע לעמפל געפינט זיך ניט ביי זיי אין שטוב, האט ער באמערקט, ווי מען האט אים אויפגעהערט צו לויבן און קיינער דערמאנט אפילו ניט זיין נאמען.

משה׳לע האט שטארק חשק באקומען, אלע זאלן אים ווידער לויבן, גלעטן און פיעשטשען, ווי אין דער צייט, ווען דאס זילבערנע לעמפל איז געווען.

חנוכה איז שוין לאנג אוועקגעגאנגען אן א גראשן חנוכה־געלט און אן לאטקעס. משה׳לע פלעגט טאג מיט נאכט ניט אויפהערן צו טראכטן פון די צייטן, ווען דאס זילבערנע לעמפל איז ביי זיי אין שטוב געווען. ווי גוט איז דענסטמאל געווען, דער טאטע מיט דער מאמען זיינען געווען גוט צו אים, אין שטוב איז געווען פריילאך, עס פלעגן קומען א סך מענטשן, אלע פלעגן מיט אים ריידן, אלע פלעגן אים שענקען מתנות און גוטע זאכן, און איצטער איז אזוי שטיל און טרויעריק...

און וואו איז דאס זילבערנע לעמפל? פלעגט זיך משה׳לע אפט פרעגן. זינט ער האט געפרעגט וועגן דעם דער מאמען, און זי האט אים דערפאר פון פארטוך אפגעריסן, פרעגט ער מער קיינעם ניט, נאר אליין הערט ער ניט אויף צו טראכטן וועגן זיין ליב זילבערן לעמפל מיט דעם שיינעם לייבעלע און די טייערע פייגעלאך.

משה׳לע הערט ניט אויף צו זוכן דאס לעמפל, טאמער וועט ער עס געפינען אדער באגעגענען, אבער עס גייט אוועק א צייט און ער געפינט עס ניט.

אבער די האפענונג צו געפינען דאס זילבערנע לעמפל האט ער ניט אנגעווארן.

— איך דארף נאר כאפן א שרעטעלע, פלעגט זיך משה׳לע טראכטן, דערמאנענדיק ווי זיין באבע, וועלכע איז שוין לאנג אין גן־עדן, האט אים דערציילט א שיינע מעשה פון די שרעטעלאך. דאס זיינען אזוינע קליינע ברעקעלאך מענטשעלאך מיט פיסלאך און הענטלאך. זיי גייען אנגעטאן אין שווארצע קאפעליושלאך און געפינען זיך אין יעדער שטוב, אין די קעלערס. יעדער קאן זיי זען, נאר זיי לויפן אזוי גיך, אז עס איז שווער זיי צו כאפן. אבער ווער עס האט דאס גליק צו כאפן א שרעטעלע און ארפכאפן ביי אים דאס קאפעלייטשל, דער

ווערט א גליקלאכער. דאס שרעטעלע הייבט זיך אן בעטן, מע זאל אים אפגעבן דאס קאפעליושל.

— וואס באגערסטו, וועל איך דיר געבן? פרעגט דאס שרעטעלע, און וואס דער מענטש באגערט, קאן דאס שרעטעלע ברענגען, אפילו א גאנצן פאלאץ מיט קנעכט און דינסטן, בריליאנטן, גאלד און זילבער.

און ביי משה'לע איז פעסט געבליבן, אז ער מוז סוף־כל־סוף כאפן א שרעטעלע, נישקשה, ער, משה'לע, קאן אויך גוט לויפן און ווען ער וועט דערזען א שרעטעלע, וועט ער עס געווים כאפן, ער וועט עס ניט אפלאזן און ארעפכאפן דאס שווארצע קאפעליושל. „וואס באגערסטו?" — וועט דאס שרעטעלע פרעגן — „איך באגער, דו זאלסט מיר ברענגען מיין טאטנס זילבערנע לעמפל!" — וועט משה'לע זאגן. דאס לעמפל וועט אויסוואקסן פאר זיינע אויגן. ער וועט אפגעבן דעם שרעטעלע דאס קאפעליושל און וועט כאפן דאס זילבערנע לעמפל און ארייננלויפן אין שטוב. דער טאטע מיט דער מאמען וועלן עס דערזען, וועלן זיי פריילאך ווערן און עס וועט ווידער זיין אזוי גוט און פריילאך ווי פריער.

משה'לע שטעלט זיך פאר, ווי זיין טאטע בענטשט ווידער פריילאך חנוכה־ליכטלאך אין דעם זילבערנעם לעמפל, ער האלט דער מאמען ביים פארטוך, זי טוליעט אים צו זיך. דער טאטע רופט געבן צוויי גאנצע רובל חנוכה־געלט. פעטערס, מומעס און גוטע באקאנטע קומען צו זיי אין שטוב, מען גלעט אים, מען קושט אים און מען גיט אים חנוכה־געלט מיט שיינע זאכן. די מאמע באקט לאטקעס. און ער שפילט זיך מיט די שיינע זאכן און מיט דער פולער קעשענע חנוכה־געלט לעבן זילבערנעם לעמפל, וואו עס ברענען אזוי שיין און טאנצנדיק די פייערלאך און שפיגלען זיך אפ מיט נאך פייערלאך אין זילבערנעם ווענטל, וואו עס געפינען זיך דאס שיינע לייבעלע און די טייערע פייערלאך...

ג.

ביי איטשע־בער'ן אין שטוב שפילט זיך זיין אינגעלע הירשעלע מיט זיין חבר משה'לע. הירשעלע גייט אין נייע מלבושים'לאך און משה'לע אין אלטע. הירשעלע האט צוויי פולע קעשענעס ניס און משה'לע האט אינגאנצן עטלאכע, וואס הירשעלעס מוטער האט מכבד געווען איר אינגעלעס חבר. די קינדער שפילן אין ניס אין דער גרויסער עס־שטוב. ניסלאך פארקאטשן זיך אלע מאל הינטערן שווערן דעמבענעם בופעט. די קינדער ציען זיך אויס אויף דער פאדלאגע און מען קאטשעט ארויס די ניסלאך און מען שפילט ווידער.

א פאר ניסלאך האבן זיך פארקאטשעט אין דער גרויסער זאל. ביידע חברים האבן זיך געלאזט לויפן אהין. דער זאל איז אויסגעפוצט מיט טייער מעבל. אויף עטאזשערקעס זיינען אויסגעשטעלט פארשיידענע שיינע זאכן פון פארצעליי, בראנז און זילבער. אויף א שיין ווינקלטישל האט משה'לע דערזען צווישן אנדערע זילבערנע זאכן אויך א זילבערן לעמפל מיט א לייבעלע און מיט צוויי פייגעלאך. משה'לעס פנים ווערט פול מיט אלערליי קאלירן פון שמחה. ער שפרינגט אונטער און כאפט דאס לעמפל.

— מיין טאטנס זילבערן לעמפל! מיין טאטנס! — שרייט משה'לע ניט מיט זיין קול פון גרויס פרייד, טאנצנדיק צוזאמען מיט דעם לעמפל אין די הענט. זע נאר הירשעלע, מיין טייער לייבעלע, מיינע ליבינקע פייגעלאך! מיין טאטנס לעמפל!

— אוועק! גיט עס מיר אפ, עס איז מיינע פייגעלאך, עס איז אונזער לעמפל. טאטע, זאל ער מיר אפגעבן די פייגעלאך! — שרייט הירשעלע און רייסט פון משה'לעס הענטלאך דאס לעמפל.

— ס'איז א ליגן, דאס איז מיינס, מיין טאטנס! — הערט ניט אויף נעוואלדרעווען משה'לע. זיין פנים ווערט בלוי און געל פון ראנגלען זיך און ניט ארויסלאזנדיק דאס לעמפל פון האנט, וויל ער מיט דעם אנטלויפן אהיים.

אויף די קינדערס געשריי איז אנגעלאפן ר' איטשע־בער מיט זיין ווייב און אלע שטוב־מענטשן און מען האט פון משה'לעס הענט ארויסגעריסן דאס לעמפל.

— איך האב דיר צען מאל געזאגט, אז זילבער דארף מען האלטן פארשלאסן אין „קלאדאווע" גלייך מיט אלע משכנות, און דו ווילסט דעם זאל אויספוצן מיט זילבער, — האט ר' איטשע־בער אנגעשריען אויף זיין ווייב און אוועקגעטראגן דאס לעמפל אין קלאדאווע, וואו ער האלט פארשלאסן אלע אנדערע משכנות.

— א, א! וועמעס לעמפל איז דאס? — האט זיך הירשעלע געווייצט מיט זיין חבר.

— ווארט נאר אויס... ווארט... איך וועל נאר כאפן דאס שרעטעלע, וועסטו שוין זען... וועסטו... האט משה'לע הירשעלען געסטראשעט מיט דעם פינגער און מיט שלינגנדיקע טרערן פון כעס איז ער מיט א געוויין אוועקגעלאפן אהיים.

ב. ספעקטאָר.

# אין חדר

זאלסט ברענגען מיט זיך א הלב'נע ליכט, — האט דער רבי מיר געזאגט, בעת איך בין געגאנגען עסן וואַרעמעס, — פון היינט אן הויבן אן אלע חומש־אינגלאך צו לערנען ביינאכט. יעדער אינגל, וואס לערנט חומש, דארף פון היינט אן ברענגען יעדע וואך א ליכט. און לאמטערנעס זאלט איר אויך מיטברענגען מיט זיך, איר זאלט קאנען גיין ביינאכט אהיים.

— היינט הייב איך אן לערנען ביינאכט! — האב איך ביי זיך געטראכט, גייענדיק עסן וואַרעמעס, — כ'וועל קומען און זאגן דער מאמען, אז איך בין שוין א גרויסער, און מיינע שוועסטערלאך, ברײנדלען און שרהקען, וועל איך אויך זאגן, אז איך בין שוין א גרויסער און וועל זיך מער ניט שפילן מיט זיי אין צאצקעס.

אי, איז גוט צו זיין א גרויסער! איך געדענק — פאראיארן בין איך נאך געווען א קלייניקער, אלע האבן מיך געהאלטן פאר גאר א קליינינקן: די אינגלאך, דער באהעלפער, דער רבי, אלע... תמיד האב איך געהערט נאר איין זאך: הפני איך נאך קליין, הפני איז נאך א קליינער... אבער איצט, איצט לערן איך חומש, היינט הייב איך אן גיין אין חדר ביינאכט, איצט בין איך שוין א גרויסער!

נאכן מיטאג בין איך געקומען צוריק אין חדר אריין.

די בלאטע אין דרויסן אין גרויס ביזן האלז, דער הימל איז פאר־

כמאַרעט, אַ דריבנע רעגנדל פּאַטשט אין פּנים אַריין, און די מענטשן, וואָס גייען אין גאַס, טיאַפּקען אין דער בלאָטע איינגעהויקערטע, נאַסע, פאַרצאַרנטע... איך שטיי אין חדר נעבן פענסטער אויף אַ באַנק און קוק אין דרויסן אַרויס אויף די בולבעלאַך און „קאַטשקעלאַך", וואָס שפּרינגען אַרום פונם רעגן איבער דער קאַליזשע, קוק אויף די מענטשן, וואָס מיען זיך צו טרעפן מיטן פוס אויפן שטיין, וואָס שטעקט אַרויס פון דער בלאָטע, גליטשן זיך אויס און — פּוץ, אין בלאָטע אַריין...

די נאַכט פאַלט צו, אַ געדיכטער נעפּל פילט אָן די לופט, אין דרויסן ווערט פינסטערער און פינסטערער. דער רבי איז אַוועקגעגאַנגען דאַוונען, די רביצין — קויפן נאַפט, די באַהעלפערס — אָפּפירן די קליינע אינגלאַך אַהיים. אין דרויסן איז שוין גוט פינסטער, און אין שטוב איז שוין אויך טונקל און שטיל. די אינגלאַך האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אין איין קופּקעלע און טוליען זיך איינער צום צווייטן, עס פאַלט אָן אויף מיר אַ סומנעקייט, איך האָב מורא שטיין אַליין נעבן פענסטער און גיי אויך צו צו די אינגלאַך.

איין אינגל שטייט אין דערמיט און דערציילט שטיל און אומעטיק פאַרשיידענע מעשיות.

געענדיקט איין מעשה און אַלע אינגלאַך שטייען מיט אָפענע מיי־לער לעכצן צו הערן נאָך און נאָך אָן אַ סוף. און די מעשה׳לאַך ציען און די קאָמפּאַניע רוקט זיך אַלץ ענגער צונויף, און די מעשה׳לאַך ציען זיך אָן אַן עק. איינער הויבט אָן דערציילן אַ מעשה מיט צוועלף גזלנים, שלאָגט אים איבער אַ צווייטער מיט אַ מעשה וועגן אַשמדאי, דעם מלך פון די שדים...

מיט־אַמאָל קומט אַריין די רביצין, צינדט אָן דעם לאָמפּ, די שטוב ווערט פול מיט ליכט, און מיר, אינגלאַך, רייבן זיך די אויגן פון ווייטיק פון דער אומגעריכטער שיין. די סומנעקייט איז אַריבער, די מעשה׳לאַך זיינען אַרויס פון קאָפּ און מיר שטייען, ווי די ליימענע גולמס, צעטומלטע און צעמישטע.

דער רבי מיט די באַהעלפערס קומען צו גיין, און אין חדר ווערט לעבעדיק. די אינגלאַך גייען זיך פאַנאַנדער איבער דער גאַנצער שטוב, איניקע רעדן און אַנדערע בייסן איבער דעם רעשט מיטיק, וואָס איז זיי געבליבן.

דער רבי זיצט אויבנאָן ביים טיש, די צוויי באַהעלפערס נעבן אים און אַלע אינגלאַך — אויף די בענק אַרום זיי. אין חדר איז אַ געשריי, אַ געפילדער, — דער רבי, די באַהעלפערס און די אינגלאַך זאָגן אַלע אינאיינעם אויפן קול. איין כתה רוקט זיך אָפּ פון רבין צום צווייטן עק־טיש און אַן אַנדער כתה פאַרנעמט איר אָרט, און ווידער־אַמאָל ווערט דער חדר פול מיט געשרייען און מיט אַ וויינענדיקן זאָגן: „לך לך — גיי דיר אַרויס, מארצך — פון דיין לאַנד, ממולדתך — פון דיין געבורטס־אָרט..."

נאָר ביסלאַכווייז ווערט דער געפילדער שטילער און שטילער, דער רבי איז מיד און איינגעמאַטערט, די באַהעלפערס גענעצן און ציען זיך, און עטלאַכע אינגלאַך דרימלען שוין צוגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אויף די

אָרעמס. די רביצין זיצט פונדערהויטנס און אַרבעט אַ זאָק. דער גאַנצער חדר איז מיד, פאַר׳חלש׳ט און מיר אַלע האָבן איינאיינציקן ווילן: וואָס גיכער פּטור ווערן פונם חדר און גיין אַהיים. מיר ציילן די מינוטן און פאַרקוקן דעם רבין אין פּנים אַריין, כדי צו טרעפן, צי האָט ער שוין בדעה אונז אָפּלאָזן פריי, צי ניט.

און ענדלאַך הייבן זיך אויף דער רבי און די באַהעלפערס פון די ערטער ביים טיש, און אין חדר ווערט אַ פריילאַכער טומל. די אינגלאַך שטופּן זיך פון טיש אַרויס מיט אַ גדולה און פרייד.

אין דרויסן איז אַ השכּות, אַן אומקומעניש, עפּעס נאַסעס, עפּעס נישט קיין רעגן און נישט קיין שניי, פּאַטשט אין פּנים אַריין, קאַפּעט אַריין אונטערן קאָלנער און רינט אַראָפּ ביז דער ברוסט, און די פיס טיאָפּקען אין דער בלאָטע, זינקען אין איר, קוים אַרויסצושלעפּן זיי — אָבער וואָס מאַכט דאָס אויס? די אינגלאַך גייען מיט אַ געזאַנג, שטופּן זיך איינס דאָס צווייטע פון דער סטעשקע אין בלאָטע אַריין, קוויטשען און זידלען זיך גוטמוטיק.

די קאָמפּאַניע ווערט שיטערער, אַלע מאָל געזעגנט זיך אָפּ אַ אינגל מיט דער קאָמפּאַניע און לויפט אַריין צו זיך אין שטוב מיט קוראַזש, און עס ווערט שטילער די שמחה, דאָס געזאַנג, — ביז איך בלייב איינער אַליין אין דרויסן.

אַרום מיר איז שטיל, פינסטער, דער ווינט בלאָזט, הורך די פענסטער גנב׳ענען זיך אַרויס בלויע שטראַלן, און מיין לאַמטערנדל לייכט מיר צו און מאַכט נאָך פינסטערער דעם דרויסן אַרום מיר. איך גיי איינער אַליין אין דער שטילער נאַכט... איינער אַליין! איך גיי ווי אַ גבור! איך מאַך ברייטע שפּאַן, נאָך איין שמאָל געסל... נאָך פינף הייזער... נאָך פיר, נאָך דריי... אָט איז אונזער שטוב... אין פענסטער איז ליכטיק! גיכער זיך אַריינכאַפּן אַהין, דאָרט איז גוט! דאָרט איז ניטאָ פאַר וואָס מורא צו האָבן... די טיר עפנט זיך אויף, און איך כאַפּ זיך אַריין אין שטוב אַריין מיט אַ רעש, און איין האַנט דער לאַמטערן, מיט דער צווייטער — פאַרהאַק איך די טיר הינטער זיך, און פיל זיך בשעת מעשה, ווי אַ גרויסער, און שריי פריילאַך אויס:

— גוט נ׳אָוונט!

די מאַמע זיצט אויף דער באַנק נעבן דער הריבע; איבערן טיש, וואָס שטייט פאַר מיר, ברענט אַ לעמפּל מיט אַ פאַררויכערט גלעזל, און די מאַמע נייט און לאַטעט דאָס ווייסע גרעט. נעבן דער באַנק שטייט אַ געפלאָכטן וויגל, און די מאַמע שאָקלט עס צו מיט דער פוס ביים שטריקל, וואָס הענגט נאָך, און פאַרוויגט סענדערלען, מיין קליין ברודערל. אויף אַ טאַבורעט אַנטקעגן דער מאַמען זיצט ברײַנדל, מיין עלטערע שוועסטער, און לערנט זיך מאַכן אַ מערעשקע אויף אַ זאָק, און מיין קלענערע שוועסטער, שרהקע, ליגט ביי דער מאַמען אויף די קני און דרימלט. די בעטלאַך זיינען שוין איבערגעבעט. אין שטוב איז שאַ־שטיל. די מאַמע איז קאָנטיק, צופרידן מיט מיין קומען; זי זאָגט גאָרנישט, נאָר איך דערקען אין איר פּנים, אַז זי האָט געוואַרט אויף מיר. זי האָט אויף מיר אַ שאַרפן קוק געגעבן בעת איך האָב געעפנט די טיר.

— וואָס האָסטו, זונעניו, היינט געלערנט? ביסט אודאי הונגעריק?
— יאָ, מאַמע, איך וויל עסן.

די מאַמע הויבט זיך אָן מיט מיר דינגען, וואָס זאָל זי מיר געבן עסן: בולקע מיט שמאַלץ — וויל איך ניט, באַרן מיט בולקע — גלוסט זיך מיר ניט.

— אַז וועסט מיר דערציילן אַ מעשהלע, וועל איך עסן בולקע מיט שמאַלץ! — זאָג איך דער מאַמען, און מיין שוועסטער, ברײַנדל, קוקט אויף דער מאַמען, בעט זי אויך, זי זאָל עפּעס דערציילן, וועט זיין פריי־לאַכער אַביסל.

די מאַמע גיט נאָך.

זי האָט אַוועקגעליגט די וועש, האָט זיך אָנגעבויגן און אַ קוק געגעבן אויף סענדערלען און האָט אָנגעהויבן דערציילן.

מ. ז. פייערבערג.

# אין ישיבה

## א.

אויף מאָרגן נאָך פּ ס ח האָט די מאַמע איינגעבונדן אין אַ פּעקעלע מיינע צוויי העמדער און צוויי פּאָר זאָקן, און אין אַ צווייטן פּעקעלע אַ ביסל מ צ ה, עטלאַכע געקאָכטע אייער מיט אַ ביסל זאַלץ. מיר געזעגענען זיך, אויסגעוויינט זיך גוט, און דער טאַטע פירט מיך קיין מינסק לערנען. מיר דאַרפן גיין צופוס אַ וויאָרסט אַכציק. ערשט אויפן פערטן טאָג זיינען מיר געקומען צום פעטער ליבן קיין פּאָדעלאַנקע, צוואַנציק וויאָרסט פון מינסק.

דער פעטער לייבע איז דער מאַמעס אינגסטער ברודער. ער איז אַ רייכער באַלעבאָס, האַלט אַ גרויסע קרעטשמע אויף דעם וועג, וואָס גייט פון ווילנע קיין מינסק, דערצו האָט ער פיל לאַנד צו באַאַרבעטן און האַלט פיל קי און פערד. ער האָט נאָר צוויי מיידלאַך. די עלטערע איז פערצן יאָר אַלט, און דער פעטער וויל מיין ברודער מ ר ד כ י ' ן פאַר אַן איידעם. מיר טרעפן דאָ טאַקע דעם ברודער. דער פעטער נעמט אים פון מינסק אויף אַלע י מ י ם ־ ט ו ב י ם.

דער טאַטע איז אַוועק צוריק אַהיים, און מ ר ד כ י נעמט מיך קיין מינסק. ער לערנט אין דער גרעסטער י ש י ב ה, אין בלומקעס קלויז. ער עסט אויך טעג, אָבער ער האָט שטענדיק געניג געלט, וואָס דער פעטער לייבע גיט אים. מיך האָט מען אָפּגעגעבן אין אַ קליינער י ש י ב ה, צו ר' איסר'ן. נעכטיקן פלעג איך ביי מ ר ד כ י ' ן. אין דער פרי, נאָכן אָנבייסן, גיי איך אַוועק אין דער י ש י ב ה אויף אַ גאַנצן טאָג. אין מיין י ש י ב ה האָבן געלערנט מער פון הונדערט און פופציק י ש י ב ה ־ ב ח ו ר י ם, גרויסע און קליינע. איך בין געווען דער קלענסטער. דער טומל איז פאַר מיר אומדערטרעגלאַך; דאָס זיצן אַ גאַנצן טאָג און לערנען ג מ ר א האָט מיר מיין קאָפּ פאַרדולט, און ניט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן איבער דער

גמרא. צו לאַנגע שטונדן און צו שווער דאָס לערנען. אַלע טאָג וויזט דער ראש־ישיבה, פיל גמרא מען זאָל צוגרייטן ביז מאָרגן, און אויף מאָרגן, ווען עס קומט צום לערנען, ווערט אין דער ישיבה שטיל: דער ראש־ישיבה שטעלט זיך אין מיטן, ער רופט אַרויס איינעם און הייסט זאָגן. אַלע זיצן און הערן, ווי דער נער זאָגט, און דער ראש־ישיבה מאַכט נאָר באַמערקונגען און דערקלערונגען און פאַרריכט, וואו מען פאַרשטייט ניט ריכטיק, און איבּ איינער ווייס ניט די גמרא, האָט ער גרויסע בזיונות.

גאַנץ שווער קומט מיר אָן צוצוגרייטן אַ בלאַט גמרא, ווי מען רופט עס „דאָס לייענען". אַמאָל העלפט מיר אַרויס מרדכי; דאָס קומט אָבער אויס שפּעט ביי דער נאַכט, ווייל אין זייער ישיבה איז איינגעפירט, אַז איינער מוז זיצן און לערנען ביז האַלבע נאַכט און אַ צווייטער פון האַלבע נאַכט ביז טאָג. און אַמאָל, ווען עס קומט אויס מרדכי'ן צו זיצן די צווייטע האַלבע נאַכט, וועקט ער מיך אויף און זעצט זיך לערנען מיט מיר. מיינע אויגן קלעפּן זיך, איך גענעץ און הער ניט, וואָס איך רייד, ביז ער גיט מיר אַ פּאַטש. אַז פונקען שיטן זיך מיר פון די אויגן.

ב.

אַלע „טעג" האָב איך ווייט פון דער ישיבה, און די מערסטע אין רייכע הייזער, וואו מען גיט מיר עסן אין קיך. אייניקע מאָל האָט מיט מיר פּשוט אומגליקן געטראָפן אויף מיינע טעג.

שבת האָב איך געהאַט אין טאַטערשער גאַס, זייער ווייט צו גיין. איין מאָל צו שלוש־סעודות האָט דער באַלעבאָס געזאָגט זייער לאַנג זמירות. עס איז געוואָרן וואָלקנדיק, עס האָט גע־נומען דונערן און בליצן, און ווען מיר האָבן אָפּגעבענטשט, איז שוין פינסטערלאַך געווען. איך שטיי אויף פון טיש און וואַרט, פיליכט וועט מען מיר הייסן דאָ נעכטיקן. זיי זאָגן אָבער גאָרניט. איך וויל זיך בעטן נעכטיקן דאָ, נאָר איך שעם זיך. איך זאָג מיט אַ האַלב מויל: „אַ גוטע וואָך!" און גיי אַרויס פון שטוב. איך פאַנג אָן צו לויפן. אין גאַס זעט מען קיינעם ניט. עס פאַנגט אָן צו גיסן אַ רעגן, טאַקע אַן אמת'ער מבול. אין איין מינוט בין איך שוין אין גאַנצן נאַס. איך לויף און וויין. יעדער בליץ פאַרבלענדט מיינע אויגן, און באַלד ווערט פינסטער, אַז איך זע ניט וואוהין צו לויפן; און באַלד דערלאַנגט אַ זעץ אַ דונער, אַז איך ווער פאַרציטערט. איך לויף מיט מיינע לעצטע כוחות, נאָר עס געדויערט עפּעס צו לאַנג. איך קוק זיך איין און באַמערק, אַז איך האָב ניט קיין הייזער אַרום זיך. איך פאַרשטיי, אַז אין דער פינסטער בין איך געלאָפן ניט אין דעם ריכטיקן וועג. פון ווייטן דערזע איך ליכט פון אַ הויז, לויף איך אַהין און בין געקומען צום ברִיסקער וואָקזאַל. דאָ בין איך אַריינגעגאַנגען צו אַ אידן. האָבן זיי מיר אויסגעטאָן מיינע נאַסע קליידער, אויסגעדרייט זיי און געלאָזן טריקענען; אָנגעטאָן מיר אַ טרוקן העמד, געגעבן אַ הייס גלאָז טיי און געלייגט שלאָפן.

איין טאָג האָב איך געהאַט ביי אַ נגיד, וואָס וואוינט טיף אין

אַ גרויסן הויף צווישןביימער ; און צום גאַס וואוינט אַ  פ ר י ץ . אויף אַ קייט שטייט אַ הונט, ווי אַ בער די גרויס. ווען איך גיי דורך דעם הויף, טוט דער הונט אַ שפּרונג און אַ ברום, אַזוי ווי אַ לייב, אַז אין האַרצן רייסט זיך ביי מיר אָפּ. איינמאָל גיי איך עסן וואַרעמעס. דער גאַנצער הויף איז פאַרהאַנגען מיט קליידער, וואָס מען לופטערט. איך גיי צווישן די קליידער. פּלוצלונג דערהער איך אַ ברום פון דעם הונט, אַ כאַפּ פאַרן פוס, און איך ליג שוין אויף דער ערד אָן  ל ש ו ן . איך וויל שרייען, נאָר איך קען נישט : צו שטאַרק דערשראָקן זיך. דער הונט שלעפּט מיך אַרויס אין גאַס, און דאָ ערשט פאַנג איך אָן צו שרייען מיט ווילדע  ק ו ל ו ת . מען נעמט מיך אַריין צו אַ אידן אין הויז. די פוס איז נאָר אַביסל צעביסן, דערפאַר אָבער זיינען מיינע הייזלאַך צעפליקט. מען בינדט מיר אַרום מיין וואונד, מען ציט צונויף מיט אַ פאָדים די הייזלאַך, און איך גיי קוים אַ לעבעדיקער צוריק אין דער  י ש י ב ה ,  נישט קיין געגעסענער. דריי טעג האָב איך געקרענקט, און אויף דעם „טאָג“, וואו דער הונט איז, בין איך מער נישט געגאַנגען עסן ; געבליבן אָן אַ טאָג, און דערצו נאָך מיט צעריסענע הויזן.

אין קורצן גערעדט האָב איך דעם זומער זייער פיל געליטן. פיל מאָל פלעג איך אין אַ ווינקעלע גוט אויסוויינען זיך, דערמאָנענדיק זיך אויף דער היים און בענקענדיק נאָך די קינדערשע יאָרן, ווען איך האָב געלעבט פריי ווי אַ פויגל.

א. קאַצאָוויטש.




אין ישיבה

## שבת

עס קומט פון גן־עדן צופליען
אַ זיס, אַ מחיה׳דיק ווינטל...
הויב אונטער די הענט פאַר די אויגן,
בענטש, באָבעשי, אונזער געזינטל :

קום רואיק אַרויס אויפן גאַניק,
הער, זיידעשי, אויף זיך צו פעלצן—
דער ווינט האָט היינט מורא צו בלאָזן,
די שבת־ליכט זאָלן נישט שמעלצן.

מרים אוליגאָווער.

## שבת

דער פראגער רב, דער בעל־מופת, האט אודאי זייער שטארק געהאלטן פון שבת. ווארים שבת, פלעגט ער זאגן, איז די כלה פון דער וועלט. און דערפאר דארף זיך די גאנצע וועלט אויספוצן לכבוד שבת, ווי א חתן פאר זיין כלה.

און ער פלעגט זאגן :

— באשאפן האט גאט שבת צום סוף פון זיין ארבעט. אין די געדאנקען אבער, איז שבת געווען דאס סאמע ערשטע פון זיין טראכטן.

און אז עס פלעגט קומען צום פרייטיק־צו־נאכטיקען דאווגען, האט דער פראגער רב געשיינט אזוי, אז קיינער האט אים ניט געקאנט קוקן גלייך אין זיין פנים אריין. און ווען עס פלעגט קומען צו די ווערטער :

„קום מיין פריינט אנטקעגן דער כלה
„קום אויפנעמען די כלה שבת, די מלכה“

פלעגט זיין ליכטיקייט ווערן אזוי, אז די איבעריקע אידן פלעגן זיך קוים קענען איינהאלטן אין שול.

און צו די ווערטער :

„פארלאז דיין געפאנגשאפט מלכה שבת,
„קום מיט פרידן קרוין פון האר,
„קום מיט יובעל און מיט פרייד,
„קום צווישן דיינע אויסדערוויילטע.
„קום כלה,
„קום !

פלעגט ער אפט ארויס פון שול און בלייבן שטיין אויף די הויכע טרעפ, און מיט אים די גאנצע עדה, און ער פלעגט אזוי ווערן זיין ליכטיק פנים צום הימל, קוקן אהין, ווי ער וואלט געוואלט עמיצן, וואס קומט, וואס האלט אין קומען...

דער גאנצער עולם פלעגט דערפילן, אז אין דער מינוט אנטפלעקן זיך גרויסע סודות אויף דער וועלט. דער סוד פון שבת, דער סוד פון ליכט, דער סוד, וואס גיסט צונויף אלץ מיט דעם סוד פון אלע סודות.

איינמאל אבער האט געטראפן, אז ווען דער רבּ האט אזוי ארויסגעפירט זיין גאנצע עדה אויף די טרעפ, כדי צו באגעגענען די ליכטיקע מלכּה שבת, האבן אלע מיטאמאל דערזען א גרויסן, רויטן שטערן אומלויפן איבערן הימל. דער רויטער שטערן איז געווען שטארק אנגעהעפט אן אן אנדער שטערן, א ווייסן און בליציקן. דאס בליצן פון דעם ווייסן שטערן איז געווען אזא, אז דער הימל האט זיך געשפּאלטן פון גרויס ליכטיקייט און די ערד האט אויפגעשיינט, ווי א גן־עדן.

מיטאמאל אבער, האט זיך פון ערגיץ אויפן הימל פּלוצלונג אנגעטראגן א שרעקלאך גרויסער פיש. און ווי נאר דאס איז געשען, אזוי האט דער רבּ גלייך אויסגעשריען:

„פארלאז דיין געפאנגענע מלכּה שבת,
„קום מיט פרידן קרוין פון האר.
„קום מיט יובעל און מיט פרייד.
„קום צווישן דיינע אויסדערוויילטע.
„קום כּלה,
„קום!

און מיט אים די גאנצע עדה אידן.

האט זיך פונקט דעמאלט דער גרויסער פיש אנגעשלאגן אן דעם רויטן שטערן, האט דער רויטער שטערן גלייך ארויסגעלאזט דעם ליכטיקן שטערן וואס ער האט געהאלטן אנגעהעפט אן זיך. און דער פיש מיט דיביידע שטערן האבן אלע אינאיינעם גענומען פאלן און זיינען פארשוואונדן.

דוד איגנאטאוו.

## שבּת אין ניו־יאָרק

דער פאָטער קומט פרייטיק פאַרנאַכט
פון פינסטערן שאַפּ אַזוי מיד,
נאָר ס'האָט זיין נשמה דערוואַכט
און זינגט שוין איר שבּת'דיקע ליד.

די מוטער, די אָרימע פרוי,
— צעקנייטשט פאַר דער צייט דאָס געזיכט —
צעזיפצט זיך: „ס'איז שפּעט שוין אַזוי!"
און נעמט זיך צום צינדן די ליכט...

די קינדער, דערצויגן שוין דאָ,
פאַרשפּילטע אין באָל און אין פייט,
דערפילן די הערלאַכע שעה,
און ס'קוקן די אייגעלאַך ווייט...

עס שוועבט פאַר די אויגן די היים —
פאַרגעסן פאַרגעסט זי זיך ניט!
און ס'ראַכט זיך: ס'צעבליט זיך דער בוים
אויף מעדיסאָנס שטיינערנער סטריט...

אברהם רייזען.

# שבת אין אמעריקע



פון גאַס האָט אַריינגערונגען דורך די ווענט, פענסטער און טירן אַ רויש און ליאַרם, ווי כוואַליעס פון אַ ים וואָלטן געקלאַפּט אין פענסטער. עס איז געווען אָוונט, ווען די אַרבעטער זיינען אַהיימגעגאַנגען פון דער אַרבעט און די פּעדלערס האָבן אויסגעלייגט זייערע סחורות אויף די „סטענדס“ און אויסגערופן מיט געוואַלדיקע קולות די ביליקייט און די גוטסקייט פון זייערע סחורות. אַ איד, וואָס איז אָנגעקומען מיט באַנאַנעס און האָט זיך אַוועקגעשטעלט פונקט קעגנאיבער אַנשעלס קעלער (בייסמענט), האָט אויסגערופן מיט אַזאַ באַסאָווער, הייזעריקער שטימע וועגן זיינע באַנאַנעס, אַז ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ער שפּאַלט די קעפּ מיט יעדן רוף. אין דעם רעש פון די גוואַלדן האָט פון צייט צו צייט דורכגעלעכערט די מוהות אַ טעמפּיק ריטשען פון אייזן־רעדער אויף אייזן־שינעס — פון אַ פאַרביילויפנדיקן דעבער־באַן (עלעווייטעד).

קעגנאיבער די פענסטערלאַך אויף דער גאַס האָבן זיך אינגלאַך געמוזט שפּילן אין פייער. וואָרים דורך די קאָלדרעס וואָס שרה־רבקה האָט פאַרהאַנגען דאָס פענסטער, האָט איפּגעפלאַמט פון צייט צו צייט אַ פלאַם פייער, און דער באַגלייטונג פון אומאויפהערלאַבן קינדישן פרייִדיקן געריוש. דורך די קאָלדרעס האָט מען איצט ניט געזען. דערפאַר אָבער האָט מען בולט'ער געהערט יעדע פּאָר פיס וואָס זיינען פאַרבייגעגאַנגען די פענסטערלאַך פון קעלער. די שויבן האָבן ניט איפּגעהערט צו קלינגען. און די אַלע קולות, גוואַלדן און טעמפּיקע געשרייען זיינען פאַרגליווערט געוואָרן אין אַ שטענדיקן זשומען וואָס איז געקומען פון דעם רומענישן רעסטאָראַן, וואָס איז געווען איבערן קאָפּ פון קעלער.

אין דעם קעלער איז געווען שבת.

להכעיס דער גאַס האָבן דורך די רויטע קאָלדרעס אין גאַס אַרויסגעשיינט די פיר אָנגעצונדענע ליכט, וואָס האָבן געברענט אויפן טיש.

ביים טיש אויבנאָן איז געזעסן אַנשל און האָט מיט פאַרשלאָפענע אויגן געברומט דעם ניגון פון זמירות, אויפמונטערנדיק מיט אַ בייזן בליק די אינגלאַך זיינע, מיטצוזינגען די זמירות. זייערע מוהות און הערצער זיינען אָבער אינגאַנצן געווען דרויסן ביי די פייערן און זיי זיינען ברוגז געוואָרן אויפן טאַטן, וואָס ער גייט דאָ איינפירן נייע מאָדעס. קיינער פון די אינגלאַך אויפן גאַס באַדאַרף נישט יעדן פרייטיק אָוונט זיצן ביים טיש און זינגען זמירות, נאָר זיי. האָבן זיי זיך געדרייט אויף די בייינקלאַך, אַרויסקוקנדיק דורך די פענסטערלאַך און אָפּגעוואַרט אַ גינסטיקע מינוט, ווען דער „פּאַ“ וועט אַ דרעמל טאָן און אַרויסכאַפּן זיך אויפן גאַס, נאָך איידער די פייערן וועלן אויסגעלאָשן.

די ליכטלאַך ברענען אויפן טיש צניעותדיק און שבתדיק. זיי שטעקן אין די פון דער היים מיטגעבראַכטע מעשענע לייכטער. זיי בלישטשען טאַקע, נישט ווי פרייטיק אָוונט אין דער אַלטער היים. נאָר דאָך האָט

שרה־רבקה צייט געהאַט מיט אַ נאַסער שמאַטע איבערצוואווישן זיי. אויך די רויטע „קאַראַפינקע“, וועלכע זי האָט מיטגעבראַכט, האָט מיט איר רויטן שיין געהאָלפן צו דערמאָנען אָן די שבתים פון דער „היים“.

אַ גאַנצע וואָך, ווען אַנשל איז געזעסן ביי דער אַרבעט און די מאַ־שינען האָבן געוואָרפן אין זיינע אויערן, האָט ער זיך געפילט אָפּגעשניטן פון אַלטן לעבן. נאָר יעדעס מאָל, ווען די שבתדיקע ליכטלאַך ברענען אויפן טיש אין די היימישע לייכטערלאַך און די קאַראַפינקע מיטן רויטן שנאַפּס פינקלט זיך אין די ליכט, דעמאָלט ווערט דאָס לעבן פון קלער אָנגעהעפט מיט יענעם אַלטן לעבן פון דערהיים, און עס ווערט איין וועלט — עס פאַרשווינדט דער ים וואָס ליגט צווישן די צוויי וועלטן און עס ווערט צוריק איין לעבן פון איין משפּחה, פון איין מענטש...

און ווי מיד און שלעפעריק אַנשל פילט זיך נישט פון אַ גאַנצן טאָג איינהויקערן דעם רוקן איבער דער נאָדל און העמד, פילט ער דאָך דעם שבת. עס פאַרשווינדט די רווישנדיקע גאַס. ווער הערט דאָס האַמערדיקע קלאַפּן פון עלעוויייטעד איבערן קאָפּ, צי דאָס רווישן פון רומענישן רעס־טאָראַן? שטיל ווערט אין קעלער, שטיל אין זיך און אַנשל פילט ווידער דעם שבת.

שלום אַש.

# שבת אין וואלד

## א.

אמאָל איז געווען אַ איד אין אַ קליין שטעטל, אַ איד אַ שניידער, האָט ער געהייסן ליפּע — ליפּע דער שניידער. איז דער דאָזיקער ליפּע געווען אַ פּשוטער אָרעמאַן, נישט פאַר קיינעם געדאַכט, נאָר דאָס אָרעם שטיקל ברויט פאַר זיך און זיין ווייב נחמה מיט די קינדערלאַך האָט ער פאַרדינט — צו לייטן, חלילה, נישט אָנגעקומען. פון זונטיק ביז פרייטיק, ווי גרויס די וואָך איז, פון דאָרף צו דאָרף געגאַנגען און פאַר די פּויערים געאַרבעט; גענייט, געלאַטעט און איי־בערגעניצעוועט — קיין גרויסער איבערקלייבער איז ליפּע נישט געווען. פלעגט ער, מאָלט אייך, גענוג פאַרשוואַרצט ווערן די זעקס טעג פון דער וואָך. דערפאַר אָבער, אַז גאָט האָט געהאָלפן, ס'איז געקומען פרייטיק, ערב שבת, האָט שוין געמעגט שטיין אים דאָס גרעסטע פאַרדינסט — פלעגט ליפּע דער שניידער זיך איילן אַהיים. ס'האָט געמעגט דונערן און בליצן, האָט ער געמוזט זיין אויף שבת אין דערהיים, אין זיין ציכטיק שטיבל, מיט זיין ווייב נחמה און זיינע קינדערלאַך, מאַכן קידוש און זינגען זמירות, ווי גאָט האָט געבאָטן. ווייל די גרעסטע מצוה ביי ליפּע דעם שניידער איז געווען ערלאַך האַלטן דעם הייליקן טאָג שבת. אינם זכות פון שבת, האָט ליפּע געגלויבט, באַשערט אים דער, וואָס לעבט אייביק, זיין ברויט אויף דער גאַנצער וואָך. האָט ער זיך פאַרגענומען איינמאָל פאַר אַלע מאָל — די דאָזיקע מצוה פון שבת אָפּצוהיטן. ווייל מיט וואָס קאָן, אינדעראמתן, גאָט דינען אַזאַ פּשוטער איד, אַן אָרימער דאָרף־שניידער. וואָס קען קוים דאַוונען?

איז ביי ליפּע דעם שניידער געווען איינגעפירט פון אַלע יאָרן אויפצו־

שטיין פרייטיק א גרויסן פאַרטאָג און אַרויסגעבן ביז אין דערפרי די גאַנצע אַרבעט, כדי ער זאָל קאָנען באַצייטנס זיך לאָזן אַהיים אויף שבת. פון דער מינוט אָן, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין אַהיים, האָט ער שוין גע־פילט, ווי די זאָרגן פון דער וואָך פאַרלאָזן אים אינגאַנצן און זיין האַרץ ווערט פול מיט דער פרייד פונם הייליקן טאָג. בפרט זומער, ווען די צייט איז שיין, די פעלדער זיינען גרין און פון אַלע זייטן שמעקט און זינגט, און גאָט אַליין האָט הנאה פון זיין וועלטעלע, וואָס ער האָט באַשאַפן. דעמאָלט איז קיין גליקלאַכער פון ליפען נישט געווען. ער האָט גאָרנישט געפילט די שווערקייט פונם וועג און פון דער משא, וואָס ער טראָגט אויף זיך, און געטראַכט נאָר, וואָס גיכער קומען אַהיים און זיך צוגרייטן צו שבת. נאָר אַפילו אין האַרבסט און ווינטער, ווען די וועגן זיינען בלאָטיק, דער הימל איז פאַרלייגט מיט שווערע וואָלקן, די פעלדער ליגן נאַקעטע און אומעטיקע, און די וועלט שטייט און שווייגט, ווי פאַר'אבל'ט, פאַלט ליפע דער שניידער נישט אַריין אין עצבות. ער טוט נאָר א טראַכט, אַז אין דערהיים האָט זיין נחמה שוין מסתמא פאַרשטעקט דעם טשאָלנט, אַרומ־געוואַשן די קינדערלאַך און אין שטוב איז ריין און וואַרעם, יעדער ווינקעלע זינגט — און זיין האַרץ ווערט באַלד פריילאַך, און די פיס — גרינג; ער פילט שוין דעם עונג־שבת און די פרייד פון דער מצוה.

אַזוי האָט ליפע זיך איינגעפירט אַלע יאָרן, און גאָטס ברכה האָט גערוט אין זיין אָרעם שטיבל. א גאַנצע וואָך אָפּגעלעבט מיט וואָס ס'איז, נאָר שבת האָט דער גוטער מלאך געקוקט און געקוואַלן — דער הייליקער טאָג שבת איז קיינמאָל נישט פאַרשטערט געוואָרן ביי ליפע דעם שניידער אין שטוב.

## ב.

מאַכט זיך אַמאָל, ווינטער, שבת־צייט, ווען די קעלטן שטאַרקן זיך, שטייט זיך ליפע אויף, ווי זיין שטייגער איז, פרייטיק פאַרטאָג, אַרבעט זיך געשמיידיק ביז אינדערפרי — די אַרבעט ברענט אים אונטער די הענט. ער ווי׳ל זיך היינט מקדים זיין, ווייל די טעג זיינען איצט קליין און דער וועג שווער. באַמערקט ער נישט, אַז די גאַנצע נאַכט האָט דער שניי געהאַלטן אין איין שיטן און אַז ס'איז א רחמנות א הונט אויף דער גאַס אַרויסצולאָזן — אַזא ביטערע קעלט איז אין דרויסן און, צופרידן, וואָס ער האָט אַזוי פרי פאַרענדיקט זיין אַרבעט, הויבט ער זיך שוין אָן גרייטן אין וועג.

דערווייל הויבט זיך אויף א מסוכנע זאַווערוכע אין דרויסן, א ווינט מיט א חשכות, אַז מען זעט די לעבעדיקע וועלט נישט פאַר זיך. עס רייסט די שטרויענע דעכער אַראָפּ פון די שטאַלן און פאַר די הייזער בלאָזט אָן אַזוינע שניי־הויפנס, אַז מען קאָן קיין טיר נישט עפענען.

קומט אַריין דער גוי פון דרויסן און זעט, ווי ליפע שטייט מיטן פעקל אויף די פלייצעס, פאַרטיק אין וועג אַריין — צלמ'ט ער זיך אַזש איבער פאַר שרעק: ווי לאָזט זיך עס א מענטש אין וועג אַריין, אַז ס'האָט פאַרשאָטן אַלע וועגן אין דרויסן און אַלע אומריינע רוחות דרייען זיך איצט אין פעלד? הערט אים עפּעס ליפע, אַז ער מוז זיין אויף שבת אינדערהיים! זאָגט ער, אַז פאַר קיין אומריינע רוחות האָט ער קיין מורא נישט, אַז ס'איז אים נישט דאָס ערשטע מאָל — ער האָט א גרויסן גאָט, און ער וועט אים ברענגען אַהיים

בשלום. און אין הארצן טראכט ער זיך, אז די מצוה פון שבת וועט אים אויך אצינד בײשטײן, און זײן שבת וועט נישט פארשטערט ווערן.

זעט שוין דער גױ, אז ער וועט מיט אים גארנישט מאכן — לאזט ער אים גײן זײן וועג; און אין הארצן טראכט ער זיך, אז דער אײנגעשפארטער איד גײט אויף אומצוקומען, ווײל דער ווינט און דער פראסט האבן זיך אלץ מער געשטארקט אין דרויסן, און כאטש א גױ, האט ער גרױס רחמנות אויף אים. „א שאד! זאגט ער דעם ווײב, אפילו א איד, נאר א גאטס פארכטיקער מאן אונזער שנײדער. זאל גאט זיך אויף אים דערבארעמען!"

ג.

דערווײל גײט זיך ליפע אײנער אלײן אין ווײסטן פעלד. דאס פעקל אויף די פלײצעס און אין דער האנט א לאנגן שטעקן, מיט וועלכן ער טאפט דעם וועג ער זאל ניט ארײנפאלן ערגעץ אין א פארשנײטער גרוב. נאר, וואו וועג, וואס וועג, — אז ס'האט פארשאטן קוסט און בוים, בארג און טאל, און די גאנצע געגנט הויבט מען נישט אן צו דערקענען? הימל און ערד — אײנס, און וואו דאס אויג פאלט — נאר ווײס. זאל עס זײן ערגעץ כאטש א סימן פון א שטײן, א סלופ, א פלעק פון א וואלד, צי פון א בערגל! און דא בלאזט נאך דער אײזיקער שנײ גלײך אין פנים ארײן, שטעכט ווי מיט נאדלען און פארקלעפט די אויגן, אז מען זעט אויף א שפאן נישט פאר זיך. פאלט אבער ליפע דער שנײדער נישט אראפ בײ זיך און גײט זיך זײן וועג מיט גרױס בטחון. פארקריכט ער אין א טיפן גראבן, פאלט און ברעכט שיר נישט רוק און לענד, נאר ער שטײט אויף נישט געשעדיקט און גײט ווײטער. ער ווײסט, אז גאט איז מיט אים, און וועט אים ברענגען אהײם בשלום.

וואס ווײטער, ווערט דער וועג שווערער. די פיס זינקען אלץ טיפער אין די שנײ־בערגלאך, וואס פארשטעלן אים דעם וועג, און דער ווינט שמײסט שטארקער אין פנים ארײן. נאר ליפע שטרענגט אן אלע כוחות און גײט ווײטער, ביז ער קומט צו צו א וואלד. בײם וואלד בלײבט ער שטײן א ווײלע און דאס הארץ הויבט אים אן שטארק צו קלאפן. פון יענער זײט וואלד איז באלד דאס שטעטל, נאר טאמער פארבלאנדזשעט ער, איז ער א פארפאלענער. ווײל דער וואלד ציט זיך מײלן־לאנג און איז געדיכט און פול מיט ווילדע חיות און מיט מענטשן־גזלנים, וואס זײנען נאך ערגער פון חיות. נישט אײן מענטש פון דער געגנט איז שוין ארײנגעפאלן אין זײערע הענט, און מען ווײסט נישט ביז איצט, וואו זײער געבײן איז אהינגעקומען.

גײט ליפע ארײן אין וואלד מיט גרױס פחד. גײט און קוקט זיך אום אלע רגע. זוכט עפעס א סימן פון א וועג, פון א סטעזשקע. און ס'ווײזט אויס, אז אט־אט איז ער שוין פון יענער זײט וואלד. נאר ער גײט און גײט, גײט און גײט — און דער וואלד לאזט זיך אלץ נישט אויס. דער ווינט איז שוין אפילו געווארן שטילער, נאר דער הימל לאזט זיך אראפ אלץ נידעריקער. די נאכט רוקט זיך אן. ליפע פילט, אז אט־אט פאלט ער אנידער א טויט־מידער אין שנײ און מיט אים איז א סוף, נאר ער לאזט זיך נישט אפ און שלאנדערט אין טיפן שנײ אלץ ווײטער, אלץ טיפער אין וואלד.

דערווײל ווערט אין וואלד אלץ פינסטערער, אימה'דיקער. די בײמער שטײען אלע ביז אין גארטל פארגראבן אין שנײ און טוען מיט די פארגלי־

וווערטע קעפּ נישט קיין ריר. אַ טרויער פֿאַלט אויף אַלצדינג. ליפּע פֿלאַנטערט שוין קוים מיט די פֿיס. נאָר אָט זעט ער, אַז ס׳איז שוין צייט מקבל־שבת צו זיין און מ׳טאָר שוין נישט טראָגן. וואַרפֿט ער אַראָפּ דאָס פּעקל פֿון די פּלייצעס און שטעלט זיך אונטער אַ בוים דאַוונען מנחה. בעט ער גאָט מיט אַ צעבראָכן האַרץ און טרערן רינען פֿון זיינע אויגן. — „גאָטעניו געטרייער!—בעט ער — טו אַזוי, אַז ס׳זאָל מיין שבת נישט פֿאַרשטערט ווערן! איך, ליפּע דער שניידער, דאַרף דאָך דיך שוין נישט לערנען, ווי אַזוי!“

און פּלוצים דערפֿילט ער, אַז ס׳ווערט אים מיטאַמאָל גרינג דאָס האַרץ, גלייך ווי ער געפֿינט זיך גאָרנישט אין קיין מקום סכנה. אַ וואַרעמקייט צעגיסט זיך אין אַלע אברים, גלויבט ער שוין, אַז גאָט ברוך הוא האָט זיין געבעט דערהערט און ער וואַרט, וואָס מיט אים וועט געשען...

## ד.

אָפּגעדאַוונט מנחה, הויבט ליפּע אויף די אויגן און גיט אַ קוק. דערזעט ער, ווי צווישן די ביימער ליכט עפּעס אַ פֿייערל. קומט אים אויס די זאַך ווידער משונה׳דיק: פֿון וואַנען האָט זיך פּלוצים גענומען אַ פֿייערל אַהער, אַז פֿון זינט ער געדענקט, וואוינט דאָ אין וואַלד נישט קיין לעבעדיקער מענטש? פֿאַרשטייט ער שוין, אַז די זאַך איז נישט פּשוט; לאָזט ער איבער דאָס פּעקל אונטערן בוים און גייט אין יענער זייט, פֿון וואַנען דאָס פֿייערל ווינקט. זעט ער, אַז דאָס פֿייערל קומט אים ווי אַנטקעגן, און ווי ער האָט נאָר געמאַכט עטלאַכע טריט, וואַקסט אויס פֿאַר זיינע אויגן אַ וואונדער־שיינער פּאַלאַץ, אינגאַנצן געבויט פֿון מירמלשטיין, און אַלע פֿענסטער באַלויכטן מיט שבת־ליכט; נאָר אַרום און אַרום איז פּוסט און ליידיק — קיין מענטשן, קיין לעבעדיק באַשעפֿעניש זעט מען נישט.

מיינט ליפּע, אַז ס׳איז אַ חלום, און רייבט זיך די אויגן. זעט ער, אַז ס׳איז פֿאַרט אַן אמת׳ער פּאַלאַץ, וואָס ער האָט נאָך זיין גלייכן נישט געזען. פֿאַלט אים איין: אפֿשר וואוינען דאָ גזלנים אָדער נישט־גוטע... זעט ער אָבער, אַז די ליכט ווינקען צו אים אַזוי ליבלאַך, גלייך זיי פֿאַרבעטן אים צו זיך: „קום אַריין, ליפּע דער שניידער! דאָס האָט מען אונז צוליב דיר אָנגעצונדן — ס׳זאָל דיין שבת נישט פֿאַרשטערט ווערן...“ נעמט זיך ליפּע אַ מוט האַרץ, עפֿנט שטילערהייט די טיר פֿונ׳ם פּאַלאַץ און גייט אַריין.

און ליפּע דער שניידער האָט דאָרט מיט זיינע אויגן דערזען אַזוינס, וואָס ס׳האָט זיך אים קיינמאָל נישט גע׳חלומ׳ט אפֿילו. ס׳האָט געשימערירט אין די אויגן פֿון די טייערע קרישטאָלענע לייכטער און ס׳איז אים פֿאַרגאַנגען דער ריח פֿון טייערע מאכלים, וואָס זיינען געשטאַנען אויף גרויסע טישן, באַדעקט מיט קלאָר־ווייסע טישטוכער, פֿון די זעלטענע ווייַנען, וואָס האָבן געפֿינקלט אין די פֿלעשער; נאָר אַרום און אַרום איז אַלץ ליידיק — קיין מענטשן, קיין לעבעדיק באַשעפֿעניש זעט מען נישט.

קומט ער צו אַ טיר, און גייט איבער אין אַ צווייטן חדר, זעט ער, אַז דאָ זיינען די טישן פֿון גלאַנצנדיק זילבער און זילבערנע שטולן שטייען אַרום זיי און אויף די קלאָר־ווייסע טישטוכער שטייען צעשטעלט די זעלבע טייערע מאכלים און די ווייַנען פֿינקלען אין די פֿלעשער; נאָר אַרום און אַרום איז ליידיק — קיין מענטשן, קיין לעבעדיק באַשעפֿעניש זעט מען נישט.

גייט ער איבער אין אַ דריטן חדר. זיינען דאָרט שוין די טישן פֿון לויטער

נאָלד און גילדענע שטולן שטייען אַרום זיי, און די מאכלים שמעקן און די ווייַנען פינקלען; נאָר אַרום און אַרום איז אַלץ ליידיק — קיין מענטשן, קיין לעבעדיק באַשעפעניש זעט מען נישט.

גייט ער אַזוי פון חדר צו חדר, און וואָס ווייטער אַלץ שענער. אַלץ רייַכער — ביז ער קומט צום זעקסטן חדר, אינגאַנצן באַזעצט מיט בריליאַנטן און אַבנים טובות, אַז עס פאַרנעמט דאָס אויג; נאָר אויך דאָ איז אַרום און אַרום אַלץ ליידיק — קיין מענטשן, קיין לעבעדיק באַשעפעניש זעט מען נישט.

בלייבט ליפּע שוין פאַרבלענדט פון דעם אַלעם, וואָס זיינע אויגן האָבן געזען. — „רבונו של עולם!“ — רעדט ער צו זיך — בין איך, ליפּע דער שניידער, דען ווערט, אַז מיט מיר זאָל געטאָן ווערן אַזאַ נס?“

ה.

פּלוצים דערהערט ער אַזוי ווי אַ שטיל געזאַנג הויבט זיך אויף פון ערגעץ, שוועבט פון דערווייט, און קומט צו אַלץ נענטער. און אַ געזאַנג איז דאָס — ממש כלות הנפש; לויטערע טענער טריפן אַ רגע שטיל, פאַלן ווי ווייכע טוי־טראָפּנס און צעגיסן זיך גלייך, ווי אַ לעבעדיק וואַסערל צווישן סטעפּ־גראָז. פון אַ טיפעניש הויבט זיך דאָס געזאַנג און אָט פאַרשפּרייט זיך עס ווי אַ מעכטיקער פויגל מיט זיינע פליגלען, איבער אַלע חדרים פונם פּאַלאַץ און דערגרייכט אַלץ העכער און העכער. ליפּע רירט שוין מיט קיין גליד נישט. דאָס זיסע געזאַנג צעגיסט זיך אים אין אַלע אברים. הויבט אים אויף און טראָגט אים אַרום, ווי אַ גרינג פעדערל. אַ חידוש איז אים נאָר, וואָס דער ניגון זעט אים אויס אַזוי באַקענט. ער וואָלט געקאָנט שווערן, אַז ער האָט אים שוין געהערט נישט איין מאָל אין בית המדרש, נאָר קיינמאָל האָט ער זיין מתיקות נישט געשפּירט, ווי היינט. ער לייגט צו דעם אויער, און אָט צעגיסן זיך, ווי אַ ריינער גאָלד־קלאַנג, אָנגעזאַפּט מיט געטלאַכער פרייד, די ווערטער: „לכו נרננה לה׳ — קומט לאָמיר זינגען צו גאָט!...“

און ווי ער שטייט אַזוי פאַרגליווערט, עפנט זיך אויף די טיר און אַ גרייז־גראָער זקן, אין ווייסן געהילט, קומט אַריין, דערלאַנגט ליפּען אַ סידור און פאַרבעט אים מיט אַ וואונק, ער זאָל גיין נאָך אים. גייט ער נאָך דעם גרייז־גראָען זקן אַריין אין זיבעטן חדר, זעט ער אַ גאַנצע עדה זקנים, אַלע אין ווייסן געהילט, זייערע פּנים׳ער לויכטן, ווי ליכטיקע זונען, און זיי שטייען אַלע און זינגען אַ לויב־ליד דער מלכה שבת. פאַרשטייט שוין ליפּע, אַז ער איז אין גן־עדן התחתון און אַז ער זעט פאַר זיך לויטער צדיקים, גאונֵי־עולם, און בלייבט שטיין ווי צוגעקלעפּט צום אָרט, שעמט זיך די אויגן אויפצוהויבן. „רבונו של עולם! — טראַכט ער צו זיך: — ווי קום איך, ליפּע דער שניידער, אַהער?“ שטייט ער אַזוי ביז נאָך קידוש, הייבן זיך אויף די זקנים פון זייערע ערטער, גייען צו צו ליפּען, פאַרנויגן זיך פאַר אים און זאָגן אים פריינטלאַך: — גוט שבת, אורח!

און רעדנדיק מיט אים אַזוי, פאַרבעטן אים די זקנים צום טיש, און מען זעצט זיך אַלע עסן. מאָלט אייך שוין אַליין אויס, וואָס פאַר אַ סעודה איז דאָס געווען, וואָס פאַר אַ זמירות זיינען דאָס געווען! ליפּען האָט מען אַוועקגעזעצט אויבן־אָן, נאָר ער האָט אַלץ נישט פאַרגעסן, ווער ער איז, און געשעמט זיך צו עסן. האָבן אים די זקנים געשטאַרקט מיט גוטע רייד און אַזוי געזאָגט צו אים:

— עס, ליפּע, און זאָל דיר וואויל באַקומען! מיר האָבן שוין לאַנג אַזאַ אנגעלייגטן גאָסט נישט געהאַט!

עסט ער, נאָר אַ חידוש איז אים, וואָס דער טעם פון די מאכלים איז אים באַקענט. ער וואָלט געמעגט שווערן, אַז דאָס זיינען די זעלבע מאכלים, וואָס זיין ווייב נחמה גרייט צו שטענדיק אויף שבת.

ג.

האָט שוין ליפּע דער שניידער פאַרבראַכט אַ שבת. אויף אַלע אונזערע ליבע געזאָגט! אים האָט נאָר ווי געטאָן דאָס האַרץ, אַז ער האָט זיך דער־מאָנט אָן זיין ווייב נחמה און אָן זיינע קינדערלאַך, וואָס האָבן אַ פאַרשטערטן שבת איבער אים. נאָר ווי באַלד מ'האָט געמאַכט הבדלה, איז דער גאַנ־צער פּאַלאַץ פלוצים נעלם געוואָרן, און ליפּע זעט, אַז ער שטייט שוין ווידער־אַמאָל אונטערן בוים, וואו ער איז נעבטן געבליבן שטיין. דאָס פּעקל ליגט אויף זיין אָרט און דער שטעקן שטייט אריינגעשטעקט אין שניי. מאַכט ער עטלאַכע שפּאַן — וואו וואַלד, וואָס וואַלד? ער שטייט שוין אין שטעטל, נישט ווייט פון זיין שטיבל.

אין דערהיים מאַכט ליפּע אַ שווייג און דערציילט נישט קיינעם, וואו ער האָט פאַרבראַכט שבת, נאָר אַז זיין ווייב נחמה פלעגט שבת דערלאַנגען צום טיש די שמעקנדיקע פיש און אים, ווי איר שטייגער, זאָגן:

— ס'איז שוין פיש, ליפּע — דעם טעם גן־עדן האָבן זיי!

פלעגט ליפּע דער שניידער אפּטמאָל אַ שמייכל טאָן פאַר זיך און אַ זאָג טאָן:

— יאָ, יאָ, נחמה מיינע! איך ווייס שוין לאַנג, אַז דיינע שבת'דיקע מאכלים האָבן דעם אמת'ן טעם גן־עדן...

און וואָס ער האָט געמיינט מיט די ווערטער, האָט קיינער אין שטוב נישט פאַרשטאַנען.

יעקב פיכמאַן.

## שבת-שירה

צווישן וועגן ווילד פאַרוואַקסן,
וועגט פאַרהויקערטע פאַר שאַנד,
מיט געלימטע הענט צום געבן
וואוינט דער קבצן פון דעם לאַנד.

ס'שטייט ביי אונז אין אַלטן ספר
מיטן איינגעקנייטשן ראַנד
אַז אַ פייגל וועט ניט פּיקן,
וואו עס הערשט אַ קאַרגע האַנט...

איינמאָל נאָר אין שבת-שירה
שיט ער ברויזן אין דער גאַס,
פייגל שלייפן זיך די פּיסקעלאַך —
פּיקן? חלילה וחס!

לאַנג פאַרוואָרפן איז דאָס ספר
אין דער קבצן שוין אין גרוב;
מיט אַ גרויסן, ברייטן בויגן
מיידן פייגל אויס די שטוב.

מרים אולאַנאָווער.

# שבת־שירה־פייגעלאַך

קנעכט זיינען געווען אונזערע עלטערן ביי פּרעה'ן אין מצרים. פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן זיי שווער געאַרבעט. אויך ביינאַכט האָבן זיי קיין רו ניט געהאַט. נאָך איידער דער מאָרגנשטערן איז אויפגעגאַנגען, איז שוין דער אויפזעער מיט דער רוט געקומען: „שטייט אויף, קנעכט, צו דער אַרבעט!"

דאָס פאָלק פאַרלאָזט די געצעלטן, גייט אַוועק אין פעלד אַריין צו דער אַרבעט. די מוטערס שטייען אויף, גרייטן צו שפּייז פאַר זייערע מאַנען, איבערלאָזנדיק די קינדער אַליין אין די געצעלטן. די עלנדע קינדער זאַמלען זיך צונויף אויפן פעלד און שפּילן זיך. זיי זעען, ווי גאַנצע מחנות פייגל פליען אַרום מיט אַ הילכיקן געזאַנג אונטערן בלויען הימל. אָפטמאָל לאָזן זיך די פייגל אַראָפּ אויף דער ערד, און די קינדער וואַרפן זיי צו שטיקלאַך ברויט. די פייגעלאַך דערציילן זיי וועגן דעם שיינעם לאַנד, וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט באַרג; פון די טייכן, וואָס פליסן דאָרט; פון די בלומען, וואָס בליען אַזוי שיין. און זיי זינגען פריילאַכע לידער פון פרייהייט.

שטיל הערן זיך די קינדער צו און פרעגן: „זאָגט אונז, ליבע פייגעלאַך, זייט איר פריי, אָדער איר לעבט אין קנעכטשאַפט?" ·

און די פייגעלאַך ענטפערן מיט פרייד: „פריי זיינען מיר, ליבע קינדער! וואוהין מיר ווילן, פליען מיר. ניטאָ קיין בעסערע זאַך פון פרייהייט! האָט ליב, קינדער, די פרייהייט, און אַז איר וועט גרעסער ווערן, זאָלט איר זען באַפרייען זיך פון אייער קנעכטשאַפט". אַזוי האָבן די פייגל געזונגען.

אַמאָל אין אַ שיינעם פרילינג־פרימאָרגן זיינען די פייגעלאַך געקומען צופליען צו זייערע גוטע פריינט און האָבן דערזען, ווי די אידן שטייען אָנגעטאָן, גרייט אין וועג אַריין. זיי שטייען מיט די שטעקנס אין די הענט און איילן זיך צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואו זיי זיינען קנעכט געווען; און די געזיכטער זייערע זיינען געווענדט צו דעם שיינעם לאַנד, וואָס אויף יענער זייט באַרג.

די קינדער האָבן דערזען די פייגל און אויסגערופן מיט גרויס פרייד:

— פריי זיינען מיר, ליבע פייגעלאַך! מיר פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון קנעכטשאַפט!

און די פייגל האָבן געענטפערט מיט פריילאַכן געזאַנג, ווי זיי וואָלטן געגריסט די קינדער אויף דעם וועג פון פרייהייט און גליק.

און אַ מנהג איז דערפאַר ביי אידן פאַרבליבן: אַלע שבת־שירה וואַרפט מען פאַר די הונגעריקע פייגעלאַך שטיקלאַך־ברויט און קערנער.

מדרש.

# חמשה עשר אויבס

ביי שמואל מלמד אין חדר האָבן געלערנט נאָר אָרימע קינדער. אַז אַ פּאַ־טער איז געקומען אַריינגעבן זיין קינד אין חדר, פלעגט שמואל פרעגן: „ביסט אָרעם אָדער רייך" און אויב דער פאַטער האָט געענטפערט — „איך בין רייך!" — האָט ער זיין קינד ניט אַריינגענומען אין חדר.

און שמואל האָט ליב געהאַט זיינע אָרעמע תלמידים און די תלמידים האָבן אים אויך ליב געהאַט. וואו ער איז געגאַנגען און וואו ער איז געשטאַנען האָבן אים די תלמידים אַרומגערינגלט און געקלעפּט צו אים.

אַז זיינע שונאים האָבן אים געזען צווישן די קליינוואַרג, האָבן זיי געזאָגט: „אָט איז די קוואָקע מיט די הינדעלאַך!"

טאָג טעגלאַך זיינען די גוטע תלמידים אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, און אויך גיך געלאָפן אין חדר אַריין, זען דעם רבין און לערנען ביי אים. יעדעס קינד האָט ביי זיך געטראַכט: „איך וועל זיין דער ערשטער צו זאָגן דעם רבין, „גוט מאָרגן". אָבער שטענדיק זיינען אַלע גלייך געקומען, און ווי זיי וואָלטן אַלע געהאַט איין נשמה האָבן זיי אַלע מיט אַמאָל אויסגערופן:

— גוט מאָרגן, רבי!

— גוט מאָרגן, גוט יאָר אייך, קינדער! — פלעגט זיי שמואל ענטפערן מיט אַ שטראַלנדיק פּנים. און מיט פרייד האָט מען זיך געזעצט לערנען.

איינמאָל — דאָס איז געווען „חמשה עשר בשבט" — האָט זיך מיט אַלע קינדער געטראָפן דיזעלבע סיבה. אַלע האָבן פאַרשפּעטיקט.

די קינדער האָבן געוואוסט, אַז ס'איז חמשה עשר און אַז חמשה עשר ברענגט מען אין חדר אַריין ארץ ישראל'דיקע פירות: טייטלען, פייגן, ראָזשינקעס, וואָס דער רבי זאָגט, אַז דאָס זיינען ארץ ישראל'דיקע ווייַנטרויבן און ווען זיי זיינען געהאַנגען אויף די צווייגן פון די ווייַנשטאָקן זיינען זיי געווען פריש, גרויס און פול, נאָר זינט זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד זיינען זיי פאַרדאַרט און פאַרטריקנט געוואָרן. נאָר טרוקנערהייט זיינען זיי נאָך אַ סך זיסער און בעסער פון די פולע, גרויסע פלוימען.

אָבער די דאָזיקע פירות קאָסטן טייער. זיי צו קויפן דאַרף מען האָבן געלט. און אָרעמע קינדער האָבן ניט קיין געלט. געלט דאַרף מען בעטן ביים טאַטן, ביי דער מאַמען. אָבער דער טאַטע קוקט מיט כעס און שווייגט, און די מאַמע ביי־זערט זיך: „מיר דאַרט דער מוח, וואו נעמט מען אַ שטיקל ברויט אויף אָנ־בייסן און דעם פרעסער ווילט זיך גאָר אויבס!"

— מ'וועט שוין היינט מוזן אויסקומען אָן פירות — האָט איין אינגל ביי זיך באַשלאָסן — אָבער ווי אַזוי קומט מען אין חדר אַריין מיט ליידיקע הענט, ווען אַלע קינדער ברענגען פירות? איך וועל שוין בעסער פאַרשפּעטיקן און דערוויַיל וועלן די קינדער אויפעסן זייער אויבס!

אַזוי האָט געטראַכט יעדער פון די קינדער, און אַלע האָבן פאַרשפּעטיקט. זיינען אַלע גלייך געקומען אין חדר אַריין.

יעדער האָט געהאַלטן די אויגן צו דר'ערד, כדי נישט צו זען די פולע פייגן. די פייכטע גלאַנציקע טייטלען, די שוואַרצע ראָזשינקעס און די רויטע מילגרוי־מען, וואָס די חברים האָבן. יעדער האָט ביי זיך געטראַכט, אַז אַלע חברים קוקן

אויף זיינע לײדיקע הענט און לאַכן שטילערהייט. ווען זיי האָבן שפּעטער דער־זען, אַז אַלע זיינען געקומען מיט ליידיקן, האָבן זיי זיך שטאַרק דערפרייט.

— דו האָסט אויך גאָרניט געבראַכט?

— דער טאַטע האָט געזאָגט, ס'איז ניטאָ קיין געלט. איך האָב געוויינט, אָבער ער האָט ניט געגעבן.

— מיין טאַטע האָט געשוויגן, ס'איז ניטאָ קיין געלט, האָט ער ניט געגעבן, גלייך ווי דיינער. און דו?

— איך האָב זיך געמאַכט וויינענדיק, אָבער מיין מאַמע האָט פאַרכאַפּט און זיך פריער צעוויינט.

— מיר דאַכט זיך, אַז מיין מאַמע האָט אויך געוואָלט וויינען, נאָר אַנ־שטאָט וויינען האָט זי אָנגעהויבן שרייען.

— וואָס זשע וועלן מיר טאָן?

— מיר איז איינגעפאַלן אַ גוטער געדאַנק — האָט זיך אָנגערופן בצלאל, דאָס גרעסטע אינגל — זאָל יעדער פון אונז דערציילן אַ שיינע מעשה וועגן חמשה עשר.

— אָדער וועגן ארץ ישראל — האָט זיך אָפּגערופן אַן אַנדער אינגל — ארץ ישראל איז דאָך די היים פון די זיסע פּירות, וואָס מען עסט היינט.

— אויך וועגן ביימער און וועלדער — האָט פאַרגעשלאָגן בנימין, דער קלענסטער צווישן די תלמידים — חמשה עשר איז דאָך דער ראש השנה פון די ביימער.

— און אויך וועגן פייגל, וואָרים די פייגל וואוינען דאָך צווישן די ביימער!

די עצה איז אַלעמען געפעלן און ווען דער רבי האָט זיי פריי געלאָזן, האָבן זיי געוואָרפן גורל ווער עס זאָל דערציילן דער ערשטער, און דער גורל איז גע־פאַלן אויף בצלאל'ן.

בצלאל איז געוואָרן ערנסט, האָט געקנייטשט דעם שטערן, האָט אויסגע־נומען מען זאָל אים ניט איבערשלאָגן אין מיטן און ער האָט אָנגעהויבן דער־ציילן.

— געווען איז דאָס אַמאָל, אַמאָל. נאָך איידער עס איז געבוירן געוואָרן תובל קין, דער ערשטער שמיד. דאַן האָבן זיך די וועלדער נאָך ניט געשראָקן פאַר קיין האַק און די געוויקסן זיינען נאָך ניט פאַרטיליקט געוואָרן פון מענטש־לאַכע הענט. ווען די צייט איז געקומען זיינען זיי געשטאָרבן אַ נאַטירלאַכן טויט.

— וואָס איז דאָס אַ נאַטירלאַכער טויט? — האָט דער קליינער בנימין גע־פרעגט.

— אַ נאַטירלאַכער טויט איז אַ טויט, וואָס קומט פון גאָט.

— און וואָס איז אַ טויט, וואָס קומט פון גאָט?

— אַ טויט וואָס קומט פון גאָט, איז אַ טויט וואָס קומט פון גאָט ניט פון קיין מענטשן. אָבער שלאָג מיר ניט איבער.

— אין יענער צייט איז דער ראש משנה פון די ביימער ניט אויסגעקומען חמשה עשר בשבט.

— ווען דען?

— ווען? מן הסתם האָבן זיי תפילה געטאָן ווען עס האָט זיך זיי פאַר־וואָלט. איר ווייסט דאָך, אַז די ביימער זיינען „בעלי תפלות!" און אפשר האָבן

זיי געמאכט ראָש השנה ווען אַ סך פייגל זיינען אַנגעפלויגן אין וואַלד. איך ווייס דאָס ניט באַשטימט. איך בין אָבער זיכער, אַז ניט חמישה עשר בשבט איז עס אויסגעקומען.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס?

— אויב ניט, איז די גאַנצע מעשה וואָס איך דערצייל אייך ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. אָבער פּאַרוואָס שלאָגט איר מיר איבער? ! איך האָב דאָך מיט אייך אויסגענומען איר זאָלט מיר ניט איבערשלאָגן. אויב איר ווילט, וועל איך גאָר אויפהערן דערציילן.

— ניין, ניין! דערצייל, מיר וועלן אַלע שווייגן.

— שווערט מיר!

אַלע איינגלאַך האָבן אַרויסגענומען זייערע ציצית און אַ קוש געטאָן, און בצלאל האָט ווייטער דערציילט.

— ראָש השנה פון די ביימער איז דאָן ניט אויסגעקומען חמישה עשר, די וועלדער האָבן זיך נאָך ניט געשראָקן פאַר דער האַק און זיינען געוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט.

— נאָר איין פראַגע, בצלאל! ביזט מיט מתיר מיין שבועה?

— איך בין מתיר, אָבער נאָר איין פראַגע!

— פאַר וואָס אין דער ברייט און אין דער לענג און ניט אין דער הויך?

— איך האָב אייך דאָס אַליין געוואָלט זאָגן. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז זיי וועלן וואַקסן זייער הויך וועלן זיי אַנרירן דעם הייליקן הימל, די הייליקע זון, די לבנה און די שטערן.

זיינען די וועלדער געוואַקסן אין דער ברייט און אין דער לענג און האָבן אפילו ניט געוואַגט אַרויפקוקן צום הימל. זיינען די ביימער פון יענער צייט געווען קורצע און דיקע.

זיי האָבן איינגעפלאָנטערט זייערע צווייגן איינע אין די אַנדערע, אַז די שטראַלן פון דער זון האָבן ניט געקענט דורכדרינגען. און ס'איז געוואָרן פינס־טער אין וואַלד. און די ערד צווישן די ביימער האָט ניט געוואוסט, צי עס איז פאַראַן אַ הימל אין דער הויך.

אין דער גערעכטעניש פון וואַלד האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן פוקסן, וועלף, לייבן, לעמפּערטן און אַלערליי ווילדע חיות.

און קיין ווילדע ביימער זיינען נאָך דאָן ניט געווען. אויף אַלע ביימער זיי־נען געוואַקסן געשמאַקע פּרוכטן.

— אַזוי ווי די ארץ ישראל'דיקע טייטלען?

— כמעט ווי די ארץ ישראל'דיקע טייטלען. אָבער די מענטשן האָבן די זיסע פּרוכטן ניט געגעסן, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די לייבן און לעמ־פּערטן צו קומען אין וואַלד אַריין. זיינען די פּרוכטן אַרונטערגעפאַלן און צע־פוילט געוואָרן. זייערע קערנער זיינען אַריינגעוואַקסן אין דער ערד און נאָכדעם אַרויסגעלאָזן שפּראָצונגען.

יאָר נאָך יאָר זיינען די פּירות אַרונטערגעפאַלן און עס זיינען אַרויסגע־קומען נייע שפּראָצונגען. די שפּראָצונגען זיינען אויסגעוואַקסן און גרויס גע־וואָרן. אין וואַלד איז אויסגעוואַקסן אַ נייער דור, יונגע, פרישע, שיינע און שטאָלצע ביימער אָן איין קנייטשעלע אויף זייער קאָרע.

די יונגע האָבן זיך געמערט און עס איז געוואָרן ענג.

די אַלטע ביימער זיינען אפילו געווען זייער געדולדיק. זיי האָבן דערלויבט די יונגע אויסצושפּרייטן זייערע צאַרטע צווייגן צווישן די אַלטע פאַרפלאָנטער־טע צווייגן. זיי האָבן זיך ניט ווינסדיק געמאַכט ווען די יונגע האָבן אָנגעלענט זייערע צווייגן אויף די אַלטע אַקסלען און שטאַמען. אָבער די יונגע האָבן זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן: „ס'איז אונז ענג! וואָס פאַר אַ נאַרישן וועג האָט איר, אַלטע, זיך אויסגעקליבן צו וואַקסן נאָר אין דער ברייט? ! צום הימל! צום הימל! לאָמיר אויפהייבן אונזערע צווייגן צום הימל!“

זיינען די אַלטע פאַרציטערט געוואָרן פון די רייד. זיי האָבן די ווערטער־געהאַלטן פאַר אַ באַליידיקונג און לעסטערונג קעגן די הייליקע הימלען, און זיי האָבן זיך אָנגערופן:

— וואָס רעדט איר ווילדע יונגען? ! צום הימל, צו דער זון, צו די הייליקע שטערן? !

— וואָס שרייט איר — האָבן די יונגע געענטפערט — אדרבה, אויב די הימלען זיינען אייך הייליק, איז דאָך גוט מיר זאָלן זיך אויפהייבן צו זיי, וועלן מיר אויך הייליק ווערן!

איז געוואָרן אַ קריג צווישן די יונגע און די אַלטע. די בערן פון וואַלד האָבן זיך אויך אַריינגעמישט און אַרויסגעזאָגט זייער מיינונג, אַז די אַלטע זיינען גערעכט. אָבער די יונגע האָבן אויף זיי געשאָקלט מיטן קאָפּ: מיר פאַרשטייען אייער מיין. איר דאַרפט נייע קוסטן פאַר אייערע קינדער! עס פאַרדריסט אייך, וואָס די פינסטערניש אין וואַלד וועט קלענער ווערן. צום הימל! זאָל אונזער ערד אויך זען, אַז ס'איז פאַראַן אַ קלאָרער הימל אויבן!

די יונגע זיינען געווען אין כעס אויף די אַלטע און די אַלטע אויף די יונגע. איז מען געגאַנגען און געמאַכט ראש השנה פאַר די ביימער. און די אַלטע האָבן זיך געשטעלט תפילה טאָן.

און די יונגע?

— די יונגע? זיי האָבן ניט געקענט קיין עברי.

האָבן די אַלטע גאָט געבעטן עס זאָל קומען אַ שטורם און אַ האָגל אויפן יונגן דור, וואָס באַליידיקט הייליקייטן.

— בעסער זיי זאָלן שטאַרבן — האָבן די אַלטע געשריען — איידער זיי זאָלן איינפירן נייע מנהגים אין וואַלד!

און אַנדערע ביימער האָבן געזאָגט: — ס'איז בעסער מיר זאָלן בלייבן אָן קינדער, איידער האָבן קינדער וואָס זיינען מחלל הקודש.

האָט זיך גאָטס צאָרן אויסגעגאָסן אויפן וואַלד און ס'איז אויף אים געקו־מען אַ טרוקעניש און אַ האָגל, און יונג און אַלט זיינען געשטאָרבן דורך אַלערליי מיתות משונות. און די, וואָס זיינען געבליבן לעבן האָבן אָנגעהויבן פוילן פון אינעווייניק. יענעם יאָר איז געבווידן געוואָרן תובל קין. דער ערשטער שמיד פון העק. און אויף די ביימער, וואָס האָבן געבעטן זיי זאָלן בלייבן אָן קינדער, איז אַרויס, זיי זאָלן אייביק בלייבן פּרוכטלאָז.

און כדי די ביימער זאָלן מער ניט בעטן אַזעלכע שלעכטע זאַכן איז אַרויס אַ גזירה אויפן וואַלד. זיין ראש השנה זאָל אויסגעקומען אין חדש שבט. ווען די ביימער זיינען פאַרזונקען אין ווינטערדיקן שלאָף און אַלע געוויקסן פון דער ערד דרעמלען אונטערן צודעק פון שניי.

אויך אויפן בער איז נגזר געוואָרן ער זאָל שלאָפן דעם גאַנצן ווינטער, דער־

פאַר וואָס ער האָט געהאָלפֿן אין דעם קריג צווישן די אַלטע מיט די יונגע, וואָס האָבן געוואָלט וואַקסן אין דער הויך.

שמואל מלמד איז דאַן געלעגן אויף זיין בעטל און געוויכערט זיין לאַנגע ליולקע. און ווען ער האָט געהערט דעם שמועס פֿון די קינדער, איז עס אים זייער געפֿעלן און ער האָט נאָך שטאַרקער געוויכערט, כדי דער רויך זאָל אים פֿאַר־שטעלן, די קינדער זאָלן אים ניט זען און זיך ניט שעמען דערציילן זייערע מעשיות.

אַלע קינדער האָבן זיך געווענדט מיט זייערע אויגן צו אַ צווייטן אינגל, ער זאָל דערציילן זיין מעשה.

דאָס אינגל האָט פֿאַרקנייטשט דעם שטערן. דורכגעלאָפֿן אין געדאַנקען אַלע מעשיות וואָס האָט ער געקענט, אָבער ער האָט ניט געפֿונען אַפֿילו איינע וואָס זאָל האָבן צו טאָן מיט חמישה עשר. ער ווייסט מעשיות פֿון צוויי ברידער וואָס איינער איז געווען אַן אָרעמאַן און דער צווייטער אַן עושר, פֿון אַ קנעכט און אַ מלך, און אויך פֿון אַ פּרינצעסין וואָס האָט זיך דורך כישוף אויפֿגעבויט אַ פּאַ־לאַץ אין דער לופֿטן. ער ווייס אויך מעשיות פֿון גהינום און גן עדן, אָבער אין די אַלע מעשיות איז נישטאָ קיין ביימער און אַפֿילו ניט קיין בלום אָדער אַ פֿויגל. ער ווייסט די מעשה פֿון דער ראָב און דער טויב וואָס נח האָט זיי אַרויסגע־שיקט פֿון תבה, אָבער דאָס איז דאָך ניט קיין מעשה, דאָס איז „חומש". איז דאָס אינגל געזעסן און געטראַכט און אַלע אינגלאַך זיינען געשטאַנען און שטיל גע־וואַרט אויף זיין מעשה. דעריווייל רופֿט זיך אָן שמואל מלמד פֿון צווישן דעם וואָלקן רויך, וואָס איז אַרויסגעקומען פֿון זיין ליולקע.

— קינדער! וועט איר מיך צונעמען פֿאַר אַ שותף צום חמישה עשר אויבס? איך האָב אויך נישט קיין גראַשן צו קויפֿן פּירות, וויל איך יוצא זיין מיט אַ מעשה, אַזוי ווי איר. ווילט איר אייער רבין פֿאַר אַ שותף?

— מיר ווילן, מיר ווילן! — האָבן אַלע איינשטימיק געענטפֿערט.

דער רבי איז אויפֿגעשטאַנען פֿון זיין אָרט, און די קינדער האָבן זיך אַרום אים אַרומגעזעצט אין אַ האַלבן ראָד און האָבן כמעט זייער אָטעם איינגעהאַלטן, זיי זאָלן ניט שטערן דעם רבין דערציילן זיין מעשה.

און דער רבי דערציילט:

— דער אַלטער שלמה האָט אין זיין קאַסטן געהאַט באַהאַלטן אַ טייערן אוצר, אַ זעקעלע ארץ ישראל ערד, וואָס זיין טאַטע האָט אים געשיקט פֿון טבריה.

און זיין קליינער זון, אביגדור, האָט אויך געהאַט אַ טייערן אוצר. דאָס איז געווען אַ ביינדל פֿון אַ טייטל, וואָס איז אים געבליבן פֿון חמישה עשר אויבס. אַלע קינדער האָבן געגעסן זייערע פּירות. און די ביינדלאַך האָבן זיי אַוועקגע־וואָרפֿן, און ער האָט געהאַט ניט מער ווי איין טייטל און זיין האַרץ האָט אים ניט דערלאָזן אַוועקוואַרפֿן דאָס ביינדל.

דער בוים וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם טייטל, איז דאָך אַרויסגעקומען פֿון אַזאַ ביינדל, און יענץ ביינדל איז דאָך געוואַקסן אויף אַ בוים, וואָס איז אויך אַרויסגעקומען פֿון אַזאַ ביינדל.

און אַז אַ באָקסער־בוים, וואָס זיינע פּירות זיינען נישט אַזוי זיס. געדויערט זיבן יאָר ביז עס וואַקסן אויף אים פּירות, היינט אַ טייטל־בוים, וואָס זיינע פּירות זיינען זיס געדויערט זיכער זיבן יאָר!

און אויב ער הויבט אן ארויסגעבן ערשט צו זיבן יאר, לעבט ער דאך גע־
וויס אפשר טויזנט יאר.

דאס מיינט, אז מיין ביינדל איז אן אייניקל פון א בוים, וואס איז מיט
צוויי טויזנט יאר צוריק געוועזן ערגעץ ארום ירושלים.

פון דעם דאזיקן בוים — דער זיידע פון מיין ביינדל — פלעגט מען ברענ־
גען „בכורים" קיין ירושלים. פון דעם בוים האט מען גענומען לולבים פאר דער
פראצעסיע ארום מזבח. דער בוים האט געקענט ירמיה'ן, ישעיה'ן, שלמה'ן
און שולמית'ן, און אפשר איז עס געווען דער טייטל־בוים פון דבורה הנביאה!

די געדאנקען האבן זיין הארץ אנגעפילט מיט הייליקע געפילן צו זיין
ביינדל. עס האט זיך אים געדאכט, אז די אבות, די נביאים און מלכים, דער גאנ־
צער דור פון תנ"ך האט עס אים געשיקט א מתנה, אים דעם קליינעם אביגדור.

האט דאס אינגל געהיט דאס ביינדל ווי דאס שווארצאפל פון זיין אויג.
און איינמאל איז אים איינגעפאלן א געדאנק.

— איך וועל נעמען א ביסל ארץ־ישראל ערד פון מיין טאטנ'ס זעקעלע
און וועל עס ארייננטאן אין א בלומענטאפ און דארט פארפלאנצן מיין ביינדל.
אין אנאנדער ערד וועלן קיין ארץ ישראל'דיקע פרוכטן נישט וואקסן, וועלן מיר
זען וואס וועט ארויסקומען פון דעם ביינדל, ווען עס וועט זיין באגראבן אין
ארץ ישראל ערד!

דאס אינגל האט געוואוסט, אז אפילו ווען עס וועט פון ביינדל ארויס־
שפראצן א ביימל, וועט ער ניט זוכה זיין צו עסן זיינע פירות, ווייל ווער ווייס
ווי לאנג עס וועט געדויערן ביז ס'וועלן אויף אים אנהייבן וואקסן פירות. אבער
ער איז ניט אויסן געווען די פירות. פירות קען ער קויפן אין קראם. ער האט
פון זיין ביינדל געוואלט זען א בוים, וואס וועט זיין אן אייניקל פון יענעם בוים
פון וועלכן מען פלעגט ברענגען בכורים.

און ווי ער האט געטראכט אזוי האט ער געטאן. ער האט גענומען א בלו־
מענטאפ אין וועלכן זיין שוועסטער האט געהאלטן קינסטלאכע בלומען.

— וואס מיינט קינסטלאכע בלומען? — האט איין אינגל געפרעגט.

—— קינסטלאכע בלומען זיינען בלומען, וואס וואקסן ניט אליין, נאר
מענטשן מאכן זיי. מען נעמט דראטן און מען וויקלט זיי ארום מיט פאדעם און
זייד, וואס זעט אויס ווי בלומען, אבער צו אמת'ע בלומען קומען זיי ניט, ווייל
זיי האבן אין זיך ניט קיין לעבן. דאס זיינען קינסטלאכע בלומען.

האט דאס אינגל ארויסגעריסן די קינסטלאכע בלומען און האט אויסגע־
שאטן די ערד פון בלומענטאפ, און האט אים אנגעפילט מיט דער הייליקער ערד
און איינגעזעצט דאס ביינדל, און אלע טאג האט ער געהאפט צו דערזען א
בלעטל ארויסשפראצן פון ביינדל. אבער ס'איז קיין בלעטל ניט אויפגעגאנגען.

דאס אינגל האט ניט געשפארט קיין ארבעט, ער האט דעם בלומענטאפ
געשטעלט אויף דער זון און צוויי מאל א טאג באגאסן מיט וואסער. אבער אומ־
זיסט! די הייליקע ערד גיט ניט ארויס איר קראפט אין דער פרעמד.

עס איז אריבער א לאנגע צייט און ס'איז אנגעקומען חמשה עשר בשבט.
דאס אינגל איז יענעם טאג געווען קראנק און איז ניט געגאנגען אין חדר אריין.
האט ער זיך אוועקגעזעצט לעבן זיין בלומענטאפ עסן זיין חמשה עשר אויבס.

נאכן עסן האט ער א קוק געטאן אויף זיין בלומענטאפ און דערזען ווי עס
שפראצט אויס און גייט אויף א גרין בלעטל. און ער האט זיך געפרייט.

אבער זיין פרייד האט ניט לאנג געדויערט. ווארים נאך עטלאכע חדשים האט ער געזען אז דאס בלעטל ווערט ניט גרעסער און עפעס ווי עס וואלט אנגעהויבן וועלקן.

עס איז אים שווער געווען צו קוקן אויף דעם אומגליקלאכן שטענגעלע. עס האט זיך אים געדאכט, אז דאס צארטע בלעטעלע טרויערט, און ווי עס וואלט זאגן: צו וואס האסטו מיך אויפגערודערט און ארויסגעצויגן פון מיין וועלט, פון דעם בויך פון ביינדל? ערד האסטו מיר געגעבן, אבער זון און הימל, מיין זון, מיין הימל — וואו זיינען זיי?

און דאס בלעטעלע איז ווירקלאך געווען אומעטיק, און וואלט עס געקענט רעדן. וואלט עס געווען געשריען: גיב מיר אמת'ע זונען שטראלן! דיינע זונען־שטראלן זיינען קרומע, קאלטע, קינסטלאכע. זיי קומען אהער באהאלטן ווי פאר'גנב'עט!

דאס אינגל האט רחמנות געהאט אויף דעם אומגליקלאכן בלעטל און זיינע צרות האבן אים שטארק געקרענקט. ניט איינמאל האט ער געוואלט צעברעכן דעם בלומענטאפ און ראטעווען דאס אומגליקלאכע געוויקס פון אן אייביקער מאטערניש. נאר זיין הארץ האט אים ניט דערלאזן טאן אזא זאך. „ב'וועל האפן — האט ער זיך געטרייסט — דערווייל איז עס דאך נאך ניט פארוועלקט געווארן, אפשר וועט עס נאך בלייבן לעבן!"

טעג, וואכן און חדשים זיינען אוועק, און די שפראצינג איז ניט געוואקסן פון דער ווארעמקייט פון פרילינג און ניט געוועלקט פון דער קעלט פון ווינטער. זי איז געשטאנען אויף איין ארט. דערווייל איז אנגעקומען חנוכה. דער אלטער שלמה איז געקומען פון שול און אוועקגעשטעלט דאס חנוכה לעמפל אויפן פענסטער אויף וועלכן עס איז געשטאנען דער בלומענטאפ. ער האט געמאכט די „ברכות" און אנגעצינדן דאס ערשטע ליכטל. ווען פון דעם ליכט איז ארויס א פלאם, איז דעם בלעטעלע ווארעם געווארן און מיט פרייד האט דאס אינגל דערזען, אז דאס ביימעלע וואקסט און ווערט גרעסער.

די צווייטע נאכט איז עס אביסעלע גרעסער געווארן. די דריטע נאכט האט זיך עס אויסגעגלייכט. די פערטע נאכט האבן ארויסגעשפראצט צוויי שיינע, צארטע, פרישע און צוזאמענגעוואקסענע בלעטלאך. די פינפטע נאכט האט זיך דער צווילינג צעשיידט און געמאכט פלאץ פאר א נייע פארל בלעטער. די זעקסטע נאכט האט זיך געוויזן א קליין צווייגעלע. די זיבעטע נאכט איז עס גרעסער געווארן און די אכטע נאכט איז עס שוין א קליין, גליך ביימל, וואס איז גרייט זיך אויפצוהויבן ביז צום הימל.

דעם אינגל האט שטארק פארדראסן, וואס די מאקאבייער האבן ניט באשטימט מער ווי אכט טעג חנוכה, נאר ער האט זיך געטרייסט מיט דער האפענונג, אז ניט קיין זון און ניט קיין וואסער וועלן געבן דעם בוים לעבן. דער בוים דארף חנוכה ליכט און דאס אינגל האט געווארט.

— דעם סוף פון ביימל — האט דער מלמד צוגעגעבן — ווייס איך ניט. עס זיינען פאראן וועגן דעם אלערליי מיינונגען, אבער אלע זאגן, אז דער דאזיקער בוים געפינט זיך נאך היינט ערגעץ אין א אידיש הויז. ער גייט איבער בירושה פון איין דור צום אנדערן, און פון חנוכה צו חנוכה ווערט ער אלץ גרעסער. אויף דעם בוים וועלן זיכער אמאל וואקסן פירות. אבער דאן וועט פאר אים ניט גענוג זיין דער בלומענטאפ.

יהודה שטיינבערג.



## ערב פרילינג

כ'האָב ליב צו וואַנדערן אין פעלד,
ווען פון דעם פרילינג ווייזט זיך קיים אַ סימן,
ווען אויף די בייטן ליגט נאָך ווייסער פראָסט,
און אויפן הימל ווינטער־כמאַרעס שווימען...

ווען שטום נאָך איז דער ערשטער פויגל־כאָר,
נאָך ניט דערוואַכט דער זיסער פרילינג־טומל,
ווען טיף אין דר'ערד נאָך טוליען זיך פון קעלט
די וואָרצלען פון דעם ערשטן ניסן־בלומל.

דאַן האָב איך ליב אַרויסגיין אויפן שניי
און דאָ און דאָרט דערזען אַ פלעק אַ גרינעם,
און ליב צו הערן אונטער מיינע טריט,
ווי עס קנאַקט די שאָלאַכן פון דעם אייז דעם דינעם...

און ליב צו אָטעמען דעם ערד־גערוך,
די וואַרימקייט און פייכטקייט פון געבערן,
דען זיסער ווי אין פולער בלומען־פראַכט
מיר איז דער פרילינג אין זיין אָנהויב ווערן...

יהואָש.

## פורים צו דער סעודה

דער זיידע רב מאיר איז דער גרעסטער גביר פון שטאָט. ער זיצט ווי אַ מאָנאַרך. אַ גרויסער זאַל מיט אַ גרויסן זילבערנעם הענגלייכטער, וואָס הענגט אַראָפּ פון דער מיט סטעליע. טאַמביקענע העסעס אויף די ווענט. אַ גרויסע, שווערע זילבערנע מנורה אויפן טיש מיט אַ סך זילבערנע לייכטער, וואָס די באָבע נחמה נעמט זיי אַרויס נאָר צוויי מאָל אין יאָר : פסח צום סדר און פורים צו דער סעודה, און עס ווערט ליכטיק אין אַלע ווינקעלאַך.

גאַנץ אויבנאָן, אויף אַ גרויסן שטול מיט גרינעם באַצויגן זיצט דער

זיידע רב מאיר אַליין — אַ קליין אידל, מיט אַ שיטער בערדל, מיט אַביסל אַן אויסגעבויגענער נאָז, מיט זילבערנע האָר און מיט שוואַרצע יונגע אויגן. אָנגעטאָן גייט ער אין אַ לאַנגע זיידענע קאַפּאָטע מיט אַ געפלאָכטענעם גאַרטל און מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ. אַנטקעגן אים אויפן טיש זיצט אַ גרויסער, אַ מורא'דיקער, אַ געפלאָכטענער פּורים־קוילעטש, אַן אָנגעהויבענער שוין, מיט זאַפראַן פאַרגעלט און מיט ראָזשינקעס אַרומגעשטעקט.

פונקט אינמיטן טיש זיצט די באָבע נחמה, אַ הויכע אידענע, נאָך גאָר אַ שיינע, אויסגעפּוצט אין אַ גאָלדפאַרביק זיידן־קלייד מיט ווייסע שפּרענקעלאַך, מיט אַ שטערנטיכל פון דימענטן און בריליאַנטן, מיט רייכע פּערל אויפן האַלז, מיט אוירינגלאַך און מיט פינגערלאַך. לעבן איר שטייט אַ גאַנץ גרויסער פּאַלומעסיק, מיט הייסע, שמעקעדיקע, געצוקערטע און געפעפערטע פיש, פאַרפּראַוועט מיט ציבעלעס, מיט ראָזשינקעס און מיט אַלערליי געווירצן. די באָבע טיילט אַרויס די פיש, די שיינע, זיידענע פאַטשיילע פאַרקאַטשעט אונטער די אויערן מיט צוויי שפּיצן, די דימענטן מיט די בריליאַנטן בשעת־מעשה פינקלען און שעמערירן, און דאָס פּנים שיינט און שמייכלט.

אַרום און אַרום טיש פון ביידע זייטן זיצן די פעטערס מיט די מומעס, אַלע מיט זייערע קינדער, אינגעלאַך און מיידעלאַך, וואָס הייסן אַלע נאָך אַלצאיינע זיידעס און באָבעס, פעטערס און מומעס. פריער דער פעטער צדוק און די מומע צביה מיט דריי אינגלאַך: משהלע, הערשעלע, וועלוועלע, און צוויי מיידלאַך: שרהלע, פייגעלע. נאָכדעם דער פעטער נפתלי און די מומע דבורהלע מיט פיר אינגלאַך: משהלע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, און דריי מיידלאַך: שרהלע, פייגעלע, רחלע. נאָכדעם דער פעטער אברהם און די מומע סאָסי מיט פינף אינגלאַך: משהלע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע, און פיר מיידלאַך: שרהלע, פייגעלע, רחלע, טייבעלע, נאָכדעם דער פעטער בעריש און די מומע אסתר מיט זעקס אינגלאַך: משהלע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע, פישעלע, און פינף מיידלאַך: שרהלע, פייגעלע, רחלע, טייבעלע, און חנצע. נאָכדעם דער פעטער בנימין און די מומע לאה מיט זיבן אינגלאַך: משהלע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע, פישעלע, שמואליק, און זעקס מיידלאַך: שרהלע, פייגעלע, רחלע, טייבעלע, הנצע און גנענדל. נאָכדעם דער פעטער קלמן און די מומע איטל מיט אַכט אינגלאַך...

צונויפגעקליבן זיך אַלע צו דער סעודה, זעצט דער זיידע אַליין אויס דעם גאַנצן טיש. דער זיידע רב מאיר האָט ליב, ס'זאָל זיין שיין און ריין און ציכטיק און מיט אַ סדר — עס קומט אויס גוט: אַ פעטער לעבן אַ פעטער, אַ מומע לעבן אַ מומע, און אונז, קליינוואַרג, צעזעצט מען אויס אַזוי, אַז ס'זאָל אויסקומען נישט אַ ברודער מיט אַ ברודער און אַ שוועסטער מיט אַ שוועסטער, מחמת אייגענע קאָנען נישט הויזן צווישן זיך; לכן באַדאַרף זיצן אַ פרעמדער משהלע מיט אַ פרעמדן הערשעלע; און אַ פרעמדער הערשעלע מיט אַ פרעמדן וועלוועלע, און אַ וועלוועלע מיט אַ נאָטעלע, אַ נאָטעלע מיט אַ יענקעלע, אַ יענקעלע מיט אַ פישעלע, אַ פישעלע מיט אַ שמואליק. און די מיידלאַך אויך אַזוי: אַ שרהלע מיט אַ

פייגעלע, אַ פייגעלע מיט אַ רהלע, אַ רהלע מיט אַ טייבעלע, אַ טייבעלע מיט אַ הנהלע און אַזוי ווייטער. נאָר מיר האָט ניט געסטאַיעט קיין פּאָרך, האָט מען מיך אַוועקגעזעצט מיט מיין מלאך־המות, דעם רבין רב איצע. דער רבי רב איצע איז ביי מיר נישט נאָר אַ מלמד, אַ לערער אַליין, נאָר אויך אַ מדריך, אַ וועגווייזער, אַ מין גובערנאַנטקע אויף צו לערנען מיך דרך־ארץ, ווי אַזוי צו זיצן ביים טיש און ווי אַזוי צו עסן.

— אַז דו זיצט ביים טיש — אַזוי האָט מיך געלערנט מיין „גובער־נאַנטקע" רב איצע — זאָלסטו זיצן ווי אַ מענטש, דו זאָלסט קוקן גלייך, און די הענט, זאָלסטו האַלטן אונטערן טיש און נישט ריידן ביים עסן. און אַז דו עסט לאָקשן מיט יויך זאָלסטו אָננעמען מיט דעם לעפל פונקט אַזויפיל לאָקשן, וויפיל יויך; אַ זופּ יויך און אַוועקגעלייגט די לעפל און אָפּגעווישט די ליפּן; און ווידער אַ זופּ יויך און ווידער אַוועקגעלייגט די לעפל און ווידער אָפּגעווישט די ליפּן, ניט כאַפּן איין לעפל נאָכן אַנ־דערן, ווי אַ גוי...

שושנת יע—ע—ע—קב!

אַזוי הויבט אָן דער זיינע זינגען מיט זייער אַן אָנגענעמער שטי־מע תיכף נאָכן ערשטן גלעזל ווין און קנאַקט צו בשעת מעשה מיטן פינגער און דער גאַנצער עולם כאַפּט אונטער; צהלה ושמחה! אויף אַלע קולות, אַלע מאָל העכער און העכער.

שלום עליכם.

# הערשעלע



איינער פון די ישיבה בחורים, וואָס האָט גע־האַט אַ קול־נגינה, האָט פאָרגעלייגט מאַכן פורים אַ פאָרשטעלונג פון „מכירת יוסף". אַלע ישיבה־בחורים האָבן זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט. נאָך פיל רייד האָט מען צעטיילט די ראָלן און דער בית־המדרש איז פול געוואָרן מיט געזאַנג. הערשעלע האָט דיריגירט און אַלע האָבן אויף זיין וואונק געקוקט און געפאָלגט. אַ פאָר שניידער־פועלים, וואָס האָבן ליב געהאַט זינגען האָבן מנדב געווען זייער טרחה די קליידער צוריכטן ווי עס דאַרף זיין. פאַר הערשעלען האָט מען די שענסטע בגדים אויסגעקליבן און אַלץ, ווי אים האָט זיך געוואָלט. די שניידער־פועלים האָבן ערגעץ פון אַ בלווי־יידענעם אונטערשלאַק אַ „כתונת פסים" געמאַכט, אַנדערע אינגלאַך האָבן צוגעגרייט לאַנגע פיילנבויגנס מיט לאַנגע פאַרבויגענע שטעקנס. שווער איז געווען צו געפינען דאָס פאַסיקע אָרט, וואו אויסצושפילן די שפיל, נאָר עס האָט זיך געפונען אַ גואל: לעבן בית־המדרש האָט גע־וואוינט אַברהמל דער בעקער; ער האָט אַן עקסטראַ גרויסע שטוב גע־האַט, וואו ער פלעגט אַלע יאָר מצה באַקן. הערשעלען איז איינגעפאַלן פאָרצולייגן אַברהמלען, ער זאָל פאַר אַ קליין געצאָלט לאָזן די שפיל מאַכן אין דער שטוב. אַברהמל האָט איינגעוויליקט. מיט ביטערן שווייס האָט

מען עטלאַכע טעג און נעכט אָפּגעהאָרעװעט, אײדער מ׳האָט אױפגעשלאָגן אַ בינע פאַר די שפּילער און בענק פאַר די געסט.

און אָט איז געקומען די גליקלאַכע שעה פון דער פאָרשטעלונג.

דער פאָרהאַנג האָט זיך אױפגעהױבן און דער עולם האָט דערזען אַ „יעקב אבינו" מיט אַ גרױסער באָרד, אײנגעהילט אין אַ טערקישן טוך. לעבן אים ליגט אױסגעצױגן יוסף און האַלט דעם קאָפּ אײנגעטוליעט אין פאָטערס שױס. יעקב האָט אָנגעהױבן זינגען:

שטײ אױף פון דײן שלאָף, מײן טײער קינד,
און גײ, װאוהין איך שיק דיך, געשװינט,
ברענג מיר אַ ידיעה ביז מאָרגן פרי
פון זײער געזונט, פון זײער!... א. אַז. װ.

יוסף האָט זיך פון שלאָף אױפגעכאַפּט, זיך אױסגעטשוכעט װי אַ נאָכגעגעבן קינד, זיך אַװעקגעזעצט בײ יעקבס רעכטער האַנט און, שפּילנדיק מיטן פאָטערס לאַנגע האָר, האָט ער מיט אַ װײכער קינדערשער שטימע אױסגעזונגען זײן חלום, װי די זון און די לבנה מיט די עלף שטערן בוקן זיך צו אים. די שטימע מיט די אַלע באַװעגונגען זײנע האָבן אַלעמען איבערראַשט, און נאָך אײדער ער האָט געענדיקט, האָבן שױן הונדערטער הענט געפּאַטשט בראַװאָ. יעדער האָט געװאָלט װיסן, װער איז דער יוסף, און אײנער האָט דעם אַנדערן געפרעגט װעגן דעם.

ענדלאַך איז שטיל געװאָרן און עס האָבן זיך נאָר געהערט יעקבס לעצטע װערטער, װי ער פרעגט יוסף׳ן: „צי װעל איך מיט דײן מוטער און דײנע ברידער זיך בוקן צו דיר?! דײן מוטער איז דאָך געשטאָרבן!"

יוסף האָט װידער אָנגעהױבן זינגען אַ ליד, אַ טרױעריק, רירנדיק ליד װעגן זײן ליבער מוטער, װעלכע איז געשטאָרבן אַזױ יונג... די װײבער האָבן זיך פאַנאַנדערגעװײנט און אױך די מאַנסלײט האָבן עס צוגעהערט מיט גרױס ערנסט.

נאָך טרױעריקער איז געװעזן די סצענע, װי יעקב האָט זיך מיט זײן ליבן יוסף געזעגנט.

ביסלאַכװײז איז הערשעלע אַלײן װײטער אין זײן ראָלע אַרײן, ביז ער האָט שױן פון דער בינע אַראָפּ די װעלט ניט געזען, ניט געװאוסט, װער דאָ איז דאָ און װער דאָ פעלט. און ניט נאָר הערשעלע — עס האָבן אױך די צושױער געמײנט, אַז דאָ קומט פאָר אַלץ אױף אַן אמת. דעריבער, װען די ברידער האָבן אַ געשרײ געטאָן: „הנה בעל החלומות הלזה בא!" און האָבן מיט געװאַלט אַ ריס געטאָן פון אים זײן זײדן העמדל, האָט בײ אַלעמען עפּעס אַ ציטער געטאָן אין האַרצן. אײניקע מינוט איז הערשעלע געשטאַנען איבערראַשט און אָנגעקוקט די ברידער מיט פאַרװאונדערונג, װי ער װאָלט זײ ניט דערקענט אָדער ניט געװאוסט, װאָס זײנען זײ אַזױ אין כעס אױף אים, אָבער אַז זײ האָבן אָנגעהױבן אים צו שטױסן אײנער צום אַנדערן, האָט ער פלוצלונג דעם ערנסט פאַרשטאַנען און האָט מיט אַ רירנדיקער מעלאָדיע אָנגעהױבן בעטן רחמנות, רחמנות אױף זײנע יונגע יאָרן, רחמנות אױף דעם אַלטן פאָטער, װאָס װעט דעם טרױער ניט איבערלעבן...

נאָר זײער כעס איז אַלץ װילדער און שטאַרקער געװאָרן. „טױטן

אים !״ האָבן זיי געשריען, — „טויטן, אויף שטיקער אים צערייסן, אין אַ גרוב אים אַריינוואַרפן !״

און הערשעלע האָט זיך געזעגנט מיט די ברידער פאַרן טויט, זיך געזעגנט מיט דער ליכטיקער זון אין הימל, מיט דער פרייער שיינער וועלט ; געבעטן גאָט ער זאָל דעם פאָטער טרייסטן און מוחל זיין זיינע זינדיקע ברידער זיין אומזיסט פאַרגאָסן בלוט...

דערווייל איז ראובן אָנגעקומען. ניט צו דערלאָזן בלוט צו פאַרגיסן, האָט ער אים געהייסן אַריינוואַרפן אין שלאַנגנגרוב.

זיי האָבן הערשעלען צום גרוב צוגעפירט. און שרעקלאַך איז די סצענע געווען, ווי ער האָט די שלאַנגן און עקדישן באַשוואָרן צו זיין לייב מיט זייער גיפט זיך ניט צוצורירן.

די ברידער האָבן זיך געזעצט עסן און טרינקען און פון דער אַנדערער זייט בינע זיינען אָנגעקומען אַ באַנדע ישמעאלים, פאַרבונדן די קעפּ מיט רויטע פאַטשיילעס, און האָבן גערעדט תרגום-טערקיש גאָר אַן אַנטיק. עס איז באַלד אַ געשעפט געוואָרן. די ישמעאלים האָבן זייערע בייגאַרטלען אָפּגעבונדן, אָפּגעציילט נאָכן אלף-בית — א נ י , ב א נ י , ג א נ י , ביז כ א נ י , דאָס הייסט — ביז צוואַנציק, אַרויסגעצויגן פון שלאַנגנגרוב דעם בלאַסן צעשראָקענעם הערשעלען מיט אַ שטריק אונטער די לענדן, אים אַ שמיץ געטאָן, אַ טרייב געטאָן און אַוועקגעשלעפּט אין דער טיפעניש פון דער בינע. —

און דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן.

אינם דריטן אַקט האָבן די צושויער געזען : אַ וועג אין מיטן פעלד ; אויפן וועג זיינען געווען אויסגעלייגט אַ באַנדע מדינים און האָבן שטאַרק געכראָפּעט מיט אַ טיפן שלאָף. מיט קייטן אויף די הענט, אָנגעשפאַרט דעם קאָפּ אויף אַ שטיין, איז הערשעלע געלעגן און ניט געשלאָפן. שטיל האָט ער דעם קאָפּ אויפגעהויבן, זיך צוגעקוקט צו אַ בערגל, וואָס האָט זיך פון דער אַנדערער זייט וועג געזען.

— האַ ? וואָס זעען מיינע אויגן ? — האָט ער שטיל געפרעגט : — אַ מצבה מיט אידישע אותיות !... אוי, מיין מוטערס קבר איז דאָך דאָס ! — האָט ער ווי איבערראַשט אַ געשריי געטאָן און איז אַ מינוט שטיל געבליבן, ווי דער אָטעם וואָלט אים פאַרפעלט. ער האָט זיינע אין קייטן געשמידטע הענט אויסגעשפּרייט, אַרומגעכאַפּט די מצבה, זיך צוגעטוליעט ווי אַן אומגליקלאַך קינד צו דער טרייער מוטער זיינער, און האָט מיט אַ וויינענדיקער רירנדיקער שטימע אָנגעהויבן זינגען :

מיר איז ביטער, מאַמע, מיר איז שלעכט :
פאַרקויפט מיך האָט מען פאַר אַ קנעכט...
ווי קאָנסטו, מאַמע, עס זען און הערן,
דיין ליבער יוסף זאָל אַ קנעכט ווערן ?!...

און וואָס ווייטער ער האָט געזונגען, אַלץ מער האָט זיך זיין אָנגעקלעמט האַרץ געעפנט, און טיפער און רירנדיקער איז זיין שטימע געוואָרן.

די מדינים האָבן פון זייער שלאָף אויפגעוואַכט און אָנגעהויבן אָפּלאַכן און חוזק מאַכן פון יוסף׳ן, וואָס ער קלאָגט און רעדט צו אַ שטיין.

הערשעלע האָט זיך ניט אומגעקוקט, נאָר אַז זיי זיינען צו צו אים, מיט געוואַלד אים אַ ריס געטאָן פונם קבר אַוועק, האָט ער מיט אַ פאַר־צווייפלטער שטימע אַ געשריי געטאָן: „מאַמע, מאַמע!“... דאָס געשריי איז אָבער אַזוי נאַטירלאַך געווען, אַז עס האָט די צושויער פאַרן האַרצן אָנגעכאַפּט.

די מדינים האָבן הערשעלען מיט געוואַלד אַריינגעשלעפּט אין דער טיפעניש פון דער בינע. דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן. איצט ערשט איז געוואָרן אַ שטורם פון בראַוואָ: „בראַוואָ, יוסף!“ „בראַוואָ, הערשעלע!“ האָבן יונג און אַלט געקלאַפּט און געשריען.

יעקב דינעזאָן



## פרילינג

א.

עפנט טירן, קומט אין דרויסן,
רייסט די פענסטער, ברעכט זיי אויס,
נעמט אַריין דעם גאַסט דעם גרויסן, —
קומט אַנטקעגן אים אַרויס:
ס'איז היינט יום־טוב אין די גערטנער,
אויף די גאַסן, אומעטום,
ס'איז היינט ליכטיק, זעט נאָר, הערט נאָר,
ווי עס טאַנצן ווינטן אום.

הערט נאָר ווי די צווייגן טרישטשען,
און דער טייך, ווי שרייט און ברומט,
הערט נאָר פייפן, הערט נאָר סוויסטשען —
קומט אין דרויסן, גיכער קומט!

ב.

וואַש זיך, ערד, און וואַש זיך, הימל,
וואַשט זיך, פעלדער, און זייט ריין,
כאַפּט זיך אויף פון אייער דרימל
און דערקענט זיך ניט אַליין!

פאָכעט, ביימער, גלייכט זיך, צווייגן,
לופט, באַפריש זיך גיך מיט טוי;
זיין געגנוג אייך, וועלדער, דאגהן,
ווייטע ווייטן — העלער, בלוי!

ווינט זיך אויס, פאַרפּוילטע דעכער,
קאַפּעט נאָך אַ טרער — אַ טרער;
הימלען ווערן איצטער העכער,
און איך דאַרף שוין ניט מער!

פּרץ מאַרקיש

פ:

פרילינג האָט צוויי בלויע אויגן,
און אַ נעזל ווייס ווי צווינט.
פרילינג איז היינט איבער אַלע שטיבער דורכגעפלויגן,
דורכגעפלויגן און צעשינט
ערשטן גראָז אויף דר'ערד.
ערשטן גרין.

מאָרגן וועט דער פרילינג ווידער פליען.
איבערמאָרגן וועט דער פרילינג שוין די פייגלען ברענגען,
וועלן אויף די דאַך-געזימסן פרישע נעסטן הענגען;
וועלן פון די דאַרע צווייגן
דורכפּיקן זיך גרינע אויגן.
וועלן דורך די פענסטער-שויבן
קליינע קינדער לאַכן.
אַלטע לייט, שוין גרוי ווי טויבן,
וועלן „שהחיינו“ מאַכן
לכבוד נייעם פרילינג.

י. י. סיגאַל.

## אָרימע מצה

עלף אַזייגער ביינאַכט.

ביי חיים לייבעס אין מצה-„פּאָדריאַד“, וואו אַ גאַנצן טאָג רוישט און טומלט, איז געוואָרן שטילער. די וועלגערנס פילן זיך זייער מיד און האָבן קיין כח ניט צווישן זיך צו רעדן. אפילו חיה-ביילע, דאָס יונגע פריילאַכע ווייבל, וואָס זינגט אַ גאַנצן טאָג, איז אויך שטיל; נאָר פאַר זיך אונטערן נאָז ברומט זי דאָס לידל:

„זיי-זשע געזונט, מיין געטרייע מוטער,
איך פאָר שוין פון דיר אַוועק“...

ווען ניט דאָס קלאַפּן פון די קאַטשלקעס איבער די ברעטער, דאָס סקריפּען פון רעדל איבערן בלעך, וואָלט זיך געדאַכט, אַז זיי שלאָפן אַלע שטייענדיק, אַזוי מיד און אַנגעמאַטערט זעען זיי אויס. אָפּטער נאָר רייסט זיך אַרויס אַ געשריי פון אַ מידער וועלגערן אויף דער קנעטערן: „פאַרשטייפט זיך, מען קען דאָך ניט וועלגערן!“ אויף וואָס די קנעטערן ענטפערט אַזוי ווי פון אונטער דער ערד: „גיי דו צום בעקן, ווערסטו

וויסן ווי צו פאַרשטייפן זיך! אויף מיינע שונאים געזאָגט געוואָרן מיין כוח"...

און עס ווערן ווידער אַלע אַנטשוויגן.

און אַז די שטילקייט דויערט צו לאַנג און די מידיקייט ווערט שווע־רער, הויבט אָן אין פּאָדריאַד צו רוישן:

— איך פֿאַל פון די פיס, אויף נאמנות! — קלאָגט זיך איין וועלגערן פאַר דער צווייטער.

— און איך האָב שוין קיין הענט ניט, — ענטפערט איר די צווייטע, קרעכצנדיק, — אָט דאָ אין די דאַלאָניעס שטעכט מיר ווי מיט נאָדלען, קוים וואָס איך ריר אָן די קאַטשלקע.

אַ דריטע וועלגערן, מיט אַ בלאַס געזיכט, מיט רויטע טיפע גרוי־בער אונטער די אויגן, קלאָגט זיך פאַר ביידן, אַז איר ברעכן אַלע ביי־נער, זי וואָלט אַוועקגעגעבן אַ האַלב לעבן, מען זאָל איר לאָזן איצטער אַוועקגיין אַהיים צושפּאַרן זיך. ביי די ווערטער „צושפּאַרן זיך" בייגט זי אָן דעם קאָפּ אָן אַ זייט, ווי זי וואָלט וועלן פּרובירן, ווי גרויס עס איז דערפון דער תענוג.

נאָך אַ וועלגערן דערציילט הויך, מיט אַ שטימע פון צאָרן, אַז ביי עשקע ביינושעס האָט מען שוין מיט אַ שעה צוריק געענדיקט. דאָס ווירקט זייער שלעכט אויף די וועלגערנס און דער גאַנצער „פּאָדריאַד", אויסער דער קנעטערן און דעם זעצער, צעבונטעוועט זיך מיט אַ גע־פילדעריי:

— ווען וועט מען שוין גיין אַהיים? אין אַלע פּאָדריאַדן האָט מען שוין לאַנג געענדיקט, נאָר אויף אונז איז עפּעס אָן אויסגאָס, ערגער ווי אומעטום!

דער זעצער — אַ הויכער דאַרער איד, מיט אַ שפּיציק בערדל, מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים, אויף וועלכן עס שטייען גרויסע טראָפּנס שווייס, לויפט צו צום בלעך, קלאַפּט אָן מיטן שטעקן און צעבייזערט זיך:

— מצה, מצה! אַ ליידיקער אייוון! וואָס האָט איר זיך צע־דרש'נט! דער טאָג איז אייך ווייניק?!

אויף זיין געשריי לויפט אַריין פון אַ זייטיקן חדר'ל די באַלעבאָסטע, אַ נידעריקע פרוי מיט אַ געקנייטשט פינסטער פּנים, מיט גוטע שוואַרצע אויגן און הויבט זיך אָן בעטן ביי די וועלגערנס:

— באַלד, קינדערלאַך, באַלד! פאַראַן נאָך אפשר זעקס „מיירעס" אין זעקל.

— שיינע זעקס! — קלינגט אויס פון ערגעץ אַ ווינקל אַ יונג קינ־דיש קעלכל. דאָס איז דער „שיטער" אַליין. ווער וייס נאָך אַזוי ווי ער, וויפיל „מיירעס" עס זיינען נאָך דאָ! ער הייבט אויף מיט זיינע דאַרע הענטלאַך דאָס זעקל און איז זיך משער, אַז עס וועט נאָך זיין שטאַרקע צען „מיירעס".

די וועלגערנס צעשרייען זיך ווייטער, נאָר דער זעצער בייזערט זיך און מיטן שטעקן קלאַפּט ער איבערן בלעך:

— מצה, מצה! עס קילט דער אייוון!

פאַרפאַלן, ענדיקן מיז מען! עס איז ווידער שטיל געוואָרן. נאָר אַמאָל פלעגט אַ וועלגערן אַרויסלאָזן אַ קרעכין, אָנכאַפּנדיק זיך דאָ פאַרן האַרצן, דאָ פאַרן זייט. און ווידער דאָסזעלבע קלאַפּן מיט די קאַטשלקעס איבער די ברעטער, דאָס סקריפּען מיטן רעדל איבערן בלעך... און די צייט ציט זיך אַזוי לאַנג...

נאָר אָט קריכט אַרויס די קנעטערן פון איר „ווינקל", מיט פאַר־קאַשערטע אַרבל און מיט גרויסע טראָפּנס שוויים אויפן פאַרמעט־פּנים. פריילאַך הייבט זי אויף אין דער הויך די "מיירע", ווי זי וואָלט ווייזן די וועלגערנס אַזאַ מין אַנטיקל, וואָס זיי האָבן קיינמאָל דאָ ניט געזען. מיט אַ הייזעריק קול, דאָך גענוג הויך, רופט זי אויס:

— די לעצטע מיירע!

— די לעצטע מיירע! — קלינגט עס איבערן פּאַדריאַד. און אַלע וועלגערנס צעכאַפּן די טייגלאַך פון דעם טיילערס האַנט מיט שמחה, אויסזינגענדיק: באַלד, באַלד, באַלד!

„באַלד!" „באַלד!" קלינגט אָפּ ביי יעדערער אין קאָפּ.

דער רעדלער, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צייט ביים בלעך מרה־שחורה׳דיק, האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ קוראַזש צו דער אַרבעט. קונציק וואַרפט ער איבער יעדע מצה אויף דער קאַטשלקע און ער נעמט זיך געשווינד אָפּצורעדלען די פיל אָנגעקליבענע מצה אויפן בלעך.

דערהערט, אַז עס איז שוין די לעצטע מירע, אַרט אים גאָרנישט. דאָס וואָרט „באַלד" קלינגט אים אויך פריילאַך אין קאָפּ, און פלינק קנאַקט דאָס רעדל איבער בלעך, און אים דאַכט זיך, אַז עס שרייט: גזז׳באַלד, גזז׳באַלד, גזז׳באַלד!...

דער זעצער גיט אַ קלאַפּ מיטן שטעקן איבער די ברעטער:

— מצה, מצה! שטייט ניט, רעדט ניט!

נאָר איצט לאַכט מען אים שוין אויס! אַ פּאָר וועלגערנס האָבן שוין אָפּגעשיקט די לעצטע מצות צום רעדלער, מיט עפּעס אַ אינגעלע, וואָס האָט זיך, גאָט ווייס צוליב וואָס, דאָ אַ גאַנצן אָוונט אַרומגעדרייט; די איבעריקע וועלגערנס דאַרפן נאָר פאַרגלייכן די שפּיצן פון די מצות, וואָס זיינען ביי זיי אַרויסגעקומען פון גרוים איילעניש.

און אָט איז שוין געענדיקט! די קנעטערן ווישט שוין דעם בעקן, דער רעדלער האַלט שוין ביי דער לעצטער מצה, איבער וועלכער זיין האַנט פליט ווי אַ וויכער אונטער דער ווילדער געסקריפּעריי... דער זע־צער וואַרט אויף איר מיט אומגעדולד, כאַפּט זי ענדלאַך אַרויף אויפן שטעקן און מאַרש אין אויוון, וואו עס טריקענען זיך נאָך אַ צוויי לעצטע מצות.

די וועלגערנס ווישן זיך דעם שוויים און קלייבן זיך שוין אַוועקצו־גיין.

— איי, וועל איך דאָס אַ מאָל טאָן גלייך אין בעט! — זאָגט איין וועלגערן צו דער צווייטער.

— און „וועטשערע"? — פרעגט יענע.

— ווער האָט כוח צו עסן? איך וועל זיך אפילו ניט אויסטאָן — גלייך אין בעט.

— איך ווייס ניט, צי וואָלט איך געקענט פונאַנדערוועלגערן נאָך איין טייגל, — מישט זיך אַריין אַ דריטע אין שמועס, — אַזוי מאַט בין איך!

— נו, קומט שוין, קומט שוין! — טרייבט צו אַ פּערטע. — פּסח, אם־ירצה־השם, וועלן מיר שמועסן.

— אוי, ווי דערלעבט מען שוין פּסח! — האָט זיך איינע צעזיפצט.

— מען וועט, נישקשה, דערלעבן. אַ לעבעדיקער מענטש דערלעבט אַלץ! — טרייסט דאָס פריילאַכע ווייבל.

נאָר פּלוצים איז אין פּאָדריאַד אַ טומל געוואָרן.

די באַלעבאָסטע איז אַרויס פון דעם זייטיקן חדר'ל און האָט אַרויס־געזאָגט עטלאַכע ווערטער מיט אַ געבעט, כמעט מיט טרערן, נאָר אין פּאָדריאַד האָבן זיי יעדערן ווי מיט אַ הונער געטראָפן.

— נאָך אַ פונט, נאָך אַ פונט! אוי ווײ! אוי ווײ! — האָבן זיך גע־הערט קולות. — וואָס שטייען מיר, קומט אַוועק!

נאָר די באַלעבאָסטע האָט זיי מיט בײדע הענט פאַרצוימט דעם וועג און האָט ווייטער זיך געבעטן:

— איר ווייסט, דאַכט זיך, קינדערלאַך, אַז איך יאָג זיך נישט אַזוי נאָך דער פּרנסה. און אַז עמיצער וואָלט מיר איצט געגעבן פאַר אַ פונט הונדערט רובל, וואָלט איך זיך ניט געשטעלט באַקן און מוטשען אייך. נאָר ד ע ם פ ו נ ט מוז מען אָפּבאַקן. איך וועל פאַר אים אַפילו אַ גראָשן ניט נעמען, דאָס איז כיענע דער אלמנה'ס. שוין אַ וואָך, אַז איר זעקל מעל וואַלגערט זיך דאָ און איך לייג אַלץ אָפּ. עס איז אַלץ דאָ בילכערע, רייכערע, זאָל גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד... איצט איז שוין אָבער די לעצטע צוויי טעג, מער קען איך שוין ניט אָפּלייגן, זי קען נאָך, חלילה, אָן מצה בלייבן. איר קענט דאָך זי — אַמאָל איז זי אַ פיינע באַלעבאָסטע געווען. זי פלעגט זיין ביי מיר פון די ערשטע און שטענדיק אויף דעם „ערשטן אויוון". פאַר די וועלגערנס פלעגט זי איבערלאָזן אַ רובל, היינט דעם רעדלער, דעם זעצער, דער קנעטערן... דאָס איז געווען אַביסל אַ „בעל־צדקה"!... איך ווייס ניט, פאַרוואָס האָט זי גאָט אַזוי געשטראָפט... איצטער קען זי אפילו פאַרן באַקן ניט באַצאָלן. זי מוז נעבאַך באַקן שפּעט ביינאַכט, אַז אָך און ווײ, ווי די מצות וועלן שוין טויגן — פּלעצלאַך!... נאָר אַבי קיין חמץ ניט! האָט רחמנות, קינדערלאַך, רוט אייך אויס אַביסל און לאָמיר זיך נעמען אָפּבאַקן איר די מצות. גאָט וועט אייך געבן כוח... נו, איז וואָס זאָגט איר?... — האָט די באַלעבאָסטע ווי פאַר־צווייפלט אויסגעלאָזן איר בקשה, זעענדיק די מידע און פאַרמאַטערטע פּנים'ער.

אוי, רבונו־של־עולם! — האָט זיך אַרויסגעריסן ביי יעדערער אַ שווערער זיפץ, אָנשטאָט אַן ענטפער.

אַ שווערע מלחמה איז ביי זיי אינעווייניק פאָרגעקומען. נאָר איין

אָרימע אַלמנה מיט פֿאַרוויינטע אויגן האָט ביי זיי גיך שלום געמאַכט. און דאָס פריילאַכע ווייבל חיה־ביילע האָט די ערשטע אויסגעשריען:

— איך בלייב די ערשטע!

— איך אויך! — האָט זיך געהערט אַ צווייטע שטימע.

— און איך אויך! — האָט אַ דריטע אויסגערופן.

— נו, מען וועט שוין אַלע בלייבן, — האָט אַ פערטע געענטפערט פאַר אַלע איבעריקע, ווי זי וואָלט געווען זיכער, אַז קיינער וועט ניט האָבן די העזה זיך אָפּצוזאָגן.

— אָבער איר וועט רעדלען! — האָט זיך ענדלאַך איין רעדלער געפונען צו פּראָטעסטירן — איך האָב קיין כוח ניט צו שטיין דאָ ביז צוויי אַ זייגער. איך האָב שוין קיין פינגער ניט. און מיין העלפער שלאָפט שוין אין דער היים ווי אַ גע׳הרג׳עטער.

— נו, זיי ניט קיין שייגעץ! — האָט זיך דער זעצער האַלב ערנסט, האַלב שמייכלענדיק געבייזערט, — דו וועסט לאָזן אַן אַלמנה אָן מצה? שייגעץ!...

— שייגעץ... שייגעץ! — האָט דער רעדלער נאָכגעקרימט און האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים בלעך. די קנעטערן איז שטיל געזעסן אויפן בענקל, וואו דער אַלמנה׳ס מעל איז שוין געשטאַנען, און האָט דערויף, ווי פאַרצווייפלט, געקוקט; זי האָט ניט געוואוסט, ווי צו באַגיין זיך דאָ: אָפּזאָגן זיך האָט זי ניט געקאָנט — אַ קלייניקייט אַן אַלמנה! עס איז אַ ביטערער רחמנות. נאָר בלייבן האָט זי מורא געהאַט נאָך מער ווי אַוועקצוגיין. איר האָט זיך ניט געגלויבט, אַז זי זאָל קאָנען אָפּשטיין ביים בעקן נאָך אַ שעה. איר האָט זיך געדאַכט, אַז ביי דער ערשטער „מיירע" וועט זי פאַלן.

— איך וועל געוויס פאַלן, — האָט זי שטיל געשעפּטשעט.

דאָס פריילאַכע ווייבל האָט באַמערקט דער קנעטערנס טויט־בלייכן פּנים און זי האָט מיט אַ ליבלאַכער מינע אויסגערופן:

— איי, אונזער קנעטערן איז גאָר אַ באָבע. זי איז שוין גאָר צוגע־שטאַנען! גייט אייך געזונטערהייט אַהיים שלאָפן. איך וועל פאַר אייך קנעטן — איך בין מער בריה.

אַלע אין פּאָדריאַד זיינען פריילאַכער געוואָרן און יעדערע פון זיי האָט דערשפּירט עפּעס נייע כוחות.

און באַלד האָט מען זיך גענומען צו דער אַלמנה׳ס מצה. לעבעדיק און לוסטיק איז צוגעגאַנגען די אַרבעט. דאָס פריילאַכע ווייבל איז גע־ווען זייער צופרידן מיט איר נייער שטעלע און האָט ביי יעדער „מיירע" שמייכלענדיק געפרעגט די וועלגערנס: „נו, וואָס זאָגט איר?" אויף וואָס אַלע פלעגן איר אין איין קול ענטפערן: „בעסער פאַר דער קנע־טערן!"

דער רעדלער, מיט אַ פאַרלאָשענעם פּאַפּיראָס אין מויל, האָט גע־יאָגט איין מצה נאָך דער צווייטער.

און דער זעצער, ניט קוקנדיק, וואָס ער האָט שטענדיק אַ פולן אויוון מיט מצה, האָט אַלֵין געקלאַפּט מיטן שטעקן איבערן בלעך:

— מצה, מצה, אַ ליידיקער אויוון!...

און די באַלעבאָסטע, וועלכע איז געשטאַנען ביים ברעט און גלייך מיט די וועלגערנס געוועלגערט, האָט זיך אַלֵין געבעטן:

— דינער, דינער! קינדערלאַך, מאַכט ניט קיין פלעצלאַך! עס איז אַ ר י מ ע מ צ ה! אַ רחמנית!...

אברהם רייזען.



## דער קונצנמאַכער



אין אַ וואָלינער שטעטל אַריין איז אַמאָל געקו־מען אַ קונצנמאַכער.

און כאָטש עס איז געווען אין אַ פאַר'דאַגה'טער פאַר־פסח־צייט, ווען אַ איד האָט מער זאָרג, ווי האָר אויפן קאָפּ, האָט דאָך זיין אָנקומען אָנגעמאַכט אַ גרויסן רעש; עפּעס אַ רעטעניש פון אַ מענטש! אָפּ־געריסן, אָפּגעשליסן און—אויפן קאָפּ אַ צילינדער, אמת, אַן אָפּגעטראָגע־נער, אַ צעקנייטשטער, אָבער אַזאַ הויכער! אַן אמת אידיש פּנים, מאָגער, בלייך, אַ נאָז פון נאָז־לאַנד! און אַ געגאָלטע באָרד! און קיין פּאַספּאָרט האָט ער נישט, און עסן האָט אים קיינער נישט געזען, נישט קיין כשרס נישט קיין טרפהס. גיי ווייס, וואָס ער איז! מען פרעגט אים: פונוואַנען? זאָגט ער: „פון פּאַריז”; וואוהין? — „קיין לאָנדאָן!” ווי קומט איר אַהער? ענטפערט ער: „פאַרבלאָנדזשעט!” אַפּנים, צופוס געגאַנגען! און ווייזט זיך ביי קיין מנין נישט, אַפילו „שבת־הגדול” נישט! און שטייט מען צו אים צו, מאַכט מען אַרום אים אַ רעדל, ווערט ער פלוצים

נעלם, גלײַך די ערד װאָלט אים אײַנגעשלונגען, און שװימט אַרױס אױף יענער זײַט מאַרק.

דערװײַל האָט ער זיך געדונגען אַ סאַלאָן און אָנגעהױבן צו מאַכן קונצן.

אָבער קונצן! פֿאַרן גאַנצן עולם האָט ער געשלונגען ברענענדיקע קױלן, װי פֿעפֿער; און פֿון מױל אַרױסגעצױגן האָט ער אַלערלײ בענדער: רױטע, גרינע, װאָס פֿאַר אַ קאָליר מען האָט נאָר געװאָלט, און לאַנגע, װי דער גלות. פֿון אַ כאָליװע פֿון שטיװל װאַרפֿט ער אַרױס זעכצן פֿאָר אינדיקעס, אָבער אינדיקעס — װי די בערן! און לעבעדיקע, און זײ צעלױפֿן זיך איבער דער סצענע! דערנאָך הײבט ער אױף אַ פֿוס און קראַצט אָפּ פֿון דער פּאָדעשװע גאָלדענע רענדלאַך; אַ גאַנצע שיסל גאָלדענע רענדלאַך! פּאַטשט מען „בראַװאָ“. גיט ער אַ פֿײַף, צעפֿליען זיך אונטערן סופֿיט חלות און קױלעטשן און מישן זיך און לױפֿן זיך צוזאַמען און הױבן אָן טאַנצן אַ ראָד צו אַ ברוגז־טאַנץ אונטער דער סטעליע! און גיט ער אַ צװײטן פֿײַף — װערט דאָס אַלץ פֿאַרשװוּנדן אין אײן אױגנבליק, גלײַך גאָרנישט געװען! אױס קױלעטשן, אױס בענדער, אױס אינדיקעס — גאָרניט!

מילא, װײסט מען דאָך, אַז מיט כּישוף קען מען אױך עפּעס באַװײַזן! די כּישוף־מאַכער פֿון מצרים האָבן מן־הסתּם גרעסערע קונצן באַװיזן. איז אָבער די שאלה: פֿאַרװאָס איז ער אַזאַ גרױסער קבצן? אַ מענטש שאַרט רענדלאַך פֿון פּאָדעשװע, און האָט נישט מיט װאָס צו באַצאָלן פֿאַר דער אַכסניא; מיט אַ פֿײַף באַקט ער אָן מער קױלעטשן און חלות, װי דער גרעסטער בעקער; אינדיקעס ציט ער אַרױס פֿון כאָליװע, — און אַ פּנים האָט ער — אַן אױסגעצױגנס, אַז שענער לײגט מען אין דער ערד אַרײַן. און דער הונגער ברענט אים אין די אױגן, װי אַ פֿלאַקער! װוּנדערט מען זיך: די פֿינפֿטע קשיא צו „מה נשתּנה“!...

צו „מה נשתּנה“ איז אָבער נאָך װײַט. מיר װעלן דערװײַל איבערלאָזן דעם קונצנמאַכער און איבערגײן צו חיים־יונה’ן און זײַן װײַב רבֿקה־בײלע.

חיים־יונה איז אַמאָל אַ װאַלד־סוחר געװען, האָט ער אײנמאָל געקױפֿט אַ װאַלד אױף גליבן געלט, האָט מען דעם װאַלד פֿאַרמאַכט, איז ער אַרױס אין אײן העמד. איז ער געװאָרן אַ שרײַבער בײַם סוחר אין װאַלד, האָט ער די שטעל פֿאַרלױרן; זיצט ער שױן אַ שײנע פּאָר חדשים אָן פּרנסה. אַ װינטער האָט מען איבערגעלעבט — אױף שונאי־ציון געזאָגט. נו, אַ איה, װי ער לעבט — לעבט ער. נאָך װינטער אָבער גײט פּסח, — װוּ נעמט מען געלט אױף פּסח? און פֿאַרזעצט בײַם מלוה איז שױן פֿון העלגלײַכטער ביזן לעצטן קישן. זאָגט רבֿקה־בײלע: גײ אַריבער צו קהל און נעם מעות־חיטין. זאָגט חיים־יונה, אַז ער האָט בטחון, אַז גאָט װעט העלפֿן און דאָס פּנים פֿאַרשװאַרצן װעט ער זיך נישט.

װאָס טוט חיים־יונה? גײט ער, פֿאַרקױפֿט אים און טראָגט אַרײַן די פּאָר גראָשן צום רבֿ אױף מעות־חיטין פֿאַר אָרימע לײַט. אָרימע לײַט — זאָגט ער — זײַנען בילכער.

די צײַט דערװײַל רוקט זיך. שױן אינגאַנצן נישט מער װי אַ פּאָר

וואָכן צו פסח, — ער האָט בּיטחון! גאָט, זאָגט ער, פאַרלאָזט נישט! מילא, רבקה־ביילע שווייגט; אַ אשה מוז פאָלגן אַ מאַן. עס גייט אָבער אַוועק נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג, רבקה־ביילע ווייסט נישט פון קיין שלאָף, גראָבט דאָס פּנים אין סיעניק אַריין און וויינט שטילערהייט, חיים־יונה זאָל נישט הערן... און אויף פסח איז קיין צייכן נישטאָ. און טעג האָט זי ערגערע ווי נעכט, — ביינאַכט וויינט זיך אַ מענטש אָפּ דאָס האַרץ, ביי טאָג אָבער מוז מען קנייפּן די באַקן, די פאַרב זאָל שטיין!

שכנות קוקן איר נאָך אין גאַסן, און קוקן זיך די אויגן אויס, און שטעכן זי מיט רחמנות־בּליקן, ווי מיט נאָדלען... אַנדערע פרעגן: „ווען באַקט איר מצות? ווי האַלט איר מיט די בוריקעס?" די נענטערע זאָגן:

— סטייטש, וואָס טוט זיך מיט אייך, רבקה־ביילע? פעלט אייך, וועלן מיר אייך באָרגן, וכדומה...

חיים־יונה וויל אָבער נים אָנקומען צו קיין מענטשן, און רבקה־ביילע וועט קענען איר מאַן נים גיין — זוכט זי זיך אויס תירוצים פון אונטער דער ערד, און דאָס פּנים פלאַמט און פלאַמט...

זעען די שכנים, אַז עס איז נישט ווי עס דאַרף צו זיין, נעמען זיי און לויפן צום רב — סטייטש?

דער רב, נעבאַך, הערט אויס, קרעכצט און פאַרקלערט זיך, און סוף־כל־סוף ענטפערט ער, אַז חיים־יונה איז אַ וואויל־לערנער און אַ גאָטספאַרכטיקער, און אויב ער האָט בּיטחון, האָט ער!...

רבקה־ביילע איז אַפילו אָן בענטשליכט געבליבן...

און — שוין פסח!

חיים־יונה גייט פון בית־מדרש אַהיים, זעט ער, אַז אַלע פענסטער אין מאַרק שיינען אַרויס מיט שמחת־יום־טוב, און נאָר זיין דירה שטייט ווי אַן אבל צווישן מהותנים, ווי אַ בּרינדער צווישן זעענדיקע. ער פאַלט אָבער ביי זיך נים אַראָפּ: „אַז גאָט וועט וועלן, וועט נאָך זיין פסח!" — טראַכט ער.

ער גייט אַריין און זאָגט פריילאַך: „גוט יום־טוב"! און נאָך אַמאָל: „גוט יום־טוב דיר, רבקה־ביילע!" און רבקה־ביילעס קול ענטפערט אים, אָנגעזאַפּט מיט טרערן, פון אַ פינסטער ווינקל אַרויס:

— גוט יום־טוב, גוט יאָר! —

און אירע אויגן ברענען אַרויס פון פינסטערן ווינקעלע, ווי צוויי ברענענדיקע קוילן.

גייט ער צו איר צו און זאָגט איר:

— רבקה־ביילע — זאָגט ער — היינט איז יום־טוב, יציאת־מצרים, פאַרשטייסט? טרויערן טאָר מען נישט! אויב דער רבונו־של־עולם האָט נישט געוואָלט, מיר זאָלן האָבן אונזער פסח, מוז מען אָננעמען פאַר ליב און זיין ביי אַ פרעמדן סדר. וועלן מיר גיין ערגעץ אַנדערש צום סדר! מען וועט אונז אַריינלאָזן אומעטום... מיר און מייער שטייען אָפן... אידן זאָגן: „כל דכפין ייתי וייכול", דאָס איז טייטש: ווער עס איז הונגעריק זאָל אַריינקומען עסן, קום, נעם איך דיר די שאַל, וועלן מיר גיין צום ערשטן בעסטן איד...

און רבקה־ביילע, וואָס טוט שטענדיק דעם ווילן פון איר מאַן, האַלט

איין מיט אַלע כּוחות דאָס געוויין, וואָס רייסט זיך צום האַלז, נעמט אויף זיך אַ צעריסענע שאַל און וויל שוין גיין, — אין דערזעלבער רגע עפנט זיך אָבער די טיר, און עמיץ קומט אַריין און זאָגט:

— גוט יום־טוב!

ענטפערן זיי: גוט יאָר, נישט זעענדיק, ווער עס איז צו זיי אַריינגעקומען.

זאָגט דער, וואָס איז אַריינגעקומען:

— איך וויל זיין אייער גאַסט צום סדר!

ענטפערט חיים־יונה:

— מיר האָבן אַליין קיין סדר נישט...

ענטפערט יענער, אַז ער האָט מיטגעבראַכט דעם סדר מיט זיך!

— אין דער פינסטער? — האַלט זיך שוין רבקה ביילע ניט איין און שלוכצט.

— חלילה! — ענטפערט דער אורח, — עס וועט זיין ליכט.

און ער גיט אַ מאַך האָקוס־פּאָקוס! און עס באַווייזן זיך צוויי פּאָר זילבערנע לייכטער מיט אָנגעצונדענע סטעאַרין־ליכט, אינמיטן שטוב, אין דער לופט! עס ווערט ליכטיק. חיים־יונה און רבקה־ביילע דערזעען, אַז דאָס איז דער קונצנמאַכער, און זיי גאַפּן און קאָנען פאַר וואונדער און שרעק קיין איינציק וואָרט פון מויל נישט אַרויסברענגען. זיי כאַפּן זיך איינס דאָס צווייטע אָן ביי די הענט און שטייען מיט אויפגעריסענע אויגן און אָפענע מיילער.

דער קונצנמאַכער ווענדט זיך דערווייל צום טיש, וואָס איז געשטאַנען פאַרשעמט אין אַ ווינקעלע, און זאָגט צו אים:

— נו, בחור'ל, באַדעק דיך און קום אַהער!

און אַזוי ווי ער זאָגט דאָס אַרויס, פאַלט פון דער סטעליע אויפן טיש אַראָפּ אַ שניי־ווייסער טישטוך און באַדעקט אים, און דער באַדעקטער טיש הייבט זיך אָן צו רירן, און גייט, און קומט אין שטוב אַריין, און פאַרהאַלט זיך פונקט אונטער די ליכט, און די זילבערנע לייכטער לאָזן זיך נידעריקער אַראָפּ און שטעלן זיך אַנידער אויפן טיש.

— אַצינד, זאָגט דער קונצנמאַכער, פעלן נאָר העסע־בעטן, — זאָלן זיין העסע־בעטן!

גייען דריי בענקלאַך, פון דריי עקן פון שטוב, און גייען צו צום טיש און שטעלן זיך אויף זיינע דריי זייטן.

הייסט ער, דער קונצנמאַכער, זיי זאָלן ברייטער ווערן, ציען זיי זיך אויס אין דער ברייט. און עס ווערט פון זיי פאָטערשטולן. רופט ער אויס:

— ווייכער!

באַדעקן זיי זיך מיט רויטן סאַמעט, און אין דערזעלבער מינוט פאַלן אויף זיי פון סטעליע אַראָפּ ווייסע, שניי־ווייסע קישנס און צעלייגן זיך, אויפן קונצנמאַכערס געבאָט, איבער די פאָטערשטולן און — עס ווערן העסע־בעטן! אויף זיין געבאָט באַווייזט זיך אויך אַ „קערה“ מיט מינים און שטעלט זיך אויפן טיש. עס באַווייזן זיך אויך רויטע כּוסות מיט פלעשער וויין און מצות און אַלץ, וואָס מען דאַרף צו אַ כּשר'ן און פריילאַכן סדר, אַפילו „הגדות“ מיט אַ גאָלדענעם שניט.

— און וואַסער צום וואַשן האָט איר? — פרעגט דער קונצנמאַכער:
— איך קאָן ברענגען וואַסער אויך!
דעמאָלט האָבן זיי זיך ערשט אויפגעכאַפּט פון גאַפן.
און רבקה־ביילע פרעגט חיים־יונה'ן אויפן אויער:
— מעג מען? וואָס?
און חיים־יונה ווייסט איר נישט, וואָס צו ענטפערן.
ראָט זי אים:
— גיי, מיין מאַן, און פרעג דעם רב.

ענטפערט ער, אַז ער קאָן זי מיטן קונצנמאַכער אַליין נישט איבער־לאָזן. וויל ער, זי זאָל גיין. זאָגט זי, אַז אַ נאַרישער אידענע וועט דער רב נישט גלויבן. ער וועט מיינען, אַז זי איז פון זינען אַראָפּ. גייען זיי ביידע צום רב און לאָזן איבער דעם קונצנמאַכער מיטן סדר.

האָט דער רב געזאָגט, אַז דאָס וואָס ער האָט געמאַכט מיט כישוף, האָט קיין ממשות נישט, וואָרים כישוף איז נאָר אַ פאַרבלענדעניש פאַר די אויגן. הייסט ער זיי אַהיימגיין, און אויב די מצה וועט זיך לאָזן אָפּ־ברעכן, דער וויין — גיסן אין די כוסות אַריין, און די קישנס פון העסע־בעט — אָנטאַפּן, וכדומה, איז גוט... איז עס מן השמים, מעגן זיי געניסן.

אַזוי האָט דער רב געפּסק'נט.

גייען זיי מיט האַרצקלאַפּעניש אַהיים. קומען זיי אַריין, איז דער קונצנמאַכער שוין נישטאָ, און דער „סדר" שטייט, ווי ער איז געשטאַנען. די קישנס לאָזן זיך אָנרירן, דער וויין גיסט זיך, די מצות ברעכן זיך...

האָבן זיי ערשט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען אליהו הנביא, און האָבן געהאַט אַ פרייל'אכן יום־טוב.

י. ל. פרץ.

# אליהו הנביא

ניט גוט צו זיין אַ בן־יחיד אַ ציטעריקער ביי טאַטע־מאַמע, „פון זיבן איינער געבליבן". דאָ ניט שטיי, דאָרט ניט גיי. דאָס ניט עס, דאָס ניט טרינק. דעם קאָפּ דעק צו. דעם האַלז פאַרבינד. די הענט באַהאַלט. די נאָז שנייץ אויס. אָך, ניט גוט, ניט גוט צו זיין אַ בן־יחיד. און נאָך אַ נגידס אַ אינגל דערצו. מיין טאַטע איז אַ נגיד, אַ הלפן איז ער, גייט אַרום מיט אַ טאַרבע מינץ איבער די קלייטן, בייט זילבער אויף מינץ און מינץ אויף זילבער. זיינען דערפאַר די פינגער ביי אים תמיד שוואַרץ און די נעגל צעטריסקעט, האָרעווען האָרעוועט ער אפילו זייער שטאַרק. אַלע טאָג, אַז ער קומט אַהיים, איז ער איסגעמוטשעט און צעבראָכן. „ניטאָ קיין פיס, קלאָגט ער זיך פאַר דער מאַמען, ניטאָ קיין פיס"... ניטאָ קיין פיס און אַלע זיינען אונז מקנא, וואָס מיר האָבן פרנסה און נאָך שפע. די מאַמע איז צופרידן. איך אויך. „אַ פסח ביי מיר היינטיקס יאָר אויף אַלע אידישע קינדער, רבונו־של־עולם"...

אַזוי זאָגט די מאַמע און דאַנקט גאָט, וואָס מיר האָבן אַזאַ פסח. איך אויך. נאָר ווי דערלעבט מען אים שוין, אָט דעם פסח?...

קיים דערלעבט פּסח, דעם ליבן טייערן פּסח. אויסגעקליידט האָט מען מיך אין בגדי מלכות, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ נגידס אַ אינגל. וואָס קומט מיר אָבער אַרויס, אַז איך טאָר ניט אַרומשפּרינגען אינדרויסן — איך וועל זיך פֿאַרקילן. אַז איך טאָר ניט אַרומלויפֿן מיט אַלע קבצנ׳ישע קינדער — איך בין אַ נגידס אַ אינגל. אַזעלכע שיינע מלבושים — ניטאָ פֿאַר וועמען צו באַרימען זיך. אַ פֿולע קעשענע מיט ניס — ניטאָ מ ט וועמען צו שפּילן.

ניט גוט צו זיין אַ בן־יחיד, אַ ציטעריקער, וואָס פֿון זיבן איינער געבליבן, און נאָך אַ נגידס אַ אינגל דערצו.

דער טאַטע האָט אָנגעטאָן די בעסטע קאַפּאָטע און איז אַוועק אין שול דאַוונען. זאָגט צו מיר די מאַמע: „ווייסטו וואָס? לייג זיך צו, שלאָף זיך אויס, וועסטו קענען זיצן ביים סדר, וועסטו פֿרעגן דעם טאַטע די פֿיר קשיות“. משוגע בין איך? פֿאַרן סדר וועל איך גיין שלאָפֿן! „געדענק־זשע, פּסח צום סדר טאָר מען ניט שלאָפֿן. וואָרים טאָמער חלילה ווערסטו אַנטשלאָפֿן ביים סדר, אַזוי קומט אליהו הנביא מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס“... „פּסח ביינאַכט גייט אַרום אליהו הנביא און קוקט: ווער עס שלאָפֿט ביים סדר, דעם נעמט ער צו אין זאַק אַריין“... כאַ־כאַ! איך וועל אַנטשלאָפֿן ווערן ביים סדר? איך? און אַז מען זאָל זיצן אַ גאַנצע נאַכט? און אַפֿילו ביזן ווייסן טאָג אַריין? ווי אַזוי איז געווען, מאַמע, פֿאַראַיאָרן? „פֿאַראַיאָרן ביסטו אַנטשלאָפֿן געוואָרן באַלד נאָך קידוש“. פֿאַרוואָס־זשע איז ניט געקומען צו מיר דעמאָלט אליהו הנביא מיטן זאַק?... „דעמאָלט ביסטו נאָך געווען אַ קליינינקער, היינט ביסטו אַ גרויסער. היינט דאַרפֿסטו פֿרעגן דעם טאַטן די פֿיר קשיות, היינט דאַרפֿסטו זאָגן מיטן טאַטן „עבדים היינו“, היינט דאַרפֿסטו עסן מיט אונז פֿיש און יויך און קניידלאַך... שאַ, אָט גייט דער טאַטע פֿון שול“.

— גוט יום־טוב!

— גוט יום־טוב!

דאַנקען גאָט, דער טאַטע האָט אָפּגעמאַכט קידוש, איך אויך. דער טאַטע האָט אויסגעטרונקען דעם ערשטן כוס, איך אויך. און דוקא אַ פֿולן כוס, און דוקא ביזן דנאָ. „זע־נאָר, ביזן דנאָ!“ — זאָגט די מאַמע צום טאַטן. און מיר זאָגט זי: „אַ פֿולן בעכער מיט וויין? וועסט אַנטשלאָפֿן ווערן“... כאַ־כאַ! איך וועל אַנטשלאָפֿן ווערן? איך? און אַז מען זאָל זיצן אַ גאַנצע נאַכט, אַפֿילו ביזן ווייסן טאָג אַריין? אַנו, פֿרעגט דעם טאַטן, ווי אַזוי איך האָב אָפּגעקלאַפּט די פֿיר קשיות! ווי אַזוי זאָג איך די הגדה? ווי אַזוי שאָקל איך זיך איבערן סידור און זינג מיטן טאַטן דעם „עבדים היינו“?... און די מאַמע לאָזט ניט אַראָפּ קיין אויג פֿון מיר און שמייכלט און זאָגט צו מיר: „וועסט אַנטשלאָפֿן ווערן, אַנטשלאָפֿן ווערן“... עך, מאַמע, מאַמע! מיר דאַכט זיך, מע זאָל זיין מיט אַכצן קעפּ, קען מען פֿון דעם אַליין אַנטשלאָפֿן ווערן! אַנו, לאָז מען זיך אַוועקזעצן איין אַנטקעגן און זינגען אייך אין אויער: „אַנטשלאָפֿן ווערן, אַנטשלאָפֿן ווערן“.

פֿאַרשטייט זיך, אַז איך בין אַנטשלאָפֿן געוואָרן...

אַנטשלאָפֿן געוואָרן, חלום׳ט זיך מיר, אַז דער טאַטע האַלט שוין

בײַ „שפוך חמתך“. די מאַמע אַלײן שטײט אױף פֿון טיש, גײט עפֿענען די טיר מקבל פּנים זײַן אליהו הנביא'ן. שױן װעט זײַן, טאַמער קומט טאַקע אליהו הנביא, װי די מאַמע זאָגט, מיטן זאַק אױף די פּלײצעס און זאָגט צו מיר: „קום בחור!“... און װער װעט זײַן שולדיק אין דעם, אַז ניט די מאַמע אַלײן מיט איר: „שלאָף ניט! שלאָף ניט!“... און אַזױ װי איך טראַכט מיר די דאָזיקע מחשבות, אַהאַ! הער איך אַ סקריפּ פֿון דער טיר און דער טאַטע שטײט אױף און רופֿט אױס אױף אַ קול: „ברוך הבא!“ איך קוק מיך אײַן צו דער טיר — יאָ, ס'איז ער. ער גײט, ער גײט, פּאַמאָלינקע, קױם װאָס מען הערט. אַ שײנער איד אליהו הנביא, אַן אַלטער מאַן. אַ זקן מיט אַ גרױז־גרױער באָרד ביז די קני, דאָס פּנים אַלט, געל, געקנײטשט, נאָר שײן און גוט איז ער אָן אַן עק. און אױגן, אַך אױגן! גוטע, װײכע, פֿרײנטלאַכע, ליבע, געטרײַע אױגן. אײַנגעבױגן, אָנגעלענט אױף אַ גרױסן, גרױסן שטעקן מיט אַ זאַק אױף די פּלײצעס, און שאַ, שטיל, אָן װערטער — און גלײַך צו מיר.

— נו, אינגעלע, אַרײַן צו מיר אין זאַק אַרײַן און קום! — אַזױ זאָגט צו מיר אָט דער אַלטיטשקער און הױקאַ מיט גוטן, און הױקאַ אַזױ װײך, אַזױ זיס.

פֿרעג איך אים: װאָהין? מאַכט ער צו מיר: „װעסט שױן נאָכדעם זען“... װיל איך ניט, זאָגט ער מיר נאָכאַמאָל. בעט איך מיך בײַ אים: „װי קען איך מיט דיר גײן, אַז איך בין אַ נגידס אַ אינגל?“ זאָגט ער: „און אַ נגידס אַ אינגל, װאָס ביסטו פֿאַר אַ מיוחס?“ זאָג איך: „איך בין בײַ טאַטע־מאַמע אַ בן־יחיד“... זאָגט ער: „בײַ מיר ביסטו ניט קײן בן־יחיד“. זאָג איך: „אַ ציטעריקער, פֿון זיבן אײנער געבליבן. זײ װעלן, זאָג איך, דערזען, אַז איך בין ניטאָ, װעלן זײ דאָס ניט אױסהאַלטן, זײ װעלן שטאַרבן און דערהײפּט די מאַמע“... קוקט ער אױף מיר, דער אַלטיטשקער, און מיט גוטן, מאַכט ער צו מיר װײך און זיס װי פֿריער: „גײסטו ניט מיט מיר, טאָ שלאָף געזונט, נאָר װער אַנטשלאָפֿן אױף אײביק“... הײב איך אָן צו װײנען: „הײסט דאָס, אַז איך זאָל שטאַרבן? זײ װעלן דאָס ניט אױסהאַלטן... איבערהײפּט די מאַמע“... „װילסטו ניט שטאַרבן, טאָ קום מיט מיר, געזעגן זיך אָפּ מיט טאַטע־מאַמע און קום“... „סטײטש, װי קען איך גײן, אַז איך בין אַ בן־יחיד, פֿון זיבן אײנער געבליבן?“ מאַכט ער צו מיר שױן שטאַרקער: „צום לעצטן מאָל, אינגעלע, קלײַב זיך אױס אײנס פֿון די צװײ: אָדער געזעגן זיך אָפּ מיט טאַטע־מאַמע אױף שטענדיק און קום מיט מיר, אָדער בלײַב דאָ און װער אַנטשלאָפֿן אױף אײביק, אױף אײביק“...

אָפּגעזאָגט די דאָזיקע װערטער, טרעט ער אָפּ פֿון מיר אױף אײן שפּאַן און װיל שױן אַרױסקערעװען זיך צו דער טיר. װאָס טוט מען דאָ? אַװעקגײן מיט דעם אַלטן גאָט װײס װאָהין, פֿאַרפֿאַלן װערן, — װעלן טאַטע־מאַמע שטאַרבן: אַ בן־יחיד, פֿון זיבן אײנער געבליבן... בלײַבן דאָ און אַנטשלאָפֿן װערן אױף אײביק, הײסט דאָך דאָס, איך אַלײן זאָל שטאַרבן... צי איך אױס צו אים בײדע הענט מיט טרערן אױף די אױגן „אליהו הנביא! גוטער, ליבער, האַרציקער אליהו; גיב מיר אײן מינוט אױף צו באַטראַכטן זיך!“ דרײט ער אױס צו מיר דאָס שײן, אַלט, געל,

געקנייטשט פּנים מיט דער גרייז־גראָער באָרד ביז די קני, קוקט אויף מיר מיט זיינע שיינע, ליבע, געטרייע אויגן און מאַכט צו מיר מיט אַ שמייכל: „איין מינוט אויף צו באַטראַכטן זיך — גיב איך דיר, מיין קינד, אָבער ניט מער ווי איין מינוט“...

דער אַלטיטשקער לענט זיך אָן אויף זיין גרויסן, גרויסן שטעקן און וואַרט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פרעגט זיך: וואָס האָב איך באַדאַרפט אין דער מינוט צוטראַכטן אַזעלכעס, אַז איך זאָל ניט דאַרפן ניט גיין מיטן אַלטן און ניט אַנטשלאָפן ווערן אויף אייביק? אַנו, ווער וועט טרעפן?

שלום עליכם.

# די באָבע ביים סדר



די עטלאַכע טעג פאַר יום־טוב, זינט די באָבע איז אַראָפּגעקומען צו זיי פון רוס־לאַנד האָבן זיך די צוויי אייניקלאַך צוגע־קוקט צו איר מיט פאַרוואונדערונג: איר הילוך, איר רעדן, אירע תנועות, איר אויפ־פירונג זיינען געווען פאַר זיי עפּעס מאָדנע, און דאָס האָט זיי אויף אַזוי פיל געשראָקן, אַז זיי האָבן זיך געהאַלטן פון דער ווייטנס פון איר, און ווען זי האָט זיי געוואָלט אַ גלעט טאָן, האָבן זיי זיך פון איר אָפּגעקערט מיט מורא און אין דער זעלביקער צייט זיינען זיי געווען אַזוי נייגעריק צו זען, ווי זי שטייט יעדן אינדערפרי און שאָקלט זיך איבער עפּעס אַ „בוך“, זי ענטפערט אַמאָל דער מאַמען מיט אַזעלכע תנועות אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ שטומע, ווי זי וואַשט די הענט און רעדט צו זיך פאַרן עסן און נאָכן עסן. און דאָס אַלין איז געווען אַזוי טשיקאַווע, אַז זיי זיינען איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן און האָבן פון איר ניט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

ערב פסח האָבן די קינדער געזען נאָך מער טשיקאַווע זאַכן, ווי אין די פריערדיקע עטלאַכע טעג, און ווען די באָבע האָט גענומען צוגרייטן צום סדר, האָט שוין דאָס עלטערע קינד, אַ אינגעלע פון אַ יאָר פינף לענגער ניט געקענט בלייבן פונדערווייטנס און האָט געמאַכט אַ פּאָר שריט נענטער צום טיש. אים זיינען געפעלן געוואָרן די פלעשער ווייַן און מעד, וואָס די באָבע האָט געשטעלט אויפן טיש, די כוסות, מצה, חרוסת, מרור, זרוע, די לייכטער מיט די ליכט, וואָס ער האָט געזען צום ערשטן מאָל, די היסב־בעט, וואָס זי האָט געמאַכט אויבנאָן.

וואָס מער די הכנות צום סדר זיינען געוואָרן פאַרטיק, אַלץ מער צוטרויי האָט ער באַקומען צו דער באָבן, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַזעלכע זאַכן אין שטוב.

ווען מען האָט אָנגעצונדן די ליכט האָבן די קינדער דערפילט, ווי דער גייסט פון יום-טוב האָט אַ שוועב געטאָן איבער אַלע ווינקעלאַך. הגם, זיי האָבן ניט געוואוסט, וואָס אַזוינס דאָס איז. די באָבע האָט שוין איצט מער ניט אויסגעזיין מאָדנע און דאָס עלטערע קינד איז צו איר צוגעגאַנגען און כדי צו שליסן פריינדשאַפט האָט ער געזאָגט:

—אַ סך גלעזער!

— דאָס זיינען ניט קיין גלעזער, נאָר כוסות.

— כוסות? האָט דאָס קינד איבערגעפרעגט.

— יאָ, דאָס איז דיין כוס, דאָס איז רבקה'לעס כוס...

דאָס קליינינקע מיידעלע איז געוואָרן מוטיקער, צוגעגאַנגען נענטער, האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די הענטעלאַך אָן טיש, געשטעלט זיך אויף די שפּיץ פינגער און פאַרריסן דאָס קעפּל, כדי בעסער צו קענען אָנקוקן דאָס, וואָס די באָבע רופט איר כוס.

— דאָס איז דעם טאַטנס, דאָס איז דער מאַמעס, דאָס איז מיינס און דאָס איז אליהו הנביא'ס.

— וועמעס?

— אליהו הנביא'ס.

— הו איז דעט מען?

די באָבע האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס ער פרעגט און האָט אויף אים געקוקט מיט אַ שולדיקן שמייכל.

— ווער דער מאַן? האָט ער געבראָכן זיין קליין צינגל צו רעדן אויף איר לשון.

— ווּעלכער?

— לאָהו הנביא?

— ס'טייטש, דו ווייסט ניט, ווער אליהו הנביא איז! האָט די אַלטע געפרעגט און אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן, אַזוי ווי פרעגנדיק ביי די ווענט, ווי איז דאָס מעגלאַך, אַז איר איניקל זאָל ניט וויסן, ווער אליהו הנביא איז. אליהו הנביא! סטייטש אליהו הנביא...

דאָס קינד האָט ווייט געעפנט די אויגן און געמאַטערט זיך צו באַגרייפן וואָס די באָבע זאָגט, נאָר זיין אידיש איז געווען צו ווייניק, אַז ער זאָל פאַרשטיין אירע רייד, צי זי אַליין איז ניט געווען קלאָר אין איר באַגריף וועגן דעם נביא, וואָס איז אַוועק מיט זיין רייט-וואָגן גלייך אין הימל אַריין. די באָבע האָט גערעדט אויף איר לשון, דאָס קינד האָט איבערגעפרעגט אויף זיין לשון. נאָר דאָס בלאָנדזשנדיקע פייערל אין דעם קינדס אייגעלאַך האָט געוויזן, אַז ער ווייסט נאָך אַלץ ניט, ווער אליהו הנביא איז. זיין פאָטער האָט אין דער צייט אַרומגעשפּאַצירט איבערן זאַל מיט אַ סיגאַרעטל אין מויל, האָט זיך מיט אַ שמייכל צוגעהערט צום געשפּרעך פון דער באָבן מיטן איניקל. באַלד איז ער אַריין אין עסצימער, האָט זיך אַנידערגעזעצט און גענומען אים דערקלערן ווער אליהו הנביא איז.

די אייגעלאַך ביים קינד האָבן אָנגעהויבן צו שטראַלן, די בעקעלאַך האָבן זיך דערוואַרעמט, און ער האָט פון צייט צו צייט אַ וואָרף געטאָן אַ

בליק אויף דער באָבן, ווי ער וואָלט איר וועלן פרעגן צי דער טאַטע דער־קלערט די זאַך ריכטיק.

ווען דער פאָטער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין דערקלערונג, האָט זיך דאָס קינד אַ קער געטאָן צו דער באָבן און געזאָגט:

— אַי׳ל בי גלעד טו סי הים.

די באָבע האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געזאָגט, נאָר זי האָט געזען זיינע שטראַלנדיקע אייגעלאַך, זיינע דערוואַרעמטע בעקעלאַך, און זי האָט אים געענטפערט מיט אַ שמייכל. איר פּנים האָט אָנגענומען אַ גליקלאַכן אויסדרוק. מיט פולן צוטרוי איז ער, ניט פרעגנדיק, אַרויף צו איר אויפן שויס און פאַרשאָטן איר מיט פראַגן: ווען וועט ער קומען? ווי זעט ער אויס? טרינקט ער אַזוי פיל און דאָס גלייכן. דאָס קליינע מיידעלע רבקה, וואָס איז ביז איצט געשטאַנען מיטן שפּיץ פון דעם רעכטן צייגפינגער אין מויל און צוגעקוקט זיך מיט קנאה׳דיקע אייגע־לאַך, ווי איר ברודער פירט עפּעס עסקים מיטן טאַטן און דער באָבן, איז מיט אַ בייזן אימפּעט צוגעלאָפן צו איר און אויך גענומען דראַפּן זיך צו איר אויפן שויס, און מיט אַ קול אין וועלכן עס האָבן זיך שוין גע־הערט טרערן האָט זי געזאָגט:

— איך וויל צו גרענד־מאַ.

דאָס האָט שיר ניט געבראַכט צו אַ געשלעג צווישןביידע קינדער. און זי האָט זיי קוים מיט צרות איינגעשטילט און האָט איר אויך אַרויפ־גענומען צו זיך אויפן שויס.

— מיין גרענד־מאַ! האָט רבקה׳לע געזאָגט מיט אַ וויינענדיקן קול.

— איטס מיי גרענד־מאַ! האָט דאָס אינגעלע געענטפערט און אַראָפּ־געקוקט אויף דער שוועסטער פון אויבן אַראָפּ, און אַרומגענומען די באָבן אַרום האַלז.

— זי איז אייער ביידנס גרענד־מאַ, האָט די מוטער זיך אָפּגערופן, אַריינקומענדיק פון אַ זייטיקן צימער, אָנגעטאָן יום־טוב׳דיק, מיט אַ גליקלאַכן שמייכל.

דערווייל האָט מען זיך געזעצט צום סדר.

## אַ מעשה מיט אַ גלח, אַ רב און אַ שמש

### א.

אין טאָל ביים טייך סאַן, אין אַן אַלט גאַליציאַניש שטעטל, האָבן זיך רואיק געלעבט אידן, זיך גע׳עסק׳ט מיט תבואה, מיט שיינקען, געהאַנדלט מיט נעהילץ און זיך ניט געריכט אויף קיין שלעכטס. דאָס דאָזיקע שטעטל האָט גע־הערט צו אַן אַלטן פּוילישן גראַף, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין ווייב און ניט קיין קינדער און געווען זייער אַ פרומער. דער גראַף האָט געוואוינט אין זיין הויף נאָענט צום שטעטל, און וויילע ער איז שוין געווען אַלט, האָט ער זיך נאָר גע׳חבר׳ט מיט זיין איינציקן פריינט—מיטן פרומען גלח, וואָס איז געווען

א שונא ישראל, האט ליב געהאט געלט און וויין, האט זיך געריכט, אז דער אלטער קינדערלאזער גראף וועט אים מאכן פארן יורש פון זיין הויף און זיין שטעטל.

אין שטעטל האבן זיך די אידן אנדערציילט מיאוסע מעשיות וועגן דעם גלח דעם רשע. די אידן, וואס פלעגן אריינקומען צום פריץ דעם גראף אין הויף, פלעגן דערציילן, אז אויב, חס־ושלום, דאס שטעטל וועט ארייפאלן צום גלח אין די הענט, וועט זיין פינסטער און ביטער צו די אידן.

נאר׳מען קען דאך ניט וויסן, וואס מארגן וועט זיין — קען זיין, אז דער גראף זאל לעבן הונדערט און צוואנציק יאר און דער גלח זאל אים גארניט ירשענען, עס קען דאך נאך זיין אנדעריש אויך, טראכט מען דעריבער ניט וועגן דעם, וואס עס וועט זיין נאך דעם גראפס טויט.

מאכט זיך אבער א מעשה, אז דער גראף האט פון ערגעץ אראפגעבראכט צו זיך אין הויף אריין א יונג קינד, א יונגן שייגעצל. מען האט דערציילט, אז דאס קינד איז פון זיינער א קרובה, וואס איז פרי געשטארבן. אנדערע האבן ווידער געוואוסט צו זאגן, אז דאס איז גאר עפעס אייגנטלאך דעם גראפס אן אייגן קינד, נאר מען טאר ניט וועגן דעם ריידן. נאר ווי די מעשה איז, אבי דאס קינד איז איב געווארן, ווי אן אויג אין קאפ, דער אלטער גראף האט זיך מיטן קינד געעסקט נאך בעסער, ווי אן אייגענער טאטע.

,פארשטייט זיך, אז דאס האט פארדראסן דעם פרומען און שלעכטן גלח, וואס האט זיך אזוי געריכט אויף דעם גראפס ירושה און דא איז גאר אראפ־געקומען א נייער יורש — א פרעמד אינגל.

האט ער אנגעהויבן טראכטן מחשבות און זוכן עצות, ווי אזוי צו פטור ווערן פון דעם דאזיקן אינגל. ער האט געזעדט פארשטעלטערהייט שלעכטס אויף אים, האט זיך דער פריץ גארניט איינגעהערט. האט דער גלח אויפגעוויזן פון הייליקע ספרים, אז דער גראף דארף ניט מאכן פאר אן אייגן קינד דאס פרעמדע אינגל, האט אים דער אלטער פריץ ניט געפאלגט — דער גראף האט שטארק ליב באקומען דאס קינד, וואס ער האט גענומען צו זיך פון דער גרייסער, גאר־ליציאנער שטאט...

האט דער גלח גענומען זוכן עצות, ווי אזוי צו פטור ווערן פון יונגן אינגל, פון דעם אומגעריכטן יורש. האט דער שלעכטער און פרומער גלח זיך צונויפגע־חבר׳ט מיט עטלאכע דינער פון גראפס הויף, האט ער צוזאמען מיט זיי עצות זיך געהאלטן און געזוכט א מיטל, ווי אזוי דאס פרעמדע שייגעצל זאל אים ניט שטיין אין וועג, ווייל דער גראף איז דאך שוין אלט און זיינע טעג זיינען געציילטע.

און דאס איז גראדע אויסגעפאלן אין דער צייט פון אנהייב ניסן, די צייט פון ערב־פסח, ווען אין שטעטל האט מען אנגעהייבן צו וואשן, שייערן און גלייען, און לופטערן די ספרים, זיך נייען א נייעם בגד, און מאכן א נייע סוכל־היטל, די צייט, ווען מען באקט מצות אויף פסח. דאס איז גראד צונ׳ז געקומען דעם גלח.

## ב.

עס איז געווען צוויי טעג פאר פסח. אין שטעטל איז יעדערער געווען, ווי דער שטייגער, פארנומען מיטן אריינברענגען דעם יום־טוב. קיינער האט זיך

ניט גערירט אויף קיין בייז. ערשט דעם גראפס משרתים מיט דעם גלח בראש האבן זיך ארייגעלאזן אין שטעטל מיט א בהלה און געזוכט ביי די אידן אין די הייזער און אין די שטאלן. גלייך האט זיך פארשפרייט א קלאנג, אז דעם גראפס אינגל, דער יורש זיינער, איז נעלם געווארן און אין הויף דערציילט מען, אז די אידן האבן דאס אים אצינד ערב־פסח פארנארט, אים געטויט און מיט זיין בלוט אויסגעקנאטן די מצות.

איז געווארן אן אימה אין שטעטל צווישן די אידן. איין גאט ווייס, וואס דער שלעכטער גלח, דער שונא ישראל, קען נאך אויסטראכטן.

און אט איז געקומען דער גלח מיט די משרתים צום רב אין הויף. זיי האבן געהייסן אויפשליסן דעם שטאל. דער רב איז שוין אן אלטער געווען, א גרויער און א בן־שבעים, איז אים שווער געווען אליין צו גיין, איז מיטן שליסל געגאנגען דער אלטער שמש, ר' ישראל.

און דא איז געשען דער אומגליק. ארויפצו אין שטאל, איינגעוויקלט אין א שמאטע האט מען געפונען א טויט קערפערל פון א אינגל. מען האט דאס קינד ארויסגענומען צו ליכט, אויף דרויסן — דאס איז געווען דעם גראפס יורשל.

— דאס האט דער רב געטויט דאס קינד און זיין בלוט גענומען אריינ־צוקנעטן אין די מצות... — האט דער גלח געזאגט. ער האט געזאגט און ניט נעשוויגן, ער האט גלייך אוועקגעפירט דעם אלטן רב צום גראף אין הויף.

אין שטעטל איז געווארן חושך. מען האט פארשטאנען, אז דאס איז אן אפגעטאנענע זאך — נאר ווי קומט דאס טויטע קינד ביים רב אין שטאל? — אודאי איז דא עפעס דער גלח פארמישט, נאר ווי אזוי — האט קיינער ניט געוואוסט. דער רב איז דאך געווען אינגאנצן ריין און אומשולדיק, איז ער זיך געגאנגען רואיק צום גראף, מערניט פון אלטקייט האט ער זיך פאמעלאך גע־שלעפט און געהאט עגמת־נפש פון די זידלערייען פון גלח.

מען האט דעם רב געבראכט פאר דעם גראף, וועלכע איז גראד געווען אין גוטפריינטשאפט פון שטענדיק מיטן אלטן רב. דעם גראף האט זיך גארניט געגלויבט, אז דער רב זאל אפטאן אזא רציחה, נאר עס זיינען דאך געווען אלע סימנים אויבנאויף — דאס געטויטע קינד געפונען ביים רב אין שטאל...

— דו זאלסט מיר אזוי אפטאן?... — האט דער גראף געזאגט צום רב.

— גאט איז מיט דיר, ליבער האר... — האט דער רב גערעדט.

אבער דער גלח האט זיך אפגערופן:

— עס איז א זינד צו ריידן מיט א רוצח פון א קריסטלאך קינד...

און אז דער גראף האט דערזען דאס צעשטאכן קינד אין דער בלוטיקער שמאטע, אז ער האט געהערט די צוריידענישן פון גלח, איז ער אריין אין א כעס און האט גע'פסק'נט:

— דעם רב דעם רוצח אויפצוהענגען אויף א בוים און מיט די אידן פון שטעטל זיך אפרעכענען.

אז דער רב האט געהערט דעם פסק, האט אים אזוי ניט געארט פאר זיין לעבן, ווי פאר דעם כבוד פון די אידן, מען זאל אויסטראכטן אזא ווילדן און בלוטיקן בלבול. האט ער זיך אפגערופן:

— אדוני גראף, זיי חוקר ודורש, אפשר האסטו א טעות אין פסק...

און אז דער רב האט געזען, אז דער גראף און דער גלח ווערן ניט ווייי־כער, האט ער געבעטן, מען זאל אים לאזן לעבן נאך איין טאג, ווייל אין א טאג

ארום ווערט אים גראדע זיבעציק יאר און ער וועט נאך פאר דעם טאג ביז זיין טויט טאן עטלאכע מצוות.

האט מען דאס געטאן דעם רב צוליב, באופן, אז מארגן, אקוראט ערב־פסח, דארף ער אליין קומען אין הויף אריין און די משרתים וועלן שוין מיט אים טאן זיין רעכט.

און אין שטעטל איז א יללה. מען וויינט, מען פאסט, מען בעט צו גאט. עס איז א פינסטערער ערב־פסח.

ג.

ווי ס'האט נאר אנגעהויבן צו שאריען אויף טאג, איז אוועק דער אלטער שמש פון שול, ר' ישראל צום גראף אין הויף. ער האט קיינעם וועגן דעם ניט דערציילט און מיט קיינעם קיין עצה זיך ניט געהאלטן. קיין ווייב האט דער אלטער שמש ר' ישראל ניט געהאט, ווייל זי איז שוין מיט איניקע יארן צוריק געשטארבן און זיינע קינדער זיינען שוין געווען אויסגעגעבענע, האט ער געלאזן זיין שטוב ליידיק־אליין און ער איז אוועק צום גראף. ביי אים איז דאס געווען א באשלאסענע זאך.

ער איז געקומען אין הויף אריין און געבעטן, מ'זאל אים פירן צום גראף אין חדר אריין — ער האט צום גראף א וויכטיקן עניין. דער גלח איז נאך געווען פון פארטאג וואך און זיך געגרייט צום אויספירן דעם גזר פון גראף איבער דעם רב. האט מען ר' ישראלן געבראכט פארן גראף.

— וואס פארלאנגסטו, סרול ? ... — האט דער גראף ביי אים געפרעגט.

און ער, ר' ישראל, האט זיך גאנץ רואיק און אן שרעק געענטפערט :

— איך וויל אויסקויפן דעם רב ...

— וואס הייסט דאס ? — האט דער גראף ניט פארשטאנען.

— ס'הייסט, — האט ר' ישראל געזאגט — איך נעם אויף זיך דעם גזר, איך גיב זיך צו דער תליה און זאל אונזער רב דער צדיק און זהן בלייבן לעבן און זאל די אידן פון שטעטל ניט געטאן ווערן קיין שלעכטס ...

איז עס געווען לכתחילה זייער משונהדיק אין די אויגן פון גראף, נאר אין דערזעלבער רגע האט זיך דער גלח אפגערופן צום גראף :

— מסתמא איז ער דער אמת'ער רוצח פון קינד ... דארף מען אים אויפ־הענגען ! ...

רב ישראל, אז ער האט געהערט די שטילע רייד פון גלח, האט ער זיך אפגערופן מיט א שמייכל :

— מיין ניט, אז עס איז ניטא קיין דין און קיין דיין, דער אמת וועט נאך ארויפשווימען, ווי בוימל אויפן וואסער ...

האט פארדראסן דעם גלח, וואס ר' ישראל האט נאך א העזה ביים גראף אין שטוב, און אגב האט ער דאך געוואלט וואס גיכער מאכן א סוף צו זיין בלוטיקן עסק, האט ער צוגערעדט דעם אלטן גראף און ער, דער גראף, האט געהייסן אויספירן די שטראף איבער רב ישראל'ן.

איז דער אלטער שמש אוועק צום טויט. פרום און רואיק איז ער געשטארבן, ווי א הייליקער, אומשולדיקער קרבן. ער האט נאר פארן טויט באוויזן צו זאגן :

— שמע ישראל, ה' אלהינו, ה' אחד ...

ד.

תיכף האָט מען זיך דערוואוסט וועגן דעם אין שטעטל. פון גראַפס הויף איז מען געקומען דאָס אנזאָגן און דערציילן, אז דער גראַף איז דערשלאָגן און אומעטיק, וואָס מען האָט אומגעבראַכט דעם אַלטן סרול, און אז מער קיין בייז וועט שוין די אידן פון שטעטל ניט געטאָן ווערן.

דאָס גאַנצע שטעטל האָט געריסן קריעה און זיך געזעצט אין טרויער. דער אַלטער זקן, דער רב איז ממש צעגאַנגען אין טרערן. מען האָט געזען, אז אין אים ענדיקט זיך די נשמה. ער, דער רב, האָט תיכף געזאָגט קדיש נאָך ר׳ ישראלן און מען האָט אים לאַנג געמוזט מונטערן פון חלישות. דער רב האָט געוויינט און גערעדט:

— ר׳ ישראל, ביסט אוועק א קרבן... אוועקגעגעבן דיין נשמה פאַר מיי־נער... אוועקגעגעבן דיין לעבן פאַרן כלל ישראל... ביסט א קדוש... ר׳ ישראל...

נאָר עס איז דאָך א דין, אז עס קומט יום־טוב, מוז מען אויפהערן צו וויינען, מוז מען אויפהערן צו טרויערן, מען טאָר ניט פאַרשטערן קיין היי־ליקן יום־טוב.

אין יענער נאַכט איז דאָך געווען די ערשטע נאַכט פון „סדר“.

דער רב האָט געפּראַוועט דעם סדר אין זיין ווייסן קיטל, ווי דער שטיי־נער, האָט געזאָגט די הגדה, געטרונקען די כוסות, ווי אַן אַלטער און פרומער איד, א רב פון שטעטל. איז געקומען צו „שפוך חמתך“, צום עפענען די ט ר. ערשט ווי מען האָט נאָר געעפנט די טיר, איז אין שטוב אריינגעקומען א אומ־באַקאַנטער, אַלטער גוי.

— גוט נ׳אָוונט...

— גוט נ׳אָוונט, גוט יאָר...

בעט דער רב אים זיך זעצן און איז עפּעס אין א מאָדנעם אומגעוויינלאַכן פּחד.

דערציילט דער אַלטער פויער, אז ער איז א דינער ביי דעם גראַף אין הויף. ער ווייס דעם גאַנצן סוד מיטן גע׳הרג׳ט יורש. ער האָט דאָס אַלץ אַליין געזען, ווי דער גלח האָט דאָס געטאָן. ער, דער אַלטער פויער, האָט אַליין מיט זיינע הענט ביינאַכט געטראָגן דאָס געטויטעטע קינד צום רב אין שטאַל אריין. נאָר ווי ער האָט געזען, אז מען האָט אויפגעהאַנגען דעם אַלטן סרול, קען ער ניט רוען און אַט איז ער געקומען פאַר דעם „ראַבין“ דערציילן, און זאָל זיין, וואָס עס זאָל שוין זיין.

עס איז דאָך שוין אפילו געווען אינמיטן נאַכט, נאָר דאָך האָט זיך אָפּ־גערופן דער רב:

— קום, לאָמיר גיין דאָס דערציילן דעם גראַף...

— איך האָב מורא... — האָט דער פויער געזאָגט.

אָבער דער רב האָט אים צוגערעדט און זיי זיינען ביידע אַוועק צום גראַף אינמיטן דער נאַכט, אינמיטן סדר, געלאָזן אָפן די טיר, ווי מען לאָזט צו „שפוך חמתך“...

ה.

עס איז שוין געווען אפילו אינמיטן נאַכט, בשעת דער רב מיט דעם אַלטן דינער זיינען געקומען אין הויף אַריין, נאָר דער גראַף איז נאָך ניט געשלאָפן.

עס האָט אים ניט געלאָזט רוען. וואָס ער האָט אומגעבראַכט דעם אַלטן סרול — קען דען דאָס זיין, אַז דער אַלטער און ערלאַכער סרול זאָל זיין דער רוצח פון קינד? . . .

מען האָט דעם רב אין זיין ווייסן קיטל מיט דעם אַלטן דינער צוגעלאָזן צו דעם איבערגעשראָקענעם גראַף, וואָס האָט דאָך ניט געקענט ווײַסן, וואָס טוט דער רב ביי אים אין אַזאַ שפּעטער שעה. האָט דער רב דערציילט פאַר דעם גראַף, וואָס דער דינער האָט פאַר אים דערציילט, און דער דינער האָט געזאָגט, אַז ער קען נאָך באַווייזן סימנים און ראיות: זאָל מען גיין זוכן ביי דעם גלח אין שטוב, וועט מען נאָך געפינען די פאַרבלוטיקטע טיכלאַך, ער ווייס וואו זיי צו געפינען.

— איך האָב ניט געקענט שווייגן... — האָט דער אַלטער דינער געזאָגט. האָט זיך דאָס דעם אַלטן גראַף ניט געלאָזט גלויבן; זיינען זיי אַלע דריי מיט נאָך דינער פון הויף אַוועק צום גלח אין דירה, וואָס איז געווען ניט ווייט פון דאָרטן. עס איז געוואָרן וואָך און צערודערט דער גאַנצער גראַפישער הויף אין יענער נאַכט. אין שטעטל ביי די אידן האָט קיינער ניט געוואוסט פון קיין פּותר־חלום, מען האָט, ווי דער מנהג, פאַרענדיקט די הגדה און געזאָגט שיר־השירים. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט ביים גלח געפינען, וואָס מען האָט געזוכט, און ער האָט זיך פון גרויס שרעק אין אַלץ מודה געווען און געבעטן ביים גראַף, ער זאָל אים שענקען דאָס לעבן.

האָט דער אַלטער רב אויפגעהויבן זיינע אויגן און גרויע באָרד און אריינגעקוקט אין געזיכט פון אַלטע גראַף. דער רב האָט קיין וואָרט ניט גערעדט, נאָר עס איז געווען אין זיין בליק אַזויפיל פאַרלאַנג פון גערעכטיקייט און תביעה: „גראַף, עס שרייט פון דר'ערד די בלוט פון אַלטן, אומשולדיקן קרבן ר' ישראל"... דער גראַף, וועלכער איז אין פלוג ניט געווען קיין צורר־ישראל, נאָר דער גלח האָט אים פאַרנאַרט, האָט זיך אָפּגערופן צום רב:

— דעם משפט מיט דעם גלח וועל איך ערלאַך מאַכן, דעם גוף פון סרולן ברענגט צו קבורה אויף מיין חשבון, און איך לאָז אויסבויען אויף מיין געלט אַ שול פאַר די אידן אין שטעטל . . .

נאָך אין דעמזעלביקן פאַרטאָג האָט מען זיך אין אַלע הייזער אין שטעטל דערוואוסט פון דער גאַנצער מעשה. מען האָט שוין אפילו נאָכדעם דערציילט, אַז דעם אַלטן דינער האָט מען שפּעטער ניט געפונען, ער איז נעלם געוואָרן און קיינער ווייס ניט, וואו און ווי אַזוי.

צו דער לויה פון ר' ישראל דעם קדוש, דעם אומשולדיק און הייליק אומגעקומענעם, איז מען אָנגעקומען פון דער גאַנצער סביבה. דער רב איז געגאַנגען נאָך דער מטה איינגעטונקט אין טרערן. ביי דעם קבר האָט דער רב געזאָגט נאָך אים קדיש, און נאָכן קדיש האָט ער זיך אָפּגערופן:

— אשריך, ישראל, וואויל צו דיר, ישראל, וואָס דו האָסט דעם גליק געהאַט אומצוקומען אומשולדיק פאַר דער גאַנצער שטאָט! . . . אשריך, ישראל!

און אַז מען האָט געבעטן דעם רב, ער זאָל זיך באַרואיקן, אַז מען האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס איז זיין צער גרעסער פאַר אַלעמענס, האָט דער רב געענטפערט:

— איך זאָרג זיך, פאַרוואָס איך האָב ניט געהאַט דעם זכות אומצוקומען פאַרן כלל, ווי עס האָט געהאַט רב ישראל. . .

אין שטעטל זיינען געבליבן אין א צייט אַרום צום זכר פון דער געשיכטע צוויי זאכן. די ערשטע זאך איז — א גרויסע שטיינערנע מצבה אויף דעם קבר פון ר' ישראל, אויף וועלכער עס זיינען אויסגעקריצט די ווערטער פון אלטן רב: „אשריך, ישראל", וואויל צו דיר, ישראל; די צווייטע זאך איז — א ווייסע גרויסע שול, וואס דער גראף האט געלאזט אויסבויען, כדי אויסצוקויפן די זינד, וואס ער איז באגאנגען.

יעקב פאט.



## דער ערשטער מאַי

.1

היינט רוט די וועלט. קיין שוך, קיין קלייד,
ווערט ניט געשטעפּט און נישט גענייט,
און ס'איז די שפּין־פאַבריק פאַרמאַכט,
די טאַטשקע ליגט אין קוילן־שאַכט.

.2

היינט רוט די וועלט. דער מענטש, דער קנעכט
גייט אויף דער גאַס און פאָדערט רעכט;
דער וועבער רוט, נאָר אויבן־אָן
שוועבט איצט זיין רויט־געוועבטע פאָן.

.3

די אַרבעט שטייט. דאָך שאַפט זיך מער
ווי יאָרן־לאַנג אין אַרבעט שווער;
קיין האַמער אין גוס־פאַבריק, —
עס שמידט זיך דאָך דאָס גליק, דאָס גליק.

ז. סעגאַלאָוויטש



# ליד דער אַרבעט

אַ לויב און געזאַנג דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן מיט ליבשאַפט און היים!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאַזאָליעס
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

געבענטשט זאָלן זיין דער וואַרשטאַט, דאָס שפּינדל,
דער האַמער, די סאָכע, דער סערפּ און די זעג!
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער, אַ זמפּיקער וועג.

דער סערפּ איז פון שטאָל, דער האַמער פון אייזן
קיין צירונג קיין גרויסע זיינען זיי ניט;
אין זיי אָבער ליגט אונזער קראַפט, אונזער לעבן,
אָן זיי איז אומעגלאַך איין איינציקער טריט.

טאָ לויבט זשע און זינגט דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן מיט ליבשאַפט און היים!
געזונט זאָלן זיין די הענט פון מאַזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

ש. פרוג.

# אין די קוילן־גרובן

אַז איך האָב דערשפּירט אַ מייל טיף אונטער דער ערד, צווישן ענגע קוילן־ווענט און נידעריקן קוילן־געוועלב איבער מיין קאָפּ, האָב איך דעמאָלט אינגאַנצן פאַרגעסן צו קלערן ווי אַזוי ס׳פילט דער סלאַוו, נעגער אָדער איטאַליענער — כ׳האָב זיך בלויז איבערגעגעבן מיינע אייגענע געפילן און איבערלעבונגען. אינגאַנצן איין מייל אונטער דער ערד פאַרבראַכט, און בלויז צוויי שעה, און דאָך, שוין באַלד דריי טעג, אַז ס׳איז געשען און כמעט יעדער ווײַלע קערן זיך אום צו מיר יענע איבערלעבונגען אין קוילן־גרוב, איין מייל אונטער דער ערד.

מיט מיין לעמפּל אויפן שטערן (די אייגענע לעמפּלאַך, וואָס די קוילן־גרעבער טראָגן אויף זייער שטערן צו באַלייכטן דעם פלעק וואו זיי שטייען און וואו זיי באַדאַרפן מיט דעם שפּיציקן האַמער דערלאַנגען) האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין איינעם פון די קליינע פלאַכע וואַגאָנעלאַך, וואָס זיינען אָנגעלאָדן מיט קוילן פון אונטער דער ערד. כ׳האָב מיך אינ׳ם קוילן־שטויב אַריינגעזעצט, דעם קאָפּ איינגעבויגן צו די קני. נאָכדעם ווי די קוילן זיינען געווען אויסגעלאָדן, אַלץ פּאַרטיק, האָט זיך דער צוג פון אָרט אַ ריס געטאָן און מיט אַ טרוקענעם גערויש זיך אַוועקגעקייקלט אין באַרג אַריין, אַלץ טיפער, ווייטער, ווי אַ פייל פון בויגן, האָבן זיך די וואַגאָנעלאַך געטראָגן דורך שמאָלן, פינסטערן טונעל.

מיט אַמאָל זיינען די וואַגאָנען שטיין געבליבן. דאָ איז דער הויפּט פונקט פון וואַגאָנען די וועגן צעלויפן זיך אויף אַלע זייטן. פון דאַנען האָב איך מיר גענומען לאָזן צופוס. מיין באַגלייטער וואָרנט מיר, כ׳זאָל זיך היטן, דעם קאָפּ ניט צעשלאָגן. דער טונעל איז נידעריק און ס׳קומט אויס צו גיין כסדר איינגעבויגן, אונטן צווישן די שמאָלע רעלסן פאַר וואַגאָנעלאַך וואָס ווערן מיט מויל־אייזלען געשלעפּט. כ׳בין אַ ווײַלע געבליבן שטיין און זיך אָנגעהויבן צוצוהערן צו אַלץ אַרום. שטיל. אַן אונטערערדיש שטילקייט. די לופט ווערט אַהער געטריבן פון דרויסן דורך מאַשינען. מען שפּירט ניט אַז דאָ איז ווינציק לופט. איין זאַך אָבער איז מיר געווען קשה׳דיק: פאַרוואָס שלאָגט אַ פּאַרע פון מיין מויל אַנטקעגן ליכט פון מיין לעמפּל און מיין העמד קלעפּט זיך מיר צום לייב?

באַלד האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען פון דער שטילקייט אַזעלכע געהיימניספולע גערוישן.

— וואָס רוישט דאָס אַזוי ווי וואַסער ערגעץ ווייט?

— דאָס הערט מען ווי די לופט קומט אָן אין די זייטיקע קאַמערן.

— וואָס קנאַקט עס אַזוי אין די ווענט, גלייך עמיצער ברעכט האָלץ איבער די קני?

— דאָס דריקט די משא אויף די ווענט; שטיקער קוילן־שפּענער פּלאַצן אָפּ פון די ווענט; ניט קיין געפאַר.

מיט אַמאָל האָבן זיך דערהערט טריט פון פערד און גערויש פון אייזערנע רעדער האָט זיך געלאָזט פילן אין די רעלסן ביי מיינע פיס.

— וואָס איז עס?

— דאָס קומען אָן מויל־אײזלען, זײ פירן אַרױס קױלן צום צענטער. לאָמיר זיך באַהאַלטן, װאָרים דער װעג איז דאָ שמאָל און דער װאַגאָן קאָן אונז פאַרטשעפּען.

מיט אַ הונדערט טריט װײטער איז געװען אַ לאָך אין װאַנט, װי אַ גרױסער אױװן, און כ'האָב מיך אַהין אַרײנגערוקט; די פיס אונטער זיך און באַלױכטן מיט מײן לעמפּעלע. לעבן מיר, זײט בײ זײט, מײן באַגלײטער, אױך אַ קױלן־גרעבער, װאָס איז דערהױבן געװאָרן צו אַ העכערער מדרגה.

צװײ מויל־אײזלען זײנען אָנגעקומען, לױפנדיק אונטער דעם קנאַק פון אַ בײטש, שלעפּנדיק אַ װאַגאָן קױלן. מיט דער בײטש קנאַקט אַ געשטאַלט פון אַ מענטש, װאָס שטײט בײ דער הינטערשטער טײל פון װאַגאָנעלע. בײם שװאַכן שײן האָב איך באַמערקט װי די מויל־אײזלען בױגן אײן זײער רוקן אין דער העלפט, ניט אָפּצושלאָגן זיך אין דעם טונעל־געװעלב און אַזױ אײנגעבױגענערהײט זײנען זײ פאַרבײגעלאָפן און פאַרשװאונדן געװאָרן אין דער פינסטערניש.

מערקװירדיק װי נאָך פון דערװײטנס האָב איך באַמערקט װי די אױגן האָבן בײ זײ געברענט װי בײ אַ קאַץ אין דער פינסטערניש. מען זאָגט, אַז זײ װערן דאָ בלינד אין די שאַכטעס. בײם שײן פון לעמפּל האָב איך נאָך אַ זאַך באַמערקט, אַז די מויל־אײזלען האָבן זײער אַ גע־װנטן און פעסטן אײסזען, כאָטש זײ קומט אױס צו שלעפּן די משא אײנגעבױגענערהײט און ס'האָט מיר געװאונדערט פאַרװאָס מײן באַ־גלײטער האָט אַזעלכע אײנגעצױגענע באַקן...

מיר האָבן זיך אָװעקגעלאָזן װײטער צופוס. װעגן און הינטער־װעגן, הױפּט־גאַסן און זײטיקע קאַמערן, מיט אַ סדר צעשניטן און צעמאַסטן און כסדר די סאָלידע קױלן־װענט. אױף די װינקלען אױפשריפטן, נומערן פון די גאַסן. די קױלן־װענט גלאַנצן און פינקלען מיט זײער שװאַרצקײט אַנטקעגן דעם שײן װאָס אױף מײן שטערן.

ס'הײבן זיך אָן צו דערהערן אײנציקע קלעפּ. מיט שפּיציקע האַמערס האַקט מען ערגעץ אין װאַנט. װײט, גאָר װײט איז עס נאָך. דאָרט אין דער װײטקײט װיגט זיך אַ װיטלאַכער שװאַכער שײן. אין דעם שײן װיגן זיך צװײ שאָטנס פון מענטשן. מײנע אױגן האָבן זיך צוגעװױנט צו דער טונקלקײט און כ'זע גאַנץ גוט פון װײטן. דאַכט זיך מיר, אַז מײן לעמפּל אױפן שטערן איז מיר איבעריק. איך קום אַלײן נענטער צו די שאָטנס װאָס באַװעגן זיך און װאַרפן דעם װיטלאַכן שײן פון זיך און — זײ באַקומען אַ ממשות, מענטשן. דאָס זײנען צװײ קױלן־גרעבער בײ דער אַרבעט. צװײ־װײז, צװײ־װײז, געפינען זײ זיך בײ זײער אַרבעט יעדער אין זײן גאַס, בײם עק גאַס, מיטן פּנים צום װאַנט און האַקן, און האַקן די סאָלידע קױלן־װענט און מאַכן דעם טונעל אַלץ טיפער...

— העלאָ!

זײ ענטפערן שטיל. לאָזן אַראָפּ זײערע שפּיציקע האַמערס, קערן אָפּ זײערע פּנים'ער צו אונז, קוקן און שמײכלען. די פּנים'ער שװאַרץ, בלױז װאו דער טראָפּן שװײס האָט זיך אַראָפּגעקײקלט איז געלבלאַך. מיר

דאַכט זיך, אַז אָט די צוויי מענטשן האָבן גאָר קיין שום שייכות ניט מיט די אַלע וואָס לעבן אויף דער ערד. דאַכט זיך, יונגע מענטשן גאָר, און דאָך זעען זיי אויס דורות אַלט; אָט ווי דער באַרג וואָס איבער אונז — אַזוי אַלט...

— אַרבעט, אַרבעט! אַ שאָד די צייט. איר אַרבעט דאָך פון טאָג, — זאָגט צו זיי מיין באַגלייטער.

און זיי נעמען זיך ווידער צו דער אַרבעט. איינער הייבט אויף זיין שפּיציקן האַמער און הויבט אָן צו האַקן אויטאָמאַטיש אין דער נידער, לעבן זיינע טריט האַקט ער אַלץ טיפער און טיפער דעם שפּיציקן האַמער אין וואַנט אַריין. דער אַנדערער נעמט אַ לאַנגן עקבער, וואָס האָט פון דער אַנדערער זייט אַזאַ אויסגעבויגענעם, ברייטלאַכן אָנלען פאַרן ברוסט. און ווען ער שטעלט צו דעם שפּיץ פון בויער צום וואַנט, שפּאַרט ער אָן זיין מאָגערע, ביינערדיקע ברוסט אָן דעם אָנלען, דריקט פעסטער, פעסטער דרייענדיק דעם בויער אין וואַנט אַריין, בויערנדיק אַלץ טיפער און טיפער די לאָך אין דער שוואַרצער קוילן-וואַנט. אַז ער וועט מיט זיין ברוסט און עקבער גענוג טיפע לעכער מאַכן, וועט ער דערנאָך זיי מיט פּולווער אָנפילן, אונטערצינדן דאָס קנייטל, אַנטלויפן, זיך אין אַ ווינקל באַהאַלטן און וואַרטן ביז עס וועט אויפרייסן...

עס קומען אָן ווידער אַ פּאָר מויל-אייזלען, בייגן זיך צו דער ערד און אַזוי ווי איינגעבויגענערהייט טראָגן זיי זיך דורך, שלעפּנדיק מיט זיך דאָס קוילן-וועגעלע אויף די שטאָלענע רעלסן. ס'הערט זיך אַ קנאַק פון אַ בייטש.

— וויפיל געמאַכט נעכטן? — שרייט מיין באַגלייטער אַהין, וואו־הין דער גערויש איז פאַרשוואונדן, און פון דאָרט קומט זיך צוריק צו־טראָגן אַן ענטפער:

— פיר!

מיר קומען ווידער אַרויס צום הויפּט-וועג, צום צענטער. כ'האָב מיך אַריינגעזעצט אין אַ קוילן-וואָגן וואָס איז געשטאַנען אויף די רעלסן. מיין באַגלייטער האָט מיט אַ לאַנגן אייזן אַ שניט געגעבן אין צוויי דראָטן, וואָס האָבן זיך איבער אונז געצויגן. פונקען האָבן זיך אַ שאָט געטאָן. ס'איז אַ סיגנאַל צו דער וועלט וואָס דרויסן. אונזער וואַגאָנעלע האָט זיך פון אָרט אַ ריס געטאָן, טראָגנדיק מיך און מיין באַגלייטער.

מיט אַ ווילדער קראַפט האָט עס אונז געריסן באַרג אַרויף אַלץ נעענ־טער צום אַרויסגאַנג. פון דעם שטאָלענעם גערויש האָב איך געמיינט, אַז די ווענט פון טונעל ווערן אָט, אָט צעטרייסלט. פון וויטן האָט זיך באַ־וויזן אַ דורכזיכטיקער זילבערנער פלעק, דאָס איז דער אַרויסגאַנג פון דער מינע, וואו דער ליכטיקער טאָג האָט גערוט.

פרץ הירשביין.

# אַרום די בוימוואָל פאַבריקן

אַ לאַנגע, שמאָלע, שמוציקע גאַס. הייזלאַך, צוזאַמענגעשלאָגן פון ברעטלאַך, שטייען איינע נעבן די אַנדערע. אין מיטן גאַס — אַ גרויסע פאַבריק פון פינף שטאָק מיט פאַרשטויבטע פענסטער און אַ הויכן פאַררויכערטן קוימען. ביים אַריינגאַנג פון פאַבריק — אַן אייזערנער טויער מיט אַן אויפשריפט: „קאַטאַן מילס". ניט ווייט פון דער פאַבריק — עטלאַכע שפּיז־קראָמען, וואָס באַלאַנגען צו די באַלעבאַטים פון פאַבריק, און אין וועלכע די אַרבעטער מוזן קויפן אויף באָרג ביז „פּיי־דיי". אַביסל ווייטער, רעכטס — אַ קלויסטער און אַ קינדער־שול. בײדע געבײדעס — הילצערנע, אויפגעבויט פון די באַלעבאַטים פאַר דעם „וואָילזיין" פון די אַרבעטער און זייערע קינדער...

אינווייניק אין די הייזער. אַ ווענטל פון דינע ברעטלאַך טיילט פאַנאַנדער יעדעס הויז אויף צוויי העלפטן. אין יעדער העלפט, וואָס באַשטייט פון צוויי צימערלאַך, וואוינט אַ באַזונדער אַרבעטער פאַמיליע, און אין צוגאָב — גאַנץ אָפט אַ פּאָר „באָרדערס". דאָס ערשטע צימערל דינט פאַר אַ קיך, עס־צימער און זאַל. גלייך ביים אַריינגאַנג שטייט אַ גרויסער אויוון, אין מיטן — אַ טיש, וואָס הינקט אונטער אויף איין פוס, און צוויי לאַנגע, הילצערנע בענק. די ווענט — ניט געקאַלכט. די דיל — פון הוילע ערד. די פענסטער האַלב צעבראָכן און מיט שמאַטעס פאַרשטעקט. דאָס צווייטע קאַמערל איז אַ שלאָף צימער. אַ גרויסע, הילצערנע בעט און אַ קינדער־וויגעלע פון שטרוי, וואָס הענגט אַראָפּ פון דער סטעליע, זיינען די איינציקע שטיקער מעבל וואָס באַצירן דעם צימער. אויפ'ן בעט — אַ צעריסענער שטרוי־זאַק און אַ קליין שטרוי־קישעלע באַצויגן מיט אַ שמוציק ציכל. ציפּיכנס, אונטערן שעניק, אַ באַרג מיט שמאַטעס. אויפן וואַנט, אַנטקעגן בעט, אַ בילד פון דער „הייליקער מאַריע".

אין די הייזער איז שטיל, רואיק. די יונגע מענער, פרויען און האַלב דערוואַקסענע קינדער זיינען איצט ניטאָ אין דער היים. זיי אַרבעטן אַלע אין די „קאַטאַן מילס". אין דרויסן שפּילן זיך בלאַסע, אָפּגעריסענע קינדער פון 6-5 יאָר אַלט. אויף די גאַניקעס פון די הייזער זיצן אַלטע, פאַרהוילקטע, אָפּגעצערטע, אויסגעדינטע אַרבעטער. איניקע פון זיי האַלטן די גרויע קעפּ אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד. קייען בילקן טאַבאַק, שפּייען און שווייגן. אַנדערע האַלטן אין זייערע הענט זויג־קינדער, אייניקלאַך, וויגן און זינגען זיי אומעטיקע נגונים.

פון וויטן הערט זיך דאָס מאָנאָטאָנע קלאַפּן פון די פאַבריק־מאַשינען. דאָס גערויש מישט זיך אויס מיט די טרויעריקע וויג־לידעלאַך פון די זיידעס. איך פאַרטראַכט זיך. עס דאַכט זיך מיר, אַז די פאַבריק און דער זיידע טענה'ן זיך ביידע אויס פאַר דעם יונגן נפש'ל. די פאַבריק מאַשינען הוזשען, ליאַרעמען און טומלען: „קינד, דו געהערסט צו אונז. מיר האָבן געהאַט דיין זיידן. מיר האָבן דיין טאַטן און מאַמען. און מיר וועלן דיך האָבן". דער זיידע קלאָגט זיך: „קינד מיינס, זע וואָס די פאַבריק

האָט פון מיר געמאַכט. אַ צעבראָכענע כלי. איצט מאַכט זי אַזוי פון דיין טאַטן און מאַמען. זאָל דיר, מיין קינד, גאָט ראַטעווען פון אירע הענט.״

אַ פייף פון פאַבריק רייסט איבער מיינע געדאַנקען. איך קוק זיך אַרום. די גאַס איז מיט אַמאָל פול געוואָרן מיט מענטשן. דאָס גייען די אַרבעטער פון דער אַרבעט. מענער, פרויען, צען יאָריקע קינדער. אַלע מיט געלע פּנים׳ער, אויסגעלאָשענע אויגן און אַ מידן גאַנג. עס וואַרפן זיך אין די אויגן צעריסענע קליידער, נאַקעטע פיס און שמאַטעס, אַ ים מיט שמאַטעס.

אין קירכע נעמט קלינגען. די מאַסע אַרבעטער לאָזט זיך גלייך אַהין. איך קוק אויף די פרומע שקלאַפן, און אויפן זינען קומט אַרויף אַן אַלט־באַקאַנט לידל:

„דיין תּפילה און דיין וויינען איז אַ טרייסט
דאָך ניט פאַר דיר — פאַר דיינע האַרן נאָר!
דיין בעטן זאָגט זיי אָן אַ גוט יאָר,
ווייל פאַר זיך צו נעמען ביסטו נאָך ניט דרייסט״...

ירחמיאל לאַזאַרסאָן.



## דער שניידער

די שטוב איז קליין, די שטוב איז אַלט,
אין יעדן ווינקל — מיסט און קויט,
ס׳איז פינסטער, אומעטיק און קאַלט,
אַ קראַנקער שניידער זיצט און נייט.

דער שניידער נייט,
די נאָדל גייט,
דער מוח דרייט:
ס׳איז גרויס די נויט,
נישטאָ קיין ברויט,
נישטאָ קיין ברויט!

דער פּנים געל, פאַרזאָרגט, פאַרטראַכט,
די נאָדל רודערט טאָג און נאַכט!
פון צייט צו צייט אַ פוסטער הוסט,
האַלט אויף די האַנט, רייסט אויף די ברוסט...

דער שניידער נייט,
די נאָדל גייט,
דער מוח דרייט:
ס׳איז גרויס די נויט,
נישטאָ קיין ברויט,
נישטאָ קיין ברויט!

ש. אַנ—סקי.



# אין רעגן און אין קעלט

וואָס טוען צוויי עופה'לאַך קליינע אין גאַס —
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט ?
די הענטעלאַך — אייז און די פיסעלאַך — נאַס,
די ליפּעלאַך — בלוי און די בעקעלאַך — בלאַס ;
וואו איז זייער היים אין דער וועלט ?
— זייער היים ! זייער היים בין איך, זאָגט די גאַס,
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט.

וואו גייען צוויי קינדערלאַך קליינינקע היינט,
אין רעגן, אין קעלט און אין ווינט ?
וואָס ? גאָר אָן אַ פאָטער, אַ מוטער, אַ פריינט ? . . .
יתומים'לאַך ? נעבאַך ! וואָס זע איך ? מיר שיינט,
אַז איינער פון זיי איז גאָר בלינד !
— געוויס, זאָגט די גאַס, און איך בין זייער פריינד
אין רעגן, אין קעלט און אין ווינט.

וואָס בלייבן זיי שטיין מיטאַמאָל דאָ אַליין
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט ?
צום האַנדלען — צו אָרעם, צום בעטלען — צו קליין,
צו שוואַך און צו ערלאַך — צום גנב'ענען גיין,
וואו קריגן זיי עסן און געלט ?
איצט שווייגט שוין די גאַס. אַך, איר האַרץ איז פון שטיין,
דער ווינט שווייגט, דער רעגן, די קעלט.

מאָריס ווינטשעווסקי.

# ווען דער פּאַפּאַ סטרייקט



עס איז ווינטער־נאַכט.

דרויסן איז אַ ברענענדיקער פראָסט און אַ שניידנדיקער קאַלטער ווינט. דרויסן איז סיביר; און אין צימער? אין צימער איז ניו יאָרק. עס איז קאַלט, ווי אין דרויסן, דאָ אין צימער וואווינט אַן אַרבעטער, אַ אידישער הויזן־מאַכער; און פון יעדן ווינקעלע קוקט אַרויס די ביטערע, שטיקנדיקע נויט, ווייל דער הויזן־מאַכער איז אין סטרייק.

דער סטרייקער איז ניטאָ אין דערהיים: ער איז אויף אַ מיטינג. די פרוי זיינע זיצט ביים אויוון און נייט עפּעס מיטן נאָדל — דאָס פאַרריכט זי אויס וועש פאַר ש כ נ י ם, העלפנדיק דערמיט דעם מאַן אין זיין סטרייק.

דאָס פייער אין אויוון גייט אויס. ה פ נ י ם, אַז דעם סטרייקערס פרוי האָט שוין דערשפּירט די קעלט; אַט האָט זי אַ שווערן, טיפן זיפץ געגעבן, געוואָרפן אַ טרויעריקן בליק אויף דעם לערן קוילן־שעפל, און איז ווייטער געבליבן פאַרטראַכט און שווער פאַרזאָרגט.

און עס איז שטיל אין צימער; בלויז דער ווינט קלאַפּט אין די פאַרפרוירענע שויבן, און אַמאָל אין אַ ווײַלע רייסט ער זיך אַריין אין קוימען פון קאַמין און וויינט אַזוי האַרצרייסנדיק, אַזוי טרויעריק, עפּעס ווי ער וואָלט אויך געהאַט אַ ביטער האַרץ פון אַ הויזן־מאַכער אַ סטרייקער...

— מאַמע! — האָט זיך דערהערט אַ קינדיש שטימעלע פון שלאָפצימער. און די מאַמע וואַרפט די אַרבעט און לויפט אַהין. דאָרט שלאָפט איר צירעלע, איר איינציק דריי־יאָריק קינד.

צירעלע איז געווען באַהאַלטן אין אַ גאַנצן ים מיט שמאַטעס, האָט זי דאָס אַלץ אַראָפּגעוואָרפן און וויל אַרויסגיין פון בעט.

— וואָוהין, מיין קינד? — פרעגט די מוטער און פּרוּווט צוריק איינדעקן דאָס מיידעלע.

— מאַמע, נעם מיך צום אויוון, מיר איז קאַלט. — בעט זיך צירעלע.

— עס איז דאָרטן אויך קאַלט, צירעלע!

— שיט אַריין קוילן. — גיט דאָס קינד אַן ע צ ה.

— ניטאָ, מיין נ ח ת, קיין קוילן. — זיפצט דעם סטרייקערס פרוי.

— פאַראַן.

— ניטאָ מיין לעבן.

און די מוטער גייט אין קיך, נעמט דאָס לערע קוילן־שעפל און ווייזט עס צירעלען.

צירעלע קוקט אַריין אין שעפל און גיט דערביי אַ טיפן, קינדישן זיפץ.

— ניטאָ מער קיין קוילן. — זאָגט צירעלע, און איר קינדיש פ נ י מ ' ל ווערט אַזוי ערנסט טרויעריק.

— ניטאָ מער. — באַשטעטיקט די מוטער.

— גיי ברענג. — ראָט דאָס קינד.

— ניטאָ קיין געלט, מיין האַרץ.

— ניטאָ קיין פענים? — פרעגט דאָס קינד איבער.

— יאַ, מיין נ ש מ ה , ניטאָ קיין פּענים.
— דער טאַטע ברענגט ניט?
— יאַ, צירעניו, דער טאַטע ברענגט ניט.
— פאַרוואָס?
— ווייל עס איז אַ סטרייק, מיין טאַכטער.
צירעלע קוקט אויף דער מוטער אַזוי בענקנדיק, אַזוי טרויעריק, ה ג ם דאָס לעצטע וואָרט, וואָס די מוטער האָט איר געזאָגט, פאַרשטייט זי ניט.
— שלאָף, צירעניו!
— איך וויל עסן, מאַמע!
— גלייך, מיין קינד!
און די מאַמע גייט אין קיך, שניידט אָפּ אַ ברעקל ברויט, זוכט עפּעס אין אַלמער, געפינט גאָרניט און, געבנדיק ווייטער אַ שטילן, טיפן זיפץ, קערט זי זיך אום צוריק אין שלאָפצימער צו איר הונגעריק קינד.
— נאַ, מיין קינד!
— וואָס איז דאָס?
— ברייטעלע.
— איך וויל ניט, מאַמע!
— פאַרוואָס, צירעניו?
— באַשמיר מיט פּוטער.
— ניטאָ, מיין נ ח ת , מאָרגן וועל איך באַשמירן; דערווייל עס אַזוי.
— איך וויל ניט.
— גיב פּוטער! — ווידערהאָלט דאָס קינד איר ערשטע פאָדערונג.
— קינד מיינס, נו, וואָס וואָלט איך דיר ניט וועלן געבן, אַז עס וואָלט געווען, נאַרעלע מיינס! ? — רעדט די מוטער איין איר קינד.
צירעלע וויל אָבער ניט גלויבן און ווייזט אויפן אַלמער.
די מוטער ברענגט די לערע פּוטער־כלי צום בעט. צירעלע קוקט אויף איר מיט בענקנדיקע בליקן און לאָזט ווידער אַרויס אַ שטילן, האַרצרייסנדיקן זיפץ.
— ניטאָ מער קיין פּוטער, מאַמע! — זאָגט דאָס קינד טרויעריק און פירט פאַנאַנדער די הענטלאַך.
— ניטאָ מער, מיין לעבן! — ענטפערט די מאַמע מיט אַ ק ו ל פון טרערן.
— ניטאָ קיין פּענים? — פרעגט צירעלע.
— יאַ, מיין טאַכטער, ניטאָ קיין פּענים.
— דער פּאַפּאַ ברענגט ניט?
— ניין, מיין נ ש מ ה , ער ברענגט ניט.
— פאַרוואָס, מאַמע?
— איך זאָג דאָך דיר, מיין אויג אין קאָפּ, ער סטרייקט.
אַ ווײַלע שווייגט דאָס קינד, דערנאָך גיט עס פּלוצלונג אַ פרעג:
— וואָס איז דאָס, מאַמע?
— וואָס, מיין קינד?
— פאַרוואָס דער פּאַפּאַ ברענגט ניט קיין פּענים?
— ער סטרייקט, מיין קינד.
— וועך איז דאָס? — פרעגט צירעלע ווייטער.

— קיינער ניט, מיין קינד, דאָס איז אַ סטרייק.
— וואָס איז דאָס, מאַמע?
— אַ סטרייק, מיין נשמה.
— אַ בוגימען?
— ניין, מיין קינד, קענסט עס ניט פאַרשטיין... — וועסט עלטער ווערן, וועסטו פאַרשטיין.

דער ווינט שטאַרקט זיך, און הייבט אָן אַזוי ווי מיט אַכזריות צו קלאַפּן אין די שויבן. עס ציטערט דאָס גאַנצע הויז. צירעלע דריקט זיך צו צו דער מאַמען און ציטערט פאַר שרעק.

— איז דאָס דער סטרייק, מאַמע?
— נאַריש קינד, דאָס איז דאָך דער ווינט.

צירעלע הערט זיך איין, טוליעט זיך צו דער מאַמען און נעמט אָן חשק עסן דאָס שטיקל ברויט...

פון דער מאַמעס אויגן קאַפּן אַרונטער טרערן אויפן קינדס קעפּעלע, און פון קינדס אויגן קאַפּן אַרונטער טרערן און באַנעצן דאָס טרוקענע שטיקל ברויט.

ז. ליבין.



## מיין אינגעלע

איך האָב אַ קליינעם אינגעלע,
אַ זונעלע גאָר פיין!
ווען איך דערזע אים, דאַכט זיך מיר
די גאַנצע וועלט איז מיין.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מיין שיינעם, ווען ער וואַכט;
איך טרעף אים תמיד שלאָפנדיק,
איך זע אים נאָר ביינאַכט.

די אַרבעט טרייבט מיך פרי ארויס
און לאָזט מיך שפּעט צוריק;
אָ, פרעמד איז מיר מיין אייגן לייב!
אָ, פרעמד מיין קינדס אַ בליק!

איך קום צעקלעמטערהייט אַהיים
אין פינסטערניש געהילט, —
מיין בלייכע פרוי דערציילט מיר באַלד,
ווי פיין דאָס קינד זיך שפּילט;

ווי זיס עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
„אָ, מאַמע, גוטע מאַ,
ווען קומט און ברענגט אַ פּעני מיר
מיין גוטער, גוטער פּאַ?"

איך הער עס צו און וויל — עס מוז, —
אָ, יאָ, עס מוז געשען:
די פאָטער־ליבע פלאַקערט אויף:
עס מוז מיין קינד מיך זען!

מאָרים ראָזענפעלד.

# פאָטער און זון

עפּעס ביי א קנאַפּע פיר יאָר האָט ער אָפּגעאַרבעט ביי אונז אין שאַפּ. דאָס זיינען געווען זיינע לעצטע יאָרן, ווייל פון אונזער שאַפּ איז ער אוועק אהיים, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, גאָר א קראַנקער און ער איז שוין מער ניט צוריק־געקומען; דער טויט האָט באַפרייט דעם מאַן פון דער אַרבעט.

זיין נאָמען איז געווען שמואל צעדערבאַך, אָבער דער נאָמען איז געווען פאַרשריבן אויף זיין יוניאָן־קאַרטל, און ביי דעם באָס אין אָפיס; ביי אונז אין שאַפּ האָט ער געקראָגן א צונעמעניש „באַראַבאַנשטשיק" און מיט דעם צונע־מעניש האָט מען אים גערופן אזוי שטענדיק, אז מען האָט כמעט זיין ריכטיקן נאָמען פאַרגעסן.

איך מוז אייך דאָ באַמערקן, אז צעדערבאַך איז ניט געווען קיין אויס־נאָם. ביי אונז אין שאַפּ האָט יעדע „האַנט" א צונעמעניש, אָן דעם גייט עס ניט.

שמואל האָט געקראָגן דעם נאָמען „באַראַבאַנשטשיק" דערפאַר, ווייל ער איז געווען א שטאַרקער הוסטער, און ווען זיינע לונגען פלעגן זיך צעשפּילן, פלעגט ער, אונז צו לאַנגע יאָר, מיט זיין הוסטן. קלאַפּן ווי אין א באַראַבאַן.

צעדערבאַך איז געווען א מאַן פון א יאָר פערציק. א קראַנקער, א שטילער, אומעטיקער, דערשלאָגענער מענטשל, און צו דעם נאָך זייער א שטילע „האַנט".

ביי אונז אין שאַפּ איז אזאַ געשיכטע: ווער עס לאָזט זיך קריכן אויפן קאָפּ, יענעם קריכט מען; און דער אָרימער צעדערבאַך איז פון אונזערע הענט אויסגעשטאַנען די אמת'ע צרות.

דאָס איז אָבער אַלץ געווען די ערשטע צייטן פון זיין אָנקומען צו דער אַרבעט. שפּעטער האָט זיך זיין לאַגע פאַרבעסערט. מיר האָבן פאַר דעם „באַ־ראַבאַנשטשיק" געקראָגן גרויס דרך־ארץ. דאָס איז געווען ניט דערפאַר, ווייל ער איז געוואָרן א שטיקל „מענטש", פאַרקערט, ער איז אַלץ ווייטער, ווייטער געוואָרן שוואַכער, קראַנקער, שטילער מער און מער צעבראָכן און מען וואָלט מיט אים געקענט מאַכן וואָס מען וויל... נאָר זיין זיסע, האַרצרייסנדיקע שטי־מע האָט זיין לאַגע אין שאַפּ פאַרבעסערט.

ווען דער „באַראַבאַנשטשיק" האָט זיך אביסל צוגעוווינט צום שאַפּ, פלעגט ער אָפט ביי דער אַרבעט נעמען שטילערהייט זינגען.

פאַרשיידענע שטיקלאַך „מחזור" פלעגט ער אויסזינגען; ראש־השנה און יום־כפור תפילות... אָבער ער פלעגט עס זינגען אזוי זיס, אזוי האַרצרייסנ־דיק...

ניט איין מאָל פלעגט ער אַרויסרופן טרערן מיט זיין זינגען... ניט איין מאָל פלעגט ער אָנוואַרפן אויף די „אָפּערייטאָרס" א טיפע מרה־שחורה...

האָט ער גענומען זינגען, פלעגט אָפט די גאַנצע אַרבעט אָפּגעשטעלט ווערן... די שטענדיקע שאַפּ־לצים פלעגן פאַרמאַכן זייערע מיילער... זיפצן, טיפע, האַרציקע זיפצן פלעגן זיך דערהערן ביי די ניי־מאַשינען.

מיר האָבן ליב באַקומען דעם „באַראַבאַנשטשיק". ניט מיר איבער אים, נאָר ער איבער אונז האָט שוין איצט געקענט מאַכן וואָס ער זאָל נאָר וועלן...

„אדם יסודו מעפר"... הערט איר, ווען ער פלעגט אָפּט דאָס שטיקעלע „מחזור" נעמען זינגען... פלעגט ער אַרויסרייסן די הערצער... וויינען פלעגן מיר נעמען... וויינען מיט אמת'ע, האַרציקע טרערן!

אין איין ווינטער־טאג איז אונזער זינגער אוועק פון מיטן דער ארבעט אהיים; ניט גוט איז אים עפעס געווארן, ניט פאר קיינעם געזאגט... און דער אפרייטאר איז שוין צוריק אין שאפ ניט געקומען... געשטארבן איז דער קראנקער שמואל...

אוים! זיין זיסע נגינה איז פארשטילט געווארן!!

---

עס איז אריבער א חודש.

איין מאל זעען מיר, איז צו אונז אין שאפ ארויף א קליין אינגל, פון א יאר צוועלף. דער „פארמאן" האט אים געגעבן א מאשין; געגעבן אים א „באנדל" ארבעט, און דער יונגער אפרייטערל האט זיך אוועקגעזעצט ביי דער ארבעט...

עס איז דא א געזעץ אין אונזער יוניאן, דאס איז דער צווייטער פונקט אין אונזער קאנסטיטוציע, אז קינדער טארן צו דער ארבעט ניט אנגענומען ווערן.

איז געווארן א טומל אין שאפ, און טאקע גלייך האבן מיר ארונטערגעשיקט א „קאמיטע" צום באס, אויפצופאדערן אים, אז דאס אנגענומענע אינגל זאל אוועקגעשיקט ווערן פון שאפ גלייך!

די קאמיטע לייט זיינען גלייך ארויף צוריק עפעס אזוי שטיל, טרויעריק, מיט אראפגעלאזענע קעפ.

— וואס איז? פרעגן די אפרייטארס — דער באס וויל ניט נאכגעבן, הא?

— ווייסט איר, חברה, ווער דאס אינגל איז? זאגט איינער פון דער קאמיטע?

— ווער?

— ווער? ווער? — פרעגן מיר.

— א ביטערער יתום נעבאך. ענטפערט דער צווייטער פון דער קאמיטע — דאס איז צעדערבאכ'ס א קינד.

— צעדערבאכ'ס!

און די אפרייטארס רינגלען ארום דעם נייעם יונגן אפרייטארל.

— ווי איז דיין נאמען? — פרעגט אים איינער.

— אייבי — ענטפערט דאס אינגל.

— דער צווייטער נאמען?

— צעדערבאך.

— לעבט דיין טאטע?

— ניין, ער איז געשטארבן.

— וואס איז ער געווען?

— אויך אן אפרייטאר; ער האט דא אין שאפ געארבעט.

אוים. מיר האבן שוין מער ניט פראטעסטירט. אדרבה, מיר האבן גענומען צוזען דעם אינגל, אויסהעלפן אים ווי ווייט מעגלאך...

עפעס א פאר טעג זיינען אריבער... איז איין אוונט האבן מיר דער־הערט צעדערבאכ'ס א ניגון...

דער יתום האט עס געזונגען... צעדערבאכ'ס קינד האט עס געזונגען... פריער האט ער געזונגען שטיל, מער פאר זיך... מיר זיינען אלע געווארן

שטיל ווי די באַנומענע. ווען דאָס אינגל האָט באַמערקט, אַז מען הערט זיך צו, איז ער פאַרשעמט געוואָרן און איז שטיל געבליבן...

זינג, נאַרעלע, זינג! האָבן איניקע „הענט" אים געבעטן...

און ער האָט גענומען זינגען, עטוואָס העכער... זיס, טרויעריק, אַ גע־שמאַקע, קינדערשע שטימע...

„אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר", האָט דער „יתום" געזונגען... צעדערבאַכ'ס ניגון!

אין שאַפּ איז געוואָרן שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם... מיר איז אַריבער אַ סקרוך איבערן גאַנצן לייב...

זיין ניגון... צעדערבאַכ'ס ניגון... און מיר האָבן ווידער ביי אונז אין שאַפּ דערהערט די זעלבע זיסע, אידישע, טרויעריקע, האַרצרייסנדיקע ניגונים.

ז. ליבין.



# דער טרעגער

משה־אַהרן דער טרעגער גייט אַרום אַ בלייכער איבערן טראָטואַר און וואַרפט אומעטיקע, זויינענדיקע און פרעגנדיקע בליקן אויף יעדן פאַרבייגייער. ער גייט צו צו איניקע קראָמען, שטעלט זיך אָפּ, קוקט אַריין, פרעגט מיט זיין טרויעריקן בליק אויף אַרבעט פאַר זיך און, נישט באַקומענדיק קיין ענטפער, גייט ער אַוועק.

„וואָס גוטס, משה־אַהרן?" — פרעגט אים אַ קרעמער, אַ קיילאַכדיקער איד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און מיט אַ סאַמעטן היטל.

„אָט, צי איז נישטאָ עפּעס וואָס אָפּצוטראָגן". — ענטפערט ער און קוקט אַריין אין קראָם.

ער גייט ווייטער.

„וואָס דאַרפסטו?" — באַגעגנט אים מיט רוגזה אַ קרעמערן, וועלכע האָט געהאַלטן אין ריידן מיט איר מאַן איף גאַנץ הויכע טענער.

— „אָט גאָרנישט..." — שטאַמלט ער — „עפּעס וואָלט איך אָפּגעטראָגן".

„אַז מען וועט דאַרפן, וועט מען דיך געפינען", — שרייט זי אויס מיט דעם זעלבן טאָן און נעמט זיך ווידער צום מאַן.

משה־אַהרן זיפצט שווער אָפּ, און זיין געזיכט ווערט נאָך טרויעריקער. ער גייט צוריק צום עק גאַס, וואו עס שטייען נאָך אַ סך טרעגער. זיין אומגליקלאַך געזיכט וואַרפט זיך זיי אין די אויגן.

„וואָס איז עס מיט דיר, משה־אַהרן?" — פרעגט אים איינער און זאָגט דערביי אַ פּאָר גראָבע וויצן.

— „וואָס זאָל זיין?" — רעדט ער אַרויס מיט האַרץ און קערט אים

דאָס געזיכט צו די חברים. — „וואָס זאָל זיין, אַז מען עסט דעם פערטן טאָג נאָר טרוקן ברויט? וואָס זאָל זיין, אַז דעם פערטן טאָג, אַז מען פאַר־דינט נישט?!"

ער קוקט אַ ווײַלע אויף די חברים מיט ביטערקייט און קערט אָפּ פון זיי דאָס געזיכט.

די חברים בלייבן שטיל. קיינעם ווילט זיך שוין נישט גלייכוווערטלען, און מען קוקט אַריין אין גאַס מיט אַ שווער געמיט. עס הערן זיך שווערע זיפצן.

„איך האָב שוין אויך דעם אַנדערן טאָג אַ גראָשן נישט פאַרדינט", — רייסט איינער איבער דאָס שווייגן.

קיינער ענטפערט נישט אַ וואָרט. מען זיפצט נאָר שווער אָפּ און מען צעגייט זיך, משה־אהרן הויבט ווייטער אָן אַרומצודרייען זיך צווישן די קראָמען.

„מש' אהרן! מש' אהרן!" — רופט אים אַ ווײַלע שפּעטער אַ טרע־גער, — „גיי, ס'איז דאָ אַ קאַסטן אָפּצוטראָגן. גיי, נעם... ביי זאַלצ־בערגן. האָסטו כוח?"

— „ס'וועט זיך געפינען!" — ענטפערט ער און איילט אַוועק.

אַ זעקס־פודאָווער קאַסטן. ער קאָן אים קוים רירן פון אָרט. ער שטייט אַ ווײַלע און קלערט, צי זאָל ער אים נעמען, צי נישט. אין קראָם מיינט מען, אַז ער באַקלערט, ווי בעסער אויפצוהייבן די משא.

„שטעל אים אַרויף אויפן גרויסן זאַק", — ראָט אים דער משרת און ווייזט אים אָן אויף אַ זאַק מיט שטריק, נישט ווייט פון קאַסטן.

ביי אים בלייבט צו נעמען דעם קאַסטן: זאָל ער אים נאָר האָבן אויפן רוקן, וועט ער שוין גיין.

— „קום, העלף אַרויפשטעלן." — ווענדט ער זיך צום משרת.

„און אַליין?" — זאָגט דער משרת און גייט פונדעסטוועגן העלפן.

ביי די ערשטע פאָר טריט איז משה־אהרן שיר נישט אומגעפאַלן.

„שיכור ביסטו, וואָס?" — שרייט מען אים פון קראָם.

— „יאָ, שיכור!" — ברומט ער אָפּ און גייט אַוועק.

דער טרעגער, וועלכער האָט אים איבערגעגעבן דעם קאַסטן, באַ־געגנט אים און פרעגט מיט רחמנות:

„שווער?"

— „און אַז שווער, איז וואָס?" — ענטפערט ער אָפּ בייז פון אונ־טערן קאַסטן.

ער קאָן קוים טריט מאַכן, נאָר ער שטאַרקט זיך. ער וועט באַקומען צוואַנציק קאָפּיקעס.

עס הויבט אים אָן צו שווינדלען פאַר די אויגן. דאָס בלוט האָט אָנ־געשפּאַרט אין קאָפּ. דאָך ער גייט. ער זעט שוין דאָס הויז, וואוהין ער דאַרף צושטעלן דעם קאַסטן.

אָבער דער שווינדל אין קאָפּ ווערט שטאַרקער. עס דוכט זיך אים, אַז עמיץ האָט אים לייכט אַ שטויס געטאָן אין זייט, און ער פאַלט ערגעץ טיף, טיף... עס ווערט אים אַזוי גרינג אויפן רוקן — ער פילט גאָר די משא נישט. עס איז אים נאָר אַ ביסל שוואַכלאַך ביים האַרצן, און דאָס

פאַלן אין דער טיפקייט איז אויך עפּעס נישט שטאַרק אָנגענעם. עס צי־טערט אין אים דאָס האַרץ, ער זאָל זיך נישט צעשלאָגן, אַראָפּפאַלנדיק. נאָר אָט דערגרייכט ער דעם גרונט פון דער טיפעניש — ער גיט אַ ציטער און גלאָצט אויס די אויגן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווייל דאָס איז געווען אין כאָליערע־צייט, איז פאָרגעקומען אין גאַס אַזאַ מין געשפּרעך:

„וואָס איז דאָס פאַר אַ רעדל?"

— „אַ טרעגער איז אַוועקגעפאַלן.

„געשטאָרבן?"

— „וואָס דען?"

„וואָס? פון כאָליערע?!"

— „ווער ווייס!"

„אַז די קבצנים עסן זיך אָן מיט שדים ווייסן וואָס!"

דוד פּינסקי.



## צום ליכטיקן פרימאָרגן

נאָך אינגלווייז, ווען אַלע קינדער האַלטן נאָר אין שפּילן,
האָט ער זיך פאַר אַ גרויסן שוין געהאַלטן,
געלעבט מיט זיך אַליין, מיט מענטשן פון דערווייטן,
אַזוי ווי עפּעס וואָס פון אַלעמען באַהאַלטן.

ער האָט שוין דאַן געזען, ווי מענטשן ליידן, שווייגן —
האָט ער דאָס שווייגן זייערס אין זיך פאַרנומען,
און עפּעס פאָרגעשטעלט זיך ווייט אין ווייטער עלטער,
עפּעס גרויסעס, וואונדערלאַכעס וועט פון ליידן קומען...

און ער דער ערשטער וועט דערזען דאָס וואונדערלאַכעס ,גרויסעס,
און מער פון מענטשן שוין ניט קענען עס פאַרבאָרגן;
פון טיר צו טיר, פון שויב צו שויב וועט ער זיך לאָזן קלאַפּן
און אָנזאָגן דעם ליכטיקן פרימאָרגן...

ת. ליוויק

# ל"ג בעומר

גאָט האָט אַרויסגעצויגן די זון פון איר פוטערפּאַס און האָט אונז גע־שענקט אַ שיינעם, אַ ליכטיקן, אַ פרייליכן זומערטאָג, איינעם פון יענע שיינע ליכטיקע זומערטעג, וואָס אַפילו אין דעם פינסטערן וויסטן כתרילעווקע, וואָס ליגט ביים טייך „שטונקיילאַ", איז די לופט שמעקנדיק, פריש. מחיה־נפשות. דער הימל איז לויטער בלאָ. די פייגעלאך זינגען. עס גלוסט זיך אין דרויסן אַרויס, אויף דער לופט. עס ציט אַהין, וויינט־וויייט פון דער בלאָטיקער שטאָט אַרויס, דאָרט, וואו עס שפּראָצט אַ גרעזעלע, און די ביימער זיינען באַדעקט מיט גרינע בלעטעלאַך, דאָרט, וואו גאָטס פייגעלאַך טאַנצן און שפּרינגען, פּישטשען און זינגען . . . אין יענעם פרימאָרגן האָבן מיר זיך געכאַפּט, איך און מיין ברודער מאָטל, אויפשטיין וואָס פריער, אָפּדאַווענען וואָס גיכער, נעמען דעם אָנבייסן מיט זיך — און מאַרש צו ליפע שלום אייזיק'ס! וואָס עפּעס צו ליפע שלום־אייזיקס? ווייל, ערשטנס, איז ליפע שלום־אייזיקס דער עלט־סטער פון די תלמידים, אַ בר־מצוה־אינגל, און אַ חתן דערצו, מיט אַ זיינער אין מיט אַ זילבערנער קאָפּערטע; און, צווייטנס, איז דאָרט פאַראַן אַ הויף אַ גרויסער, וואָס דאָרט פלעגן מיר פאַרברענגען דעם אַנדערן האַלבן טאָג פריי־טיק, שפּרינגען אויף איין פוס, שפּילן אין „קוצי־באַבע", אין „עקאַך און מקח", אָדער אין „קאַמערקאַמערהויז", אָדער אין „באַהעלטערלאַך", אָדער אין „טרע־פּענישן". . .

אַז מיר זיינען געקומען, איך און מיין ברודער מאָטל, צו ליפע שלום־איי־זיקס, האָבן מיר שוין דאָרטן געטראָפן די גאַנצע חברה (אַרום און אַרום זיינען מיר געווען פיר און פערציק פאַרשוין, תלמידים פון צוויי חדרים: פון „רב יודל מלאך־המות" און פון „רב אפרים תלין").

— אָט זיינען שוין די „יאַסילאַך" מיט די „מאַטעלאַך" אויך דאָ! ווייזט, וואָס האָט איר געבראַכט? — רופט זיך אָן ליפע שלום־אייזיקס, און ער הויבט־אָן צונויפנעמען די מתנות, וואָס יעדער האָט געבראַכט צו דער סעודה, און אויס־רופן אויף אַ קול איטלאַכן צום גראַם:

— מענדל, מע מעג עסן פון דיין פענדל! אַנו, ווייז וואָס האָסטו דאָרטן! צוויי אייערבייגל, אַ שטיק לעקאַך, איין איי מיט זעקס גראַשן.

— איציק־שפּיציק, נאָדל־טעשל! גיי אין קלייט, כאַפּ אַ פלעשל! עפּעס זע איך ביי דיר, קיין עין־הרע ניט, אַ גאַנצן אוצר: צוויי קיכלאַך, דריי אייער, אַ שטיק דאַרע קישקע, עטלאַכע צוקערלעקעכלאַך מיט מאַנדלבייגעלאַך, און האָ־זענע ניסלאַך עפּעס גאָר אַ גוזמא — אַהאַ! און נאָך צען גראַשן דערצו! מאָ־לאָדיעץ! . . .

— יענקעלע־בענקעלע־פלעשעלע — בול־בול־בול! באַווייז זיך אַרויס מיט דיין גוטס: אַ בולקע אַ גאַנצע, אַ פערטל עוף, אַ גלעזל גענזנשמאַלץ — וואָס איז דאָס? אַ פלעשל מעד? הערסטו, ביסט דאָך עפּעס גאָר אַ מזיק, כ'לעבן! . . .

— משה'לע־שטייסעלע, קלאַפּ אין שול! אַלטע ווייבער שלאָפן! קום נאָר אַהער, האָסט געבראַכט בראָנפן? — האָב איך דיך ליב, וואָרום וואו האָט איר געזען אַ „סעודה" אָן בראָנפן? . . .

— אָבי — פאָטער, קלמן — טאַטער, טאַטער — קלמן, שניאור — זלמן, זלמן — שניאור, שלאָף אין שלייער! באַווייז, באַווייז, שעם זיך ניט! אַ האַלב

איי סדר־הבל ?... א שטיקל ברויט מיט האניק ?.., אויך א מטבע! גיי אהער, נישקשה, עס מאכט ניט אויס! דערויף איז דאס ל"ג בעומר, א שותפות'דיקע סעודה!...

— טאפעלע טוטאריטו! וויז וואס האלטסו דארטן? א טאפיטע מיט א שטיטל בולטע מיט א טעפל טנאבל? וואס האט די מאמע אזוי ווינציט דע־דעבן?... — ליפע שלום־אייזיקס מאכט אים נאך, ווי ער רעדט מיט דער „טוף", און הברה קאטשען זיך פאר געלעכטער, און קאפל אליין לאכט אויך.

— יואליק־בייליק האט דעם גרעסטן חלק! דו ביזט דאך עפעס א נגידס א אינגל, ביי דיר קער אודאי זיין א גאנצער אוצר פון ביצים און פון שמאלץ, פון וויין און פון בראנפן און פון כל־טוב! איא, איך האב געטראפן? צוויי בולקעס, א גאנצע האלבע געבראטענע קאטשקע, אהא! א צענדליק אייער, און טיי און צוקער. היינט ניסלאך, מיט באקסערן, מיט ראזשינקעס, מיט מאנדלען, און פאמעראנצן, און א לימענע אויך — ניט געראכט זאלסטו ווערן! קום אהער, לאם איך דיר כאטש זאגן א דאנק!

יואליק דעם נגידס גייט־צו, די הענט אין די קעשענעס, מיט גרויס גדלות, און ליפע שלום־אייזיקס דערלאנגט אים א שנאל אין נעזל אריין. צווישן עולם ווערט א געלעכטער.

—-אצינד, קינדער, זעצט זיך אוים אלע אט אדא, צווישן די קלעצער, — זאגט ליפע שלום־אייזיקס, — לאמיר זיך אקארשט נעמען צו דער סעודה! בראקט און עסט און „לאז איך וואויל באקימען", ווי דער רבי זאגט, אז ער שמייסט אונז אפ... ווער האט א גלעזל? גיב אהער, לאמיר טרינקען לחיים! לחיים, מלך! אז מע טרינקט, איז מען פריילאך! לחיים, נח! פון פלעשל ציט מען כח! קום אהער, ניסל, נעם בראנפן אביסל! לחיים, שעפסל! מאך א שנעפסל! לחיים, אברהם־משה! דו האבט דאך ליב א כוסה א גרויסע! לחיים, טאפעלע! דאט זאל דעבן דעזונט מיט אלדאס הוטס! טרינט־אוים דאס דאנצע דלעזל, אניט דיס איך דיר אריין אין דאהדל מיט דוואלה, וועסטו ערדער מאכן!...

אלע לאכן, און קאפל אליין לאכט אויך.

---

— קינדער! זאגט, וואוהין גייען מיר היינטיקס יאר? — טוט א פרעג ליפע שלום־אייזיקס נאך דער סעודה.

עס ווערט א געשריי, א געפילדער. איטלאכער זאגט זיין מיינונג, וואוהין מע זאל גיין.

— אויף יענער זייט בית־עולם! — זאגט מלך דער אלמנהס.

— אויף דער ליוואדע! — מאכט נח דעם שוחטס.

— צו דער ציגעלני! — שרייט־אוים אברהם־משה דעם וויינערס אויף א הילכיק קול.

— צו דער ציגעלני! צו דער ציגעלני! — העלפן אים אונטער עטלאכע קולות מיט אמאל.

— דארט איז פאראן הינט, איר האט שוין פארגעסן? — רופט זיך אן ניסל, א אינגל א בלייכס מיט אן איבערגעשראקענעם קוק.

— ווער הארכט זיי? ווער האט מורא פאר הינט? — זאגט יואליק דעם נגידס מיט שטארקייט.

— דו אליין האסט מורא פאר א הונט אימת־מות! — האקט אים איבער דוד'ל־צעהאקטע־ליפּ.

— נישט פאר א הונט, אפילו פאר א קאץ! ... — כאפּט־אונטער שעפּסל, א אינגל מיט אן אפּגעבריטער באק, און צווישן חברה ווערט א געלעכטער.

יואליק דעם נגידס ווערט אנגעצונדן, למאי מע לאכט פון אים, גייט ער צו צו שעפּסלען מיט דעם אפּגעבריטער באק און טראגט אים אונטער א פייג גלייך אונטער דער נאז; כאפּט ער א זעץ פון דוד'ל־צעהאקטע־ליפּ אין זייט אריין; ענטפערט ער צוריק; הויבט ער אן כאפּן פעטש פון אלע זייטן ... און אן אנדער צייט וואלט זיך קיינער נישט איינגעשטעלט ארויסטרעטן פראנק און פריי קעגן א נגידס א אינגל, נאר ל"ג־בעומר מאכט נישט אויס, ל"ג־בעומר איז מען פריי ...

— שאט! — רופט זיך אן ליפּע שלום־אייזיקס. — גענוג אייך קריגן זיך! ווייסט איר, וואוהין מיר זאלן גיין היינטיקן ל"ג־בעומר?

— וואוהין? וואוהין?

— קיין גאלאגאנאווקע?

— קיין גאלאגאנאווקע? קיין גאלאגאנאווקע! — שרייען אלע אין איין קול, און אפילו קאפּל קוקאריקו העלפט קוויטשען אויף זיין דין קול'כל: „דא־לאדאנאווטע! דאלאדאנאווטע!"...

און ס'איז געבליבן, אז מיר גייען קיין גאלאגאנאווקע.

שלום עליכם.



## שבועות

איך האָב אין סיון ברייט די פענסטער אויפגעמאַכט,
אין ווייסער, אויפגעוועקטער, אויפגערעגטער נאַכט.

אַ ווייט־פאַרווייטע וועלט האָט ווידער אויפגעגליט;
זי ציטערט, ווי אַן אָפּשטראַל, צאַרט אין מיין געמיט.

אָט שמעקט מיר וואַרעם־ברוין פון גלח'ס סאָד דער מאַי,
אָט טרילט אַ פויגל־ליד אין שול־פענסטער דערביי.

אָט טוט דער דופּטיקער און לינדער פאַרטאָג
מיט שבועות־שטימונגען, ווי בליטן, ווייס אַ טראָג —

מיט וואַכעניש פאַר׳חלומ׳ט ביי דעם תיקון פרום,
מיט הימלען אויפגעשפּאָלטן אין געהיימנים שטום,

און מיט אַקדמות־ניגון און מגילת רות,
און מיט דער מאַסעם קאַזע און דער מאַסעם קום.

איך זיץ אַ שלאָפלאָזער, באַרוישט, אַנטציקט און שטום,
און שוועב אין זעאונגען אין וואונדערלאַכע אום.

איך זע די ווייסע נאַכט אין ווייסן מדבר־טאָל,
עס ציען זיך געצעלטן ווייסע אָן אַ צאָל,

און איבער זיי דערהויבט זיך דער באַרג סיני שטיל —
אַ גרינער, ווי די גרין־גראָז, וואָס באַדעקט דעם דיל.

איך זע געהייליקטע, ששים רבוא שטאַרק,
זיי שטימען אין דערוואַרטונג פאַרן גרינעם באַרג.

אָט קומט אין וואָלקן שוואַרץ דער מאָרגן פון דער הויך,
אָט צינדט זיך אָן דער באַרג און ציטערט אין דעם רויך.

און פורכטבאַר דורכן פלאַם לאָזט הערן גאָט זיין שטים,
איך הער און הער זיך צו, איך שרעק זיך ניט פאַר אים.

איך ווייס, עס קומט דער טאָג אין יום־טוב׳דיקער פרייד,
באַלד הילט זיך גאָט אין ליכט, אַזוי ווי אין אַ קלייד.

ווי טאַנצט אין מיר דאָס האַרץ, ווי זינגט מיין זעל און הערט!
ווי ליב איך גאָט דעם גוטן און זיין גוטע וועלט!

דעם גרעסטן פון די מענטשן זע איך קומען באַלד,
ער גייט אַרויס פון וואָלקן און זיין פּנים שטראַלט.

ער קומט פון פינסטערניש, וואָס הענגט אַזוי געדיכט —
די לוחות אויף די הענט, די זון אויף זיין געזיכט.

איך זע זיין פּנים־זון אין חלום אויפן וואָר,
זי שיינט אין הימל הויך פירטאַלבן טויזנט יאָר.

אָט גייט זי אויף אין יום־טוב רויט אַזוי און גלוט,
אָט גייט זי אויף אין האַרצן מילד אזוי און גוט.

זי שיינט אין מאַמעס שמייכל און אין טאַטנס בליק,
און אויפן טיש אין מאָלצייט, פול געגאָר און גליק.

דו שרעקסט מיך ניט, אָ פּנים־זון, אָ קנעכט פון גאָט!
איך ליב דיך, ליב דיך, משה, דיך און דיין געבאָט!

איך ליב דיין תורה, משה, ליכט און ריייניקייט,
דעם טאַטן, מאַמען, אַלע גוטע, פרומע לייט.

איך ליב דיין יום־טוב, משה, וואָס דו האָסט באַהעלט,
די ווייסע נאַכט, די רויטע זון, די גאַנצע וועלט.

א. ליעסין.

## „לא תחמוד“

אויף סוכות נאָך האָט די מאַמע צוגעזאָגט בנימין'ען צו מאַכן אים אַ נייעם אָנצוג. איז אָבער דער טאַטע קראַנק געוואָרן און איידער ער איז פון בעט אויפגעשטאַנען איז דער בייזער ווינטער אָנגעקומען און געבראַכט מיט זיך קעלט און שניי, און בייזע ווינטן האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן אין די צעבראָכענע פענסטער און ברומען: „האַלץ אויף ווינטער! האָלץ אויף פייער, און שפּייז צום עסן!“

דער ווינטער האָט אויפגעגעסן דאָס ביסל געלט, וואָס ס'איז נאָכ'ן פאָטער'ס קראַנקהייט געבליבן און בנימין'ס אָנצוג איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף פסח.

און דער ווינטער איז שטאַרק און שווער, זיין פאָטער איז נאָך ניט אינגאַנצן געזונט און אין הויז הערשט הונגער און נויט.

גייט בנימין אַרויס אין הויף און געפינט דאָרט די קו ליגנדיק אַ הונגעריקע, אַן אומעטיקע און מיט אירע גרויסע אויגן קוקט זי אויף אים. אים דאַכט זיך, אַז די קו וויל אים זאָגן: „בנימין! דו ביסט נאַקעט און איך בין הונגעריק! וואַרט, איך וועל האָבן אַ קעלבל, וועל איך אָנהויבן געבן מילך, די מאַמע וועט די מילך פאַרקויפן און פאַרן געלט קויפן פאַר מיר עסן און פאַר דיר אַ מלבוש“.

האָט בנימין דער קו געגלויבט, זיך געטרייסט און מיט אַ שפּרונג אויף איין פוס אַריין אין הויז.

אָבער די קו האָט קיין קעלבל ניט געהאַט. זי איז אויסגעגאַנגען פון הונגער.

בנימין האָט דערזען די אויסגעצויגענע קו אויף דר'ערד און זיין האַרץ איז אים איינגעפאַלן.

נאָר דער הונט טאַנצט קעגן אים און לעקט זיינע הענט.

דאַכט זיך בנימין'ען, אַז דער הונט וויל אים זאָגן: „זאָרג ניט, בנימין! דו ביזט נאַקעט, איך הונגעריק. נאָך אַ ווײַלע וועט מען אַראָפּ־נעמען די פעל פון אונזער קו. מיט איר פלייש וועל איך זיך אָנעסן און די פעל וועט מען פאַרקויפן און פאַרן געלט דיר אַן אַנצוג קויפן".

איז בנימין אַריין אין הויז אַ געטרייסטער.

---

דער הונט האָט אים ניט אָפּגענאַרט. בנימין איז געהאָלפן געוואָרן. זיין מאַמע האָט פאַרקויפט די פעל, פאַר דעם געלט געקויפט סחורה און אַוועקגעגעבן אַ שניידער אויפנייען אַ שיינעם אַנצוג פאַר בנימין'ען.

די קו איז אָבער צו שפּעט גע'פגר'ט. עס איז שוין געווען ניט לאַנג צו פּסח און דער שניידער האָט גענייט און גענייט אין אײַלעניש, ביז ער האָט זיך אַריינגעשטאָכן אַ נאָדל אין פינגער. זיין האַנט איז געשוואָלן געוואָרן. אַ סך אינגלאַך זיינען געבליבן אָן נייע בגדים'לאַך אויף פּסח און צווישן זיי אויך בנימין.

נאָך פּסח האָט דער שניידער אָפּגעבראַכט בנימין'ען דעם אַנצוג. אַ נייער, שיינער אַנצוג. זיין קליין הערצעלע האָט אין אים געטאַנצט פון גרויס שמחה. ער האָט מוחל געווען דעם שניידער דעם צער וואָס ער האָט אים פאַרשאַפט דערמיט, וואָס ער האָט אים ניט געמאַכט דעם אַנצוג אויף פּסח. ער האָט אים געוואָלט קושן! אָבער אָנטאָן דעם נייעם, שיינעם אַנצוג קאָן ער ניט. עס איז יעצט ספירה צייט, טאָר מען ניט אָנטאָן קיין נייע קליידער.

איז דער אַנצוג געבליבן אויף שבועות.

ערב שבועות האָט דער קליינער בנימין דערלעבט פּטור צו ווערן פון זיינע אַלטע שמאַטעס און האָט אָנגעטאָן דעם נייעם אַנצוג.

אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז מיט אַמאָל גרינגער געוואָרן. ער פילט אויף זיך אַלע ווײַלע די נייע מלבושים. עס איז אים שווער איינצוזיצן אין הויז, וואו קיינער זעט ניט זיינע נייע קליידער, אָבער נאָך שווערער איז אים אַרויסצוגיין. ער ווייס פאָראויס אַז אַלע וועלן אויף אים קוקן.

אויף מאָרגן, ווען מען האָט די תורה געלייענט, איז בנימין אַרויס אין הויף פון שול. זיינע חברים, וועלכע האָבן ניט זוכה געווען צו האָבן נייע שיינע מלבושים אויף שבועות, האָבן אים אַרומגערינגלט, און אים באַטראַכט. בנימין האָט זיך פאַרשעמט פון גרויס גליק און זיין קאָפּ צו דער ערד אַרונטערגעבויגן.

איינער פון די אינגלאַך האָט אָנגעטאַפּט די סחורה און געזאָגט:

— מייַנער איז אַ סך שענער פון דעם!

— ער וועט זיך זיכער באַלד צערייסן! — האָט דער צווייטער גע־זאָגט.

— מיין אַנצוג, וואָס מען וועט מיר מאַכן אויף סוכות, אַז מען וועט דערלעבן, וועט זיכער זיין שענער און בעסער ווי דער אַנצוג פון דעם שטאָלצן קבצן! — האָט אַ דריטער אינגל געזאָגט.

— און איך זאָג אײַך — האָט דער פּערטער געזאָגט, און זײַנע אויגן האָבן געברענט פֿון כּעס — דאָס איז גאָר ניט קיין נײַער אָנצוג. דאָס האָט מען אים איבערגעגעבן פֿון זײַן טאַטנס אַלטן בגד!

אין דער מינוט האָט זיך דערהערט דעם חזנ'ס קול, וועלכער האָט אַרויסגעלייענט פֿון דער תּורה:

„לא תחמוד!" — דו זאָלסט ניט גלוסטן!

די אינגלאַך האָבן זיך דערשראָקן און זיך פֿאַרשעמט. זיי האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס קול קומט צו זיי פֿון דעם באַרג סיני.

האָבן זיי אָפּגעטראָטן און זיך צעגאַנגען פֿון דעם קליינעם אינגל, וועלכער איז געשטאַנען אײַנגעבויגן, פֿאַרשעמט פֿון זײַן גליק און נאָכגעקלערט:

„בין איך טאַקע אַ שטאָלצער, ווי זיי האָבן אויף מיר געזאָגט?!"

יהודה שטיינבערג.

# אַ מילכיקע סעודה

שׂרה פֿייגע שטייט אין קיך לעבן קיך־טיש און קאַטשעט מיט חשק אַ בלעטל טייג אויף מילכיקע קנישעס. אויפֿן טיש איז אויסגעשטעלט אַ טאָפּ פּוטער און אַ שיסל קעז און לעבן איר שטייען אירע צוויי קינדערלאַך יאָסעלע און רייזעלע.

— נו, קינדערלאַך, וועלן מיר עס היינטיקן שבֿועות האָבן מילכיקע קנישעס! אַזאַ פּוטער, אַזאַ קעז האָב איך שוין לאַנג ניט געהאַט, אַזאַ פֿרישקייט, עס שמעקט אַזש!

און יאָסעלע מיט רייזעלען האָבן אַזוי ליב קנישעס, אַז נאָך אַ צייט פֿאַר שבֿועות האָבן זיי געלעבט מיט דעם געדאַנק, וואָס די מאַמע וועט מאַכן שבֿועות אַ מילכיקע סעודה.

ווען די קינדערלאַך האָבן זיך איינגעפּירט גוט און פֿיין, האָבן טאַטע־מאַמע זיי צוגעזאָגט, אַז שבֿועות וועט מען באַקן קנישעס, פֿאַלירטשיקעס, כרעמזלאַך און בלינצעס.

ווען אָבער די קינדער האָבן זיך אויפֿגעפֿירט שלעכט און ניט געוואָלט פֿאָלגן די טאַטע־מאַמע, האָט מען זיי געסטראַשעט, אַז מען וועט אַפֿילו קיין קעז און פּוטער ניט קויפֿן, אויס מילכיקע סעודה! נישטאָ קיין קנישעס, קיין בלינצעס, און שוין!...

און די קינדערלאַך האָבן זיך אויפֿגעפֿירט שטיל און רואיק.

ווען יאָסעלע האָט עפּעס אָנגעהויבן פֿרעבענדעוועז, פֿלעגט אים רייזעלע דערמאָנען, אין וואָס פֿאַר אַ געפֿאַר עס געפֿינט זיך די מילכיקע סעודה און ער פֿלעגט שטיל ווערן.

און אַז רייזעלע האָט זיך צעוויינט, האָט יאָסעלע איר דערמאָנט אָן דעם גרויסן אומגליק וואָס זיי שטייט פֿאַר, און רייזעלע פֿלעגט אין מיטן וויינען מיט די טרערן אין די אויגן בלייבן שטיל.

אַזוי האָבן די קינדער אָפּגעהיט די מילכיקע סעודה, עס זאָל אויף איר חס־ושלום קיין פֿלעק ניט פֿאַלן.

און איצטער זעען זיי מיט זייערע אייגענע אויגן, טאַקי אויף דער אמתן, דעם קעז, וועלכער קוקט אויס פון שיסל ווי זילבער, און די פּוטער, וועלכע שיינט אַרויס פון טאָפּ. זיי זעען די מאַמע מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל, ווי מיט אַ טיי־גלאָז שניידט זי אויס פון דעם אויסגעקאַטשעטן גרויסן בלאַט־טייג קײלאַכדיקע טייגלאַך און לייגט אַריין קעז און פאַרקלעפּט אַזוי קונציק, באַלד וועלן זיי אַריבערגיין אין גליענדיקן אויוון. דער טאַטע וועט באַלד קומען און מען וועט זיך זעצן צו דער מילכיקער סעודה.

— קינדערלאַך! — רופט זיך פלוצלונג אָן די מאַמע — לויפט אַריבער צו לאה דער שכנטע און זאָגט איר, אַז איך האָב זי געבעטן, לייען פאַר אונז אַ בעקן. איך זאָל אַזוי פאַרגעסן אין אַלדעם בייז, ווי איך האָב פאַרגעסן אין אַ בעקן. וואָס עסט מען ביי מיר מילכיקס? — פאַרגעסן, מען זאָל אַזוי פאַרגעסן אין אַלע צרות.

די קינדערלאַך זיינען ווי צוויי פייגעלאַך, רעשנדיק אַוועקגעפלויגן.

— איך אַליין וועל טראָגן דעם בעקן, איך דאַרף ניט ריזעלען.

— איך וועל טראָגן, איך דאַרף ניט יאָסעלען.

— קריגט זיך ניט, טראָגט ביידע, שרייט זיי נאָך די מאַמע, קריגט זיך ניט.

און עטלאַכע מינוט אַרום האָט זיך געהערט, ווי יאָסעלע מיט ריזעלען גייען צוריק מיט פאַראַד און מיט מוזיק.

ביידע טראָגן דעם בעקן און מיט צוויי שטעקעלאַך פּויקט מען אויף אַ גאַנצן מאַרש אויף דעם בעקן, און מיט די מיילעכלאַך העלפט מען צו, ווי מיט אַ טרובע און אַ פלייט.

און דאָס פּויקען אין בעקן, און דאָס טראָמפּייטן מיט די מיילעכלאַך האָט אָנגעמאַכט אַזאַ רעש איבער דעם געסל, אַז מען האָט געמיינט, אַז סאָלדאַטן מיט מוזיק קומען אָן אין שטעטל.

דאָס גאַנצע געסל קינדער זיינען זיך צונויפגעלאָפן, און יעדער, וואָס עס האָט נאָר געקאָנט זיך צורוקן צו דעם בעקן, האָט געגעבן אַ פּויק. דער מיט אַ שטעקל, דער מיט אַ שטיינדל און דער מיט אַ קלאַקל.

יאָסעלע און ריזעלע זיינען געגאַנגען מיט דעם בעקן פאַראויס, לעבן זיי איז אויסגעוואַקסן עפּעס אַ לאַנג בחורל מיט אַ ניט אָפּגעווישט נעזל און ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַנ'אָפיציר.

ער האָט אַ געשריי געטאָן, אַלע קינדער זאָלן זיך אויסשטעלן ווי סאָלדאַטן, דערנאָך האָט ער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: שאַגאָם מאַרש!

און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּויקן איבער דעם בעקן מיט אַ צוּשפּיל מיט די מיילער, דער ווי אַ טרובע, דער ווי אַ קלאַרנעט און דער האָט מיט צוויי שטעקעלאַך געשפּילט ווי אַ פידל.

ווער ווייסט, ביז וואַנען עס וואָלט אַזוי געדויערט דער „מאַרש" מיט דעם פּויקן, ווען ניט שרה פייגע, ווען זי איז שוין פאַרטיק געוואָרן מיט דעם קלעפּן די קנישעס, פאַלירטשיקעס און כרעמזלאַך, וואָלט ניט געוועזן אַרויסגעלאָפן און אַרויסגעכאַפּט ביי די „סאָלדאַטן" דעם בעקן.

און אַ האַלבער שעה אַרום האָט זיך ווידער דערהערט אַ שרעק־

לאַבער געװאַלד אויף דעם געסל. װײבער, קינדער און מאַנסבילן, װאָס זיינען שוין געגאַנגען פון דאַװנען, זיינען זיך אַנגעלאָפן.

דאָס געפילדער און קולות האָבן אַזש דערגרייכט צום איינציקן פייער־לעשער פון שטעטל, און ער איז געקומען צו לויפן מיט דעם איינציקן פעסל, װאָס איז שטענדיק געשטאַנען ביים „סטאַנאָװאָי" אין הויף אין פאַל פון אַ שרפה.

— װאו ברענט? — האָט דער איינציקער פייער־לעשער אין שטעטל געפרעגט, און שוין געװאָלט פאַרלעגן אין פעסל די קישקע.

אַלע האָבן געליאַרמט, און מען האָט ניט געקענט װיסן, װאָס דאָ קומט פאָר. מען האָט נאָר געזען, װי צװיי װײבער רייסן זיך, און פאַרסמאַליעטע קנישעס, פאַלירטשיקעס, בלינצעס און כרעמזלאַך פליען אין דער לופטן.

שרה פייגע מיט לאה דער שכנטע האָבן זיך געריסן ביי די שלייערס.

— איבער אייער קרבן איז ביי מיר אַלץ פאַרסמאַליעט געװאָרן. איר האָט מיר געשיקט אַ בעקן מיט אַ לאָך. די פּוטער איז אויסגערונען און אַלץ איז פאַרברענט געװאָרן.

דאָס האָט געשריען שרה פייגע, און לאה די שכנטע האָט געשריען:

— די לאָך האָט אי ר געמאַכט. איך האָב געװאָלט זיין אַ גוטע און אייך געליען דעם בעקן, איצטער האָב איך אַליין ניט אין װאָס צו באַקן, איך האָב אייך געגעבן אַ גאַנצן בעקן — די לאָך האָט איר געמאַכט.

— אַ ליגן, ניט איך.

— ניין, איר.

— אַזאַ אומגליק, אַזאַ קעז מיט פּוטער זאָל גיין לאבוד.

— מיין מאַן קומט שוין פון דאַװנען, װאָס זאָל איך טאָן?

— און װאָס זאָל א י ך טאָן? מיין מאַן קומט אויך פון דאַװנען; מען טאָר ניט זיין קיין גוטע.

— אַ רשעטע זייט איר, ניט קיין גוטע. איר האָט מיר געשיקט אַ בעקן מיט אַ לאָך, אום די קנישעס ביי מיר זאָלן פאַרברענט װערן.

— ברענען זאָל אייך אין האַרצן, אַליין געמאַכט ד י לאָך, איך האָב נישט אין װאָס צו באַקן, און זי שעלט נאָך.

די קולות מיט די קללות האָבן ניט אויפגעהערט.

נאָר יאָסעלע מיט רייזעלען האָבן זיך פאַרקליבן ערגעץ װייט אין אַ װינקל. זיי האָבן גוט געװאוסט, פון װאַנען עס נעמט זיך די לאָך, און האָבן פאַרקלאָגט די פאַרברענטע קנישעס מיט די כרעמזלאַך.

— דו ביזט שולדיק, האָט יאָסעלע געברוגזט אויף רייזעלען, — איך אַליין האָב געװאָלט טראָגן דעם בעקן.

— ניין, דו, איך האָב געװאָלט טראָגן דעם בעקן.

און איצטער האָבן די קינדערלאַך באַשיינפּערלאַך געזען מיט זייערע אייגעלאַך, אַז װען מען פירט זיך ניט אויף שטיל און רואיק, װי טאַטע־מאַמע הייסן, עסט מען ניט קיין מילכיקע סעודה.

אַזוי לאַנג זיך אויפגעפירט שיין און פיין און צום סוף קאַליע געמאַכט די מילכיקע סעודה.

מ. ספעקטאָר.

# איך און בוזי

## א

אַלע מיינען, אַז איך און בוזי זיינען אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. מיין טאַטן רופט זי טאַטע, מיין מאַמען רופט זי מאַמע, און מיר צווישן זיך לעבן ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער און האָבן זיך ליב ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. בוזי איז אָבער נישט מיינע אַ שוועסטער, נאָר אַ שוועסטער־קינד, אַ פעטערס אַ טאָכטער. אַ יתומה איז זי און זי האָרעוועט זיך ביי אונדז אין שטוב. זומער שפּאַציר איך מיט איר אין דרויסן, אונטערן שטעטל. זאָג איך איינמאָל צו בוזין אַ טאָג פאַר שבועות:

— גיכער, בוזי, גיכער! — דער טאָג שטייט נישט, נאַרעלע. מיר דאַרפן דורכגיין אַזאַ באַרג, און נאָכן באַרג האָבן מיר נאָך אַ טייכל. איבערן טייכל גייט אַ קלאָדקע פון ברעטער. דאָס טייכל לויפט, די זשאַבעס קוואַקען, די ברעטער שאָקלען זיך, הוידען זיך. און ערשט דאָרט, אויף יענער זייט בריקל — דאָרט איז ערשט דער אמת'ער גן־עדן.

אַ גרויס פעלד איז דאָרט, און עס ציט זיך דאָס פעלד, ציט זיך אָן אַ סוף, אָן אַ ברעג. מיט אַ גרינער קאָלדרע איז דאָס איבערגעצויגן. מיט געלינקע שפּרענקעלאַך איז דאָס באַשפּרענקלט. מיט רויטינקע צוויקעלאַך איז דאָס באַצוויקלט. און ביימער שטייען דאָרט, אָן אַ שיעור ביימער, הויכע, צווייגנדיקע ביימער. און אַ בערגל ליגט באַוואַקסן מיט הויכן גראָז.

— און וואָס איז ווייטער? — פרעגט בוזי.

— ווייטער איז אַ געדיכטער וואַלד און אַ וואַסערל... דאָס וואַסערל שווימט־סטו אַריבער און צעיילסט אַפּ זיבן... וואַקסט אויס פאַר מיר אַן אַלטיטשקער מיט אַ לאַנגער באָרד... פרעגט ער מיך: „וואָס איז דיין באַגער?“ זאָג איך אים: „פיר מיך אָפּ צו דער בת־מלכה“...

בוזי רייסט אַרויס איר האַנט פון מיין האַנט און לאָזט זיך לויפן באַרג אַראָפּ. איך לויף איר נאָך.

— בוזי, וואָס לויפסטו אַזוי?

בוזי ענטפערט נישט. זי איז ברוגז. זי האָט פיינט די בת־מלכה. אַלע מעשיות האָט זי ליב, נאָר נישט די בת־מלכות...

## ב

בוזי קאָן אָבער נישט זיין ברוגז. אָט קוקט זי שוין ווידער אויף מיר מיט אירע גרויסע ליכטיקע פאַרטראַכטע אויגן, פאַרוואָרפט די האָר און זאָגט צו מיר:

שימעק! אוי, שימעק! טו נאָר אַ קוק, זע אַ הימל! דו זעסט גאָרנישט, וואָס אין דרויסן טוט זיך!

— איך זע, נאַרעלע, וואָס דען, איך זע נישט? איך זע אַ הימל, איך פיל אַ וואַרעם ווינטעלע, איך הער פייגעלאַך פישטשען און צוויטשערן און טראָגן זיך איבער אונדזערע קעפּ. דאָס איז אונדזער הימל, אונדזער ווינטעלע, אונדזערע פייגעלאַך — אַלצדינג אין אונדזערס, אונדזערס, אונדזערס!

און אזוי רייד איך צו איר און מיר גייען שנעל, שנעל. אָט איז שוין דאָס בריקל.

דאָס טייכל לויפט, די זשאַבעס קוואַקען און די ברעטער שאָקלען זיך, הוידען זיך און בוזי ציטערט.

— וואָס האָסטו מורא, נאַרעלע? האַלט זיך אָן אָן מיר, — זאָג איך איר און פיר זי ביי דער האַנט.

דאָס פעלד איז גרויס. עס ציט זיך אָן א סוף, אָן אַ ברעג. מיט אַ גרינער קאָלדרע איז עס איבערגעצויגן. מיט געלינקע שפּרענקעלאַך איז עס באַשפּרענקלט. מיט צוויקעלאַך איז עס באַצוויקלט און ריחות שמעקן — די שענסטע בשמים פון דער וועלט! און מיר גייען ביידע אינם דאָזיקן גן־עדן און האַלטן זיך פאַר די הענטלאַך.

— שימעק! — זאָגט מיר בוזי און קוקט מיר גלייך אין די אויגן אריין, — ווען וועלן מיר אָנהויבן רייסן גרינס אויף שבועות?

— דער טאָג איז נאָך גענוג גרויס, נאַרעלע! — זאָג איך צו איר.

איך ווייס נישט, וואוהין זאָל איך קוקן פריער: צי אין דער יאַרמאָלקע פונם בלאָען הימל? צי אויף דער גרינער קאָלדרע פונם ברייטן פעלד? צי אַהין אין עק־וועלט אריין, דאָרטן, וואו דער הימל גיסט זיך צונויף מיט דער ערד? צי אין בוזים גרויסע אויגן, וואָס זיינען תמיד פאַרטראַכט. אַ טיפע זאָרג ליגט אין זיי פאַרבאָרגן. מיט אַ שטילן טרויער זיינען זיי איבערגעצויגן. אַ יתומה איז זי. אָבער מיין מאַמע — דאָס איז איר מאַמע. מיין טאַטע — דאָס איז איר טאַטע. און זיי האָבן זי ליב ווי אַן אייגן קינד. ציטערן איבער איר, גיבן איר נאָך, וואָס איר האַרץ גלוסט. נישטאָ קיין צו־טייערס פאַר בוזין. בוזי האָט געזאָגט, אַז זי וויל גיין מיט מיר אָנרייסן גרינס אויף שבועות, האָט דער טאַטע אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמע: „ווי מיינסטו?" בעת־מעשה האָט ער אַריבערגעקוקט אַריבער די זילבערנע ברילן און געגלעט זיך די זילבערנע פּעדים פון דער זילבער־באָרד. און עס גייט אַוועק אַ שמועס צווישן טאַטע־מאַמע וועגן אונזער גיין אַליין אונטער דער שטאָט אַרויס אָנרייסן גרינס אויף שבועות.

ד ע ר ט א ט ע: וואָס זאָגסטו?

ד י מ א מ ע: וואָס זאָגסטו?

ד ע ר ט א ט ע: זאָל מען זיי לאָזן גיין?

ד י מ א מ ע: פאַרוואָס זאָל מען זיי נישט לאָזן גיין?

ד ע ר ט א ט ע: איך זאָג דען, אַז ניין?

ד י מ א מ ע: וואָס־זשע דען זאָגסטו?

ד ע ר ט א ט ע: איך זאָג נאָר, צי זיי זאָלן גיין?

ד י מ א מ ע: פאַרוואָס זאָלן זיי נישט גיין?

און אזוי ווייטער. איך ווייס וואָס זיי שרעקן זיך. אפשר צוואַנציק מאָל זאָגט מיר אָן דער טאַטע, און נאָכן טאַטן אויך די מאַמע, אַז דאָרט איז אַ בריקל, און אונטערן בריקל איז דאָ אַ וואַסער, אַ טייכל, אַ טייכל...

## ג

מיר האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן דאָס בריקל מיטן וואַסער, מיטן טייכל. מיר טראָגן זיך איבער דער ברייטער פרייער לאַנקע, אונטערן ברייטן פרייען הימל. מיר לויפן איבערן גרינעם פעלד, פאַלן און קאַטשען זיך אינם שמעקנ־

דיקן גראָז. מיר שטייען אויף, פאַלן און קאַטשען זיך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, און קיין גרינס אויף שבועות הויבן מיר נאָך אַלץ נישט אָן צו רייסן. איך פיר בוזין אין דער לענג און אין דער ברייט איבער דער לאַנקע. איך באַרים זיך פאַר איר מיט מיינע מאַיאָנטקעס.

נאָכדעם זיצן מיר, איך און בוזי, אויפן בערגל און דערציילן מעשיות, דאָס הייסט: איך דערצייל און זי האָרכט. איך דערצייל איר פון דעם, וואָס וועט זיין אַמאָל, אַמאָל, אַז איך וועל זיין אַ גרויסער און זי אַ גרויסע. דעמאָלט וועלן מיר זיך באַלד אויפהויבן דורכן „שם המפורש" אריבער דער כמאַרע און וועלן אַרומפאָרן די גאַנצע וועלט. פריער וועלן מיר זיין אין אַלע לענדער, וואו אַלעקסאַנדער מוקדון איז געווען. נאָכדעם וועלן מיר אַ פאָר טאָן קיין ארץ־ישראל. דאָרט וועלן מיר זיין אויף אַלע בשמים־בערג און אַלע וויין־גערטנער, אָנשטופן פולע קעשענעס מיט באָקסער, פייגן, טייטלען און איילבערטן און אַוועקפליען פון דאָרטן נאָך ווייטער און ווייטער. און אומעטום וועלן מיר אָפּטאָן אַן אַנדער שפּיצל, וואָרום קיינער וועט דאָך אונז נישט זען...

— קיינער וועט אונז נישט זען? — פרעגט מיך בוזי און כאַפּט מיך אָן פאַר די הענט.

— קיינער, קיינער! מיר וועלן אַלעמען זען, און אונז וועט קיינער נישט זען, קיינער.

און מיר זיצן און ריידן לאַנג, לאַנג אויפן בערגל. איך דערצייל איר מעשיות און זי האָרכט. קיין גרינס אויף שבועות האָבן מיר נאָך אַלץ נישט אָנגעריסן.

ד

פּלוצים... פון וואַנען האָבן זיך גענומען אָהער דער טאַטע מיט דער מאַמען?

דעם טאַטנס זילבערנע ברילן גלאַנצן פון דערווייטן. די זילבערנע פּעדים פון זיין זילבער־באָרד האָבן זיך צעלאָזט אויפן ווינטל, און די מאַמע מאַכט צו אונז פון דערווייטן מיט דער פאַטשיילע: מיר בײדע, איך און בוזי, זײנען געבליבן זיצן, ווי געליימט. וואָס טוען דאָ טאַטע־מאַמע?

דאָס זיינען זיי געקומען צו אונז אָהער, געוויס ווערן, וואָס מיר מאַכן. צי האָט זיך נישט געטראָפן מיט אונז, חס־ושלום, עפּעס אַן אומגליק? אַ קשיה אויף אַ מעשה — אַ בריקל, אַ וואַסער, אַ טייכל, אַ טײַכל, אַ טייכל...

דער טאַטע פרעגט:

— און וואו איז אייער גרינס?

— וואָסער גרינס?

מיר בײדע, איך און בוזי, קוקן זיך איבער.

— מילא, גרינס אויף שבועות וועט שוין מכתמא ווי עס איז זיין — זאָגט דער טאַטע מיט אַ שמייכל און די זילבערנע פּעדים פון זיין זילבער־באָרד גלאַנצן אָפּ אין די ליכטיקע שטראַלן פון דער גינגאָלדענער זון — אַבי גלויבט דער אויבערשטער, די קינדער זײנען געזונט און ס'איז זיי, חלילה, קיין זאַך נישט געשען.

— געלויבט איז גאָט! — ענטפערט איר די מאַמע און ווישט זיך מיט דער פאַטשיילע דאָס רויטע פאַרשוויצטע פּנים און בײדע קוועלן זיי אָן, ווערן ברייטער ווי לענגער.

טייערע, טייערע טאַטע־מאַמע!

שלום עליכם.

# זומער־זון

אַ חתונה, אַ חתונה
איז היינט ביי אונזער הויז!
די כלה, די געלאָסענע —
דאָס איז די שיינע רויז...

אַ שמעטערלינג אַ לופטיקער —
דאָס איז דער חתן היינט!
עס שטראַלט דער סאָד דער
דופטיקער,
פון זומער־זון באַשיינט.

און לעבן פּאָר דער גליקלאַכער,
וואָס שטייט זיך נאָנט געפרעסט,
איז פול אַ ווינקל איטלאַכער
מיט אויסגעפוצטע געסט:

דער כלה'ס שוועסטער שיינינקע —
די רויזן ווייס און ראָז,
און מאַרגאַריטקעס קליינינקע,
וואָס בלייבן זיך אין גראָז;

און לאַ:דישן מיט בעבערלאַך
מיט ריינע ווי קריסטאָל,
באַשיצט פון גרינע פעבערלאַך,
פון בלעטער אָן אַ צאָל...

אַ קייט, אַ לאַנגע סטענגעלע
פון רויטן ווילדן מאָן,
און אויף זיין דינעם שטענגעלע —
אַ ראָזיקער פּיאָן.

מאכלים זיינען פאַרטיקע
אין גאָרטן שוין צעשטעלט;
אַ משקה אַ גרויסאַרטיקע
איז אויך דאָ ניט פאַרפעלט:

ביי בינען ביי די זשומיקע
אַ זיסער האָניק שטייט,
און אין די כוסות בלומיקע
אַ דופטן־וויין איז גרייט...

פון בעזים־בלעטער גרינינקע
די חופה איז געשפינט,
אַ לויטערע, אַ רינינקע,
צעוויגט פון לייכטן ווינט...

פון הימל ביז דעם וואָרים דאָ —
עס שטראַלט דער גאַנצער רוים;
עס זיינען אויך כלי־זמרים דאָ —
די פויגלען אויפן בוים!...

היי, לידער מוזיקאַלישע
מיט האַרץ און מיט געפיל
לכבוד חתן־כלה'שי
טוט, פייגעלאַך, אַ שפיל!...

הייבט אויף די שטימע אייערע:
„לאָז לעבן לאַנגע יאָר
די גליקלאַכע, די טייערע,
די אויסדערוויילטע פּאָר!..."

לייב נײַדוס.



## אין שטעטל

טונקל רויט גייט אויף די זון
און צינדט אָן דעם הימל.
ס׳רוט דאָס קליינע שטעטעלע
איינגעהילט אין דרימל.

לענגער, דאכט זיך, איז די גאס
און די הייזלאך קלענער.
הייזעריק, פארשלאָפענע
קרייען ערגעץ הענער.

טרו־טרו־טרו, דער פאסטוך קומט
בלאָזנדיק אין האָרן —
איז די שלאָפנדיקע גאס
פריילאכער געוואָרן.

גייען בהמות שוין אין פעלד,
ווארפן מיט די עקן,
טרייבט א אידענע איר ציג
מיט א לאנגן שטעקן.

גייט א פויערטע צום טייך
אָנפילן די עמער.
גייט א איד אין שול אריין —
און אין קראָם דער קרעמער.

נחום י.

## אַ שטראַל

אַ שטראַל פון דער זון
האָט אַ כוואַליע געקושט
מיט ליפן פון ריינעם גינגאָלד ;
אַ שפרונג האָט די כוואַליע געטאָן ווי צעמישט
און לעבן שוין מער נישט געוואָלט.

אשר שוואַרצמאַן.

# זומער

## א.

## אין פעלד

כ'איז א זייגער צוויי נאך האלבן טאג. די זון האט זיך שוין אביסל אראפּגערוקט פון מיטן הימל, נאר ס'איז נאך שטארק הייס. די קינדער האבן זיך פארקליבן אין גראז און מע זעט זיי ניט ארויס. פון וועג זעט מען נאר א לאנג, ברייט, אומרואיק פעלד. דאס גראז איז אויסגעוואקסן הויך און געדיכט. גיך וועט מען עס שניידן און צונויפלייגן אין סטויגן — אנגרייטן פאר די בהמות היי אויף ווינטער.

ס'איז ענדע יולי. קיין רעגנס זיינען שוין לאנג ניט געגאנגען. די ערד איז טרוקן און אויפגעקנייטשט. דאס גראז איז געווארן געלבלאך. א לייכט ווינטעלע בלאזט איבערן פעלד, גרין־געלבלאכע כוואליעס הויבן זיך און פאלן אראפּ — עס הוידעט זיך און טאנצט דער גאנצער אויבערפלאך פון פעלד. די כוואליעס יאגן זיך איינע נאך דער אנדערער. ווייט־ווייט לויפן זיי אוועק אהין, וואו ס'לאזן זיך אראפּ די בלאע הימלען און גיסן זיך צונויף מיט די עקן פון דער ערד. דארטן בלייבן זיי ליגן און ווארטן אויף א צוריק־ווינט... דאס גראז שאקלט זיך און ציט זיך נאך זיי, און באגלייט זיי אין זייער לויף, מיט א רופנדיק ברומען, מיט א פריילאך־פייפנדיק גערויש...

די קינדער ליגן אויף די רוקנס און קוקן ארויף. דאס גראז איז שמעקנדיק און זאפטיק. ארום זיי איז עס באזונדער גרויס און געדיכט. עס הויבן זיך, ווי א וואלד, פעטע, אדערדיקע, טונקל־גרינע שטאנגען. גלייך איבער זייערע פנימער הענגט א קליינער, גלאנציקער הימל־פלעק. די זון זעט מען ניט, זי איז דא דערביי. דער הימל־פלעק בלישטשעט ניט צו־דערליידן העל, ס'טוען וויי די אויגן צו קוקן.

מיישקע קערט זיך איבער מיטן רוקן ארויף און שטעקט אריין דאס צעהיצטע פנים אינם קילן, איינגעקוועטשטן גראז. א רגע איז גאר פינסטער — ער זעט קיין זאך ניט. דערנאך קלארט זיך אויס. אין דער טונקלקייט, וואס אונטערן גראז, באמערקט ער א סך מאדנע זאכן.

א מוראשקעלע איז ארויפגעקראכן אויפן שפּיץ פון א דין גראז־שטענגל. זי איז אין פארלעגנהייט, זי ווייסט ניט, וואו ווייטער צו גיין. זי פּיזעט ארויף און אראפּ, ארויף און אראפּ.

מישקע רייסט אפּ דאס צווייגל פונם גרעזל און לייגט עס אויף דער ערד. איצט וועט עס געפינען דעם וועג אהיים! נאר דאס מוראשקעלע לויפט צוריק צום גרעזל און קריכט ארויף אויף אן אנדער צווייגל. מישקע לאכט פריילאך. מסתמא שפּילט עס זיך. ער האט אויך ליב צו קלעטערן אויף א בוים...

באלד זעט ער א שפּין — א גרויסן, האריקן, שרעקלאכן שפּין, מיט א סך לאנגע, האריקע, אויסגעבויגענע פיסלאך, וואס שטעקן ארום אים פון אלע זייטן, מיט א גוף, וואס איז קורץ און קיילאכדיק, ווי א ניסל. מישקע קוקט אויף אים מיט מורא.

— א שפּין! א שפּין!... אט איז ער! — שרייט ער צו די איבעריקע

צוויי. סיאָמקע און מאַרוסיע רוקן זיך געשווינט צו צו אים. אצינד זיינען אַלע דריי קעפּ צוזאַמען: דער העל־ווייסער קאָפּ איז מאַרוסיעס, דער לייכט־טונקעלער — סיאָמקעס, דער טיף־שוואַרצער, וואָס שטעקט אינמיטן, געהערט מישקען.

— צעקוועטשט! גיכער... צעקוועטשט! הרג׳ע אים, — שרייען אויפגערעגט אַלע דריי.

— זיי זיינען פאַרשאַלטענע, — זאָגט סיאָמקע. — זיי האָבן געטראָגן פייער צום בית־המקדש... יעדערער דאַרף זיי הרג׳ענען.

מישקען איז באַקאַנט די מעשה. ער וויל וויסן אַן אַנדער זאַך.

— שוין לאַנג איז דאָס געווען? און ער איז גאָר פאַרברענט געוואָרן? גאָרנישט ניט געבליבן?

— גאָרנישט, — זאָגט סיאָמקע אַנטשלאָסן.

— איך פאַרשטיי ניט! — רופט אויס מאַרוסיע באַליידיקט, — וואָס האָט איר זיך צערעדט אין אייער לשון! איך וועל גאָר אַוועקגיין!

— גיי! ווער האַלט דיך? — זאָגט סיאָמקע גלייכגילטיק.

— באַלד וועל איך זיך ביי דיר אָנפרעגן!

— גיי, מאַרוסקאַ, אַהיים, פאָלג מיך. מ׳וואַשט דאָך ביי אייך היינט די גרעט. דער טאַטע וועט נעמען אַ רימען: „אַנו, קום אַהער, וואו ביסטו דאָס פאַרפאַלן געוואָרן אויף אַ גאַנצן טאָג?" — אַי, וועט ער דיר אַריינשיטן!... בי־בי־בי... סיאָמקע לאַכט, קוויטשנדיק פון פאַרגעניגן.

— שווייג, טייוול! פריער וועל איך דיר דיין לאַנגע נאָז אָראָפּדרייען, וועסטו בלייבן אַזוי... אָן אַ נאָז...

זיי קריגן זיך צווישן זיך שטענדיק און ס׳מאַכט זיך, אַז זיי צעשלאָגן זיך.

סיאָמקען פאַרדריסט, וואָס זי וויל אים אין קיין זאַך ניט נאָכגעבן. אין אַלץ האַלט זי זיך פאַר זיינס אַ גלייכן. זי האָט דינע פלינקע פיס, וואָס שטייען ניט אָפּ פון זיינע אין לויפן, און לאַנגע שטאַרקע הענט, פאַר וועלכע ער האָט אַביסל דרך־ארץ. זי איז אינגאַנצן דאַר, הויך און ביינערדיק. און כאָטש זי איז אין איינע יאָרן מיט סיאָמקען, איז זי העכער פון אים אַוודאי אויף אַ האַלבן קאָפּ.

מאַרוסיע גיט זיך אַ הייב־אויף און שפּאַרט זיך אָן אויף די עלנבויגנס. איר פּנים איז רויט און צעהיצט. זי איז זיך גרייט צו שלאָגן. מישקע איז אויך זייער אויפגערעגט. ער פילט, אַז באַלד וועט ער זיך וואַרפן אויף עמיצן, נאָר ער ווייסט נישט קלאָר — אויף וועמען. סיאָמקע איז דאָך זיין חבר, און סיאָמקע איז דאָך אַ איד. און זי איז אַ גויע. אָבער זי איז דאָך אַזאַ גוטע!... ער האָט זיך מיט איר קיינמאָל נישט געקריגט. און אַמאָל האָט זי זיך פאַר אים איינגעשטעלט, ווען אַ גרויסער שייגעץ האָט אים געשלאָגן... נאָר וואָס זאָל ער פאַרט טאָן, ווען זיי ביידע וועלן זיך צונויפטשעפּן? מוז ער דאָך אויך...

— נו, דראַנג! — ווענדט זיך סיאָמקע צו זיין קעגנערין.

פונם וועג הערט זיך פּלוצים אַ שווער סקריפּען פון רעדער. סיאָמקע, וואָס האָט זיך שוין אָנגעשפּיגן אויף די הענט און איז געשטאַנען נאָר גרייט צו דער מלחמה, דרייט זיך תיכף אויס מיטן פּנים צום וועג. צוויי דרעמלענדיקע אָקסן שלעפּן פּאַמעלעך אַ וואָגן מיט האָלץ, אויבן, אויפן האָלץ, זיצט אַן אַלטער פּויער אין אַ פוטערן היטל. זיין פּנים איז געל און פאַרצויגן מיט קנייטשן,

צום געגאַלטן קין לאָזן זיך אַראָפּ, ווי צוויי גרויע נאָדלען, זיינע שפּיציקע וואָנסן, דער קאָפּ שאָקלט זיך אַהין און אַהער, און פון מויל שטעקט אַרויס אַ געלער, ליימענער ציבעק.

סיאָמקע צעלאַכט זיך פּלוצים:

— אַלע שלאָפן... זעט, דער וואָגן שטופּט די אָקסן!

די אַנדערע צוויי קוקן אויך אין יענער זייט.

— ביסט אַ ליגנער, — זאָגט מאַרוסיע. — די אָקסן שלעפּן דעם וואָגן.

נאָר סיאָמקען געפעלט זיין געדאַנק אַלץ מער. ער פאַרלירט דעם חשק צו קריגן זיך.

— נאָר; זעסט ניט, אַז די אָקסן שלאָפן? ווען דער וואָגן זאָל ניט אונטערשטופּן, וואָלטן זיי זיך גאָר אָפּגעשטעלט. כאַ־כאַ־כאַ...

ב.

## באָדן זיך

די קינדער באַגלייטן מיט די אויגן דעם וואָגן האַלץ, וואָס ציט זיך און שוואַרצט זיך און גייט אַוועק אין דער ווייטקייט, און לאַכן פריי און הילכיק.

— איצטער וואָס? — פרעגט מישקע.

אַ ווײַלע קוקן זיי אַן איינס דאָס אַנדערע מיט גלאַנצנדיקע אויגן און שמייכלען! באמת, צו וואָס נעמט מען זיך? נאָר סיאָמקע געפינט באַלד אַן עצה.

— באָדן זיך!

זיי זיינען מסכּים.

— נו, ווער גיכער!

— זיי יאָגן זיך. סיאָמקע און מאַרוסיע לויפן גלייך געשווינט. מישקע שטייט אָפּ אויף עטלאַכע טריט, אָבער ער גיט זיך ניט אונטער. אַ פאַרשוויצטער און בלייכער פאַר מידקייט, שווער טופּנדיק מיט די קליינע פיסלאַך, האַלט ער זיי נאָך פון הינטן, לויפט די גאַנצע צייט, וואָס זיי לויפן, און שטעלט זיך אָפּ, נאָר ווען זיי שטעלן זיך אָפּ.

דאָס טייכל איז שמאָל, אָבער טיף און שטראָמיק. פון דער זייט איז דער ברעג אַ הויכער און אַן אָפּגעריסענער און געדיכט באַוואַקסן מיט ווערבע־ביימער. דער אַנדערער ברעג איז אַ פלאַכער און אַ זומפּיקער. דאָרטן ציט זיך אַ גאַנץ פעלד פון גלייבע, דינע, מיט גרויע קאָרעס אַרומגענוי קלטע שטעקעלאַך — טשערעטן־שטאַנגען.

מאַרוסיע גייט אַוועק אַן אַ זייט און פאַרשווינדט צווישן די ביימער.

סיאָמקע שטעלט זיך אויף זיין געליבט אָרט — אַ שאַרפער ראַנד, וואָס טרעט אַרויס איבערן וואַסער אַ פוס זיבן די הויך. מישקע ווייסט, אַז באַלד וועט ער זיך אַ רוק טאָן צוריק אויף אַ דריי־פיר טריט, וועט זיך פאַנאַנדער־יאָגן און געבן אַ שפּרונג אַריין אין טייך. בעת׳ן פליען האַלט ער זיך תמיד שטייענדיק, די פיס אַראָפּ, די הענט צוגעדריקט אונטערן בויך. אין דערלופטן מאַכט ער אַ האַלב קיילאַכדיקע ליניע, ווי אַ רעגנבויגן, און גיט זיך באַלד אַ בליופּע אין וואַסער אַריין. אַ רגע נאָך דעם זעט מען אים ניט אַרויס. נאָר מישקע

הויבט ניט אָן מורא צו האָבן. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז סיאָמקע וועט ניט דערטרונקען ווערן. און באמת, אין מיטן טייך באַווייזט זיך תיכּף אַ שוואַרץ קייקל. עס וואָרפט זיך און טרייסלט זיך אָפּ, און שפּייט זיך אין אַלע זייטן. דערנאָך הערט זיך אַ פריילאַכער, קלינגנדיקער אויסרוף פון נצחון:

— נו, האָסט געזען!

מישקע קאָן אויך שווימען, אָבער ער דערוועגט זיך ניט צו שפּרינגען פון אַזאַ הויך ווי סיאָמקע. נאָר אַז ער איז שוין אין וואַסער, פילט ער זיך פּונקט אַזוי פריי, ווי זיין חבר. זיי שווימען איבערן טייכל הין און צוריק, זיי שווימען אַוועק ווייט אַראָפּ דעם שטראָם, אַז זיי ווילן שווימען גיך גייען זיי קלאַפּטער, וואַרפן מיט די הענט שטאַרק און לייכט, ניט פאַנאַנדערשפּריצנדיק קיין וואַסער. אַז זיי ווערן מיד, קערן זיי זיך איבער אויף די רוקנס, לאָזן רואיק די הענט און שטופּן זיך פּאַמעלאַך מיט די פיס. מאַרוסיע שווימט אויך מיט זיי— נאָר זי האַלט זיך די גאַנצע צייט עטוואָס אָן אַ זייט.

צוריק, קעגן שטראָם, איז זייער שווער צו שווימען. געוויינטלאַך קריכן זיי אַרויס אויפן ברעג און לויפן ביזן אָרט, וואו זיי האָבן געלאָזט די קליידער.

נעבן די קליידער רוען זיי זיך אָפּ. זיי ליגן אויף דער זון און טריקענען זיך און קוקן אין הימל אַריין און לאַכן פון פאַרגעניגן...

— איצטער וועלן מיר גיין רייסן עפּל, — באַשליסט סיאָמקע אַ ווײַלע שפּעטער.

— מאַרוסקאַ! — שרייט ער הויך, — מיר שווימען אויף יענער זייט מיט די ז״אַ־כ״ן!

יעדער איינער דרייט צונויף זיינע בגדים אין אַ קליין שטייף בינטל און לאָזט זיך אין וואַסער אַריין. זיי שווימען אויפן רוקן און האַלטן צו מיט איין האַנט דאָס בינטל, וואָס ליגט אויף דער ברוסט. אַזוי שווימען זיי אַריבער דאָס טייכל, און די בגדים זייערע בלייבן כמעט ווי ניט פאַרנעצט. אויף דער אַנדערער זייט דאַרפן זיי צוערשט דורכגיין דאָס טשערעטן־פעלד. דאָס איז ניט קיין גרינג שטיקל אַרבעט. דער באָדן איז נאַס און בלאָטיק, אויף טריט און שריט טרעפט מען אָן מיטן פוס אין אַ וואַסער־גרוב, אָדער אויף אַ צעבראָכענעם, שטעכעדיקן שטאַנג פון אַ טשערעט, אָדער אויף אַ שאַרפן וואָרצל, נאָר זייערע קליינע דאַרע פיסלאַך זיינען האַרט און שוואַרץ פון בלאָטע, ווי פאַרבאַקן, און האָבן ניט קיין מורא פאַר קיינע שוועריקייטן — זיי לויפן דאָך אום שטענדיק באָרוועסערהייט.

נאָכן פעלד שניידן זיי דורך אַ וועלדל פון יונגע דעמבן. דאָס וועלדל איז שיטער. דורך די ביימער זעען זיך עטלאַכע ווייס־געקאַלכטע, ציכטיקע הייזלאַך און גרויסע פּרוכט־גערטנער, אַרומגעצוימט מיט פּלויטן, געפלאָכטענע פון דינע צווייגן. די הייזער און גערטנער געהערן צו עטלאַכע רייכע בעלי־בתים פון זייער דאָרף. די הייזער פאַרדינגט מען באַאַמטע און אַנדערע פּריצים פון שטאָט פאַר זומער־וואוינונגען, און די גערטנער אַרענדירן סוחרים, וואָס האַנדלען מיט פּרוכטן.

— צו וועמען גייען מיר?

— צו קולטיגינען.

ג.

## נאָך עפּל

קולטיגינס גאָרטן איז דער גרעסטער פון אַלע ארום. דאָרטן וואַקסן די בעסטע עפּל, באַרן און פלוימען. און דער וועכטער ביי אים איז אַן אַלטער, א זיבעציק־יאָריקער ניקאָלייעווער סאָלדאַט אַן ציין, מיט רויטע טרערעדיקע אויגן. קולטיגין איז צו קאַרג צו האַלטן א יונגן און טייערן וועכטער.

— נו, איר ווייסט דאָך, ווי אַזוי, — זאָגט סיאָמקע. — טאָמער וואָס — לאָזט איר זיך גלייך צום בריקל, א פערטל ווערסט נידעריקער, און לויפט אַרי־בער אויף דער רעכטער זייט. איך וועל אייך שוין אָניאָגן.

דער גאָרטן הויבט זיך אָן ניט ווייט פונם וועלדל. די קינדער גייען פאַר־זיכטיק ארום דעם פּלויט.

פון צייט צו צייט שטעלט זיך ווער עס איז פון זיי אָפּ און קוקט אריין אינעווייניק דורך א שפּעלטל. דעם וועכטער זעט מען עפּעס ניט. זיי זוכן ווי־טער. סוף־כל־סוף באַמערקט אים מאַרוסיע. ער זיצט אויפן שוועל פון זיין ני־דעריק, פון ברעטער צונויפגעשלאָגן קעמערל און טרינקט טיי.

— נו, גייט! — זאָגט סיאָמקע שטיל.

ער גנב'עט זיך צום הינטערשטן טייל פונם גאָרטן. אין איין רגע איז ער אויבן פּלויט, און באַלד לאָזט ער זיך אַראָפּ אינעווייניק, אַן א שאָרך, פלינק און גרינג, ווי א קאַץ. מישקע און מאַרוסיע גייען צום טויער. דאָס מיידל בלייבט פון דרויסן, טאָמער וועט זי באַמערקן עפּעס א סכנה, וועט זי א פייף טאָן — א דינעם, שאַרפן וואָרנונגס־פייף. מישקע עפנט ברייט דעם טויער און מאַכט עטלאַכע שפּאַן אין גאָרטן אריין. דעם טויער פאַרמאַכט ער ניט צוריק — ער דאַרף זיך לאָזן א פרייען וועג אויף אָפּטרעטן אין פאַל פון נויט. דאָס קאַמערל פונם וועכטער שטייט ניט ווייט פונם אריינגאַנג. דער אַלטער זיצט אויפן שוועל. נעבן אים, אויף א קלאָץ, שטייט א גלאָז טיי. ער נעמט א שטיקל צוקער און לאָזט עס אַראָפּ פאַרזיכטיק אין דעם טיי אריין, דערנאָך מישט ער און בלאָזט מיט א דין, גלאַט־ארומגעשניצט שטעקעלע.

— וואָס דאַרפסטו דאָ? — בורטשעט ער בייז, אַז ער באַמערקט מישקען

— דעם טויער פאַרמאַד... און טראָג זיך אָפּ!... שרץ!

— זיידעניו, פאַרקויפסט עפּל, באַרן?

— גיי! גיי! איך וועל דיר געבן א פאַרקויף!... דאָ פאַרקויפט מען ניט — אין דאַרף!

— איך וויל שוין... פאַרקויף מיר אביסל!

— האָסטו קאָפּיקעס? — פרעגט דער אַלטער שטיל און קוקט זיך ארום מיט פחד.

— פאָר דריי קאָפּיקעס גיב מיר.

— ווייז אהער דאָס געלט.

מישקע זוכט די קאָפּיקעס, א מינוט פינף טאַפּט ער זיך פלייסיק אין די קעשענעס, אין די אַרבל, הינטערן בוזים, אין היטל.

פאַר דער צייט וועט סיאָמקע דאָרטן א סך אויפטאָן!

— נו, נעם דעם וועג! — דער אַלטער איז ווידער בייז.

— גיב די עפּל! כ'וועל דיר שפּעטער ברענגען, כ'האָב פאַרגעסן אין דער־היים די דריי קאָפּיקעס.

— אַרויס!... אַוועק, זאָג איך דיר...

מישקע פליט, פייל אויסן בויגן, פון גאָרטן אַרויס. דער אַלטער קוקט זיך אַרום. פונם אינגל איז שוין קיין זכר ניטאָ. אַזוי ווי שדים וואָלטן אים צוגע־כאַפּט. ער פאַרהאַקט דעם טויער מיט האַרץ און גייט צוריק צו זיין אָפּגעקילטער טיי. ער מישט ווידער אין גלאָז מיטן אַרומגעשניצטן שטעקעלע און בורטשעט:

— וואַרט אויס... כ'וועל דיר שוין אַמאָל צודינען... וועסט מיך האָבן צו געדענקען...

— זיידעניו... גיסט די עפּל, זיידעניו?

דער אַלטער גיט זיך האַסטיק אַ הויב אויף און — קערט איבער די גלאָז טיי אויפן קלאָץ. ער איז צעטומלט, ער האָט ניט באַמערקט, ווי זיין פיינט האָט צוריק געעפנט דעם טויער און אַריינגע'גנב'עט זיך אין זיין מלוכה. מישקע שטייט אָנגעשטרענגט, גרייט אויף אַנטלויפן. דער אַלטער זעצט זיך רואיק אַני־דער אויף דער שוועל און גיסט זיך אָן פון קענדל, וואָס שטייט דערביי, אַן אַנ־דער גלאָז טיי. ער פּרוּווט זיך גיין מיט אַ נייעם גאַנג.

מישקע קייכט פאַר געלעכטער.

— כאַ־כאַ־כאַ... אויסגעגאָסן די טיי... אַלטער תרח!... ליימענע הענט!...

גיט זיך צו אים אַ ריס דער אַלטער. זיין אַלט, שפּרינגנדיק פּנים איז שרעק־לאַך, די אויגן פלאַמען פון אונטער די געדיכטע, גרויע ברעמען, די גרוי־געלב־לאַכע באָרד האָט זיך צונויפגעשלאָגן אין איין שטיק און פאַרקראַכן אין דער זייט. ביי מישקען האָט זיך עפּעס ווי אָפּגעריסן אין האַרצן. ער וויל לויפן, ער ווייסט, אַז ער מוז לויפן — און קאָן ניט. פאַר שרעק נעמט עס ביי אים אָפּ די פיס. ער שטייט שטיל, אָן לשון און אָן באַוועגונג. אַזוי לויפט איבער אַ לאַנגע שווידערלאַכע רגע.

באַלד גיט ער אָן אומגעלומפּערטן שפּרונג, רייסט זיך אַרויס פון גאָרטן און פליט אָן אַ קאָפּ, באַהערשט פון אַ בלינדן משוגענעם שרעק־געפיל. ער לויפט אָן אַ וועג, דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים, ווי אַ שטיינדל אין אַ ליידיקער פּושקע, די פיס בויגן זיך אונטער — אָ, דער וועכטער יאָגט אים אָן! באַלד וועט ער אויסשטרעקן זיינע לאַנגע הענט, אַרויפלייגן אים אויף די פּלייצעס זיינע שטע־כעדיקע, ביינערדיקע פינגער — דאַן, ווייסט ער, וועט ער פאַלן און שטאַרבן אויפן אָרט...

— מישקע, שטיי! מישקע! — הערט ער אַ קול, אים דאַכט זיך, אַז דאָס איז מאַרוסיעס קול.

מער האָט ער ניט קיין כח צו לויפן!

— מישקע, שטיי! קיינער יאָגט דיך ניט נאָך! — און מאַרוסיע כאַפּט אים אָן פון הינטן פאַרן העמדל.

מישקע פאַלט אַנידער ווי פון אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ. נאָר באַלד גיט ער זיך אַ הויב אויף, שטעלט זיך אויף די קני און קוקט אויף איר מיט ווילדע, צעטומלטע אויגן.

—וואו איז ער... דער אַלטער? פרעגט ער.

— ער איז ניטאָ, מישענקע... האָב ניט מורא... ער איז געבליבן אין גאָרטן.

זיי זיצן ביידע און שווייגן. דערנאָך גיט זי אַ געשריי:

— קום לויפֿן ביזן בריקל!

זיי גיבן זיך ביידע אַ יאָג. היינטיקס מאָל וויל זי אים נישט איבעריאָגן. זיי דערגרייכן דעם אָרט אין איין צייט.

אויף יענער זייט טייך שטעלן זיי זיך אָפּ, וואַרטנדיק אויף סיאָמקען. ער קומט ערשט אין אַ פֿערטל שעה אַרום.

— וואָס האָט זיך דאָרטן געטראָפֿן מיט אייך? — פֿרעגט ער און, ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפֿער, קלאַפּט ער זיך מיט די הענט איבער דער ברוסט און זאָגט מיט זעלבסטצופֿרידנקייט:

— אָט איז דאָס... דאָ האָט איר דאָס...

אין בוזים, אונטערן העמדל, ליגט ביי אים אַנגעפּאַקט אַ היפּש ביסל עפּל מיט באַרן.

ד.

## צו די בינשטאָקן

דער פֿרימאָרגן איז אַ ליכטיקער, ריינער זומער־פֿרימאָרגן. אויפֿן העל־בלאָען הימל זעט זיך קיין איין וואָלקנדל ניט. די לופֿט איז פֿריש. ס'איז גרינג און פֿריילאַך צו אָטעמען. מישקע כאַפּט זיך אויף גאַנץ פֿרי, עס ליגט זיך אים ניט אין בעט, ער האָט היינט אַזוי פֿיל וואָס צו טאָן! דער פֿעטער יעקב האָט אים נעכטן אָנגעזאָגט, ער זאָל קומען — ער נעמט אַרויס היינט דעם האָניק פֿון זיינע בינשטאָקן.

מישקע לויפֿט טאַנצנדיק. אָט איז סיאָמקעס הויף. מישקע גיט אַ לייכטן פֿייף, קומט סיאָמקע אַרויס פֿון שטוב.

— קום, סיאָמקע! דער פֿעטער יעקב נעמט היינט אַרויס דעם האָניק פֿון די בינשטאָקן. ער האָט מיר אַליין געזאָגט, איך זאָל קומען.

— גוט, איך גיי.

און אָט זיינען זיי שוין ביים פֿעטער יעקב.

— שוין געקומען, קונדסים? — באַגעגנט זיי דער פֿעטער יעקב מיט אַ פֿריילאַכן שמייכל.

דער פֿעטער יעקב בינדט זיך אַרום, בעת מעשה, דעם קאָפּ מיט אַ טיכל. די אינגלאַך גיט ער אויך צו טיכלאַך און שמאַטעס אויף אַרומצואַוויקלען די הענט. צוליב זיך האָט ער הענטשקעס. אָבער ער טוט זיי ניט אָן — זיי זיינען פֿאַרשטעקט הינטערן גאַרטל. די בינען, זאָגט ער, קענען אים און טשעפּען אים ניט.

דער פֿעטער יעקב צינדט אָן אַ האַלב צעקוועטשט, בלעכערן לעמפּל אָן אַ גלעזל. דאָס לעמפּל ברענט מיט אַ שוואַך פֿייערל, נאָר דערפֿאַר וואַרפֿט עס אַרויס גאַנצע הויפֿנס שוואַרצן, געדיכטן רויך.

— מ'דאַרף נאָר ניט שרעקן זיך, מ'דאַרף זיין רואיק, — זאָגט אָן דער פֿעטער יעקב, — אַניט ווערן זיי אויך צעשראָקן... פֿאַר שרעק בייסן זיי זיך...

און אזוי זיינען זיי גוטע... איר מיינט, אז א בין האט קיין שכל ניט? אהא, נאך א מין שכל! גלאט אזוי וועט זי זיך אויף קיינעם ניט ווארפן. זי ווייס, וועמען מ׳דארף בייסן און וועמען מ׳דארף ניט. א פרעמדער זאל קומען, א גנב, למשל, אדער א חיה, א וואסערע ס׳איז — וועלן זיי מעגן דאנקען גאט, אז זיי וועלן אוועקגיין גאנצע... און דעם בעל־הבית ווייסן זיי! וויפיל זיי דארפן האניק צוליבן ווינטער, לאז איך זיי איבער, און נעמען נעם איך דאס רעשט, וואס איז סיי־ווי־סיי ניט נויטיק. נו, פאר דער טרחה. וואס איך גיי ארום זיי, קומט דאך מיר עפעס, — דער פעטער יעקב שמייכלט גוטמוטיק. — איצטער וועלן מיר זיי שיקן שפאצירן. זאלן זיי גיין אביסל דורכלופטערן זיך.

אין א ווינקל פון א קליין גערטנדל שטייען די בינשטאקן — פינף דיקע, גלאט־ארומגעהובלטע, פון אינעווייניק אויסגעהוילטע קלעצער. די מיילער פון די בינשטאקן זיינען פאררוקט מיט דינע, אקוראט־צוגעפאסטע ברעטלאך. אין די ברעטלאך זיינען דורכגעמאכט קליינע שפעלטעלאך — די נעווייגלאכע גענג פון די בינען. ארום די קלעצער קאכט אן אומאויפהערלאכער זשומען. קליינע, שווארצע, הודזשענדיקע קייקעלאך דרייען זיך אין לופטן, ארום די קווייטן און עפלביימער פונם גערטנדל, ארום די בינשטאקן, קריכן אריין כסדר אין די קלעצער דורך די שפעלטעלאך און פליען דארטן צוריק ארויס.

דער פעטער יעקב נעמט אוועק דאס ברעטל פון איינעם פון די בינשטאקן. עס דעקט זיך אויף א גרויסע, שווארצע עפענונג. פון אינעווייניק גיבן זיך א שיט ארויס א סך שווארצע זשומענדיקע, בייזע באשעפענישן. עס דאכט זיך, אז עפעס א משונה׳דיקע, שטראמיקע, שווארצע חיה פויזעט ארויס פון דעם אויסגעהוילטן קלאץ און ציט זיך ארויף... דער פעטער יעקב בורטשעט, רעדט זיי איין און בייזערט זיך אויף זיי:

— נו, נו, טייערינקע, רוקט זיך... קריכט ארויס... גייט, לופטערט זיך דורך... קיינער וועט אייך ניט טאן קיין שלעכטס... נו, שוין!... ניכער!... כ׳קאן דא ניט שטיין ארום אייך א גאנצן טאג!

זיי קלייבן זיך געדיכט ארום דעם בעל־הבית. זיי ווילן פארטיידיקן זייער היים — מעג דער שונא זיין ווער ער וויל! זייער מחנה ווערט תמיד גרעסער, דאס הודזשען — דראענדיקער. נאר ס׳איז שווער עפעס צו טאן. די פעל פונם פיינט איז א הארטע — קיים וואס מ׳קאן זי דורכשטעכן, און פון זיין לעמפל שלאגט אזא געדיכטער און עקלהאפטער רויך, אז דער קאפ הויבט זיך אן צו דרייען, און ס׳ווערט ניט גוט. די בינען קאנען ניט אריבערטראגן דעם רויך, זיי פליען אפ פונם פעטער יעקב, אפגעשוואכטע, פאר׳חלש׳טע. נאר באלד ווי זיי מונטערן זיך אפ אביסל, לאזן זיי זיך צוריק צו אים; עס קומען אויך אן נייע פונם בינשטאק, ראנגלען זיך, און דרייען זיך ווי שכורע. און אזוי שטייט ער א צייט אין מיטן פון א טאנצנדיקן, שווארצן געמיש פון רויך און בינען. נאר ביסלאכווייז ווערט ארום אים ליכטיקער און גערוימער. דער רויך איז שטארקער...

די אינגלאך זיינען אומרואיק. זיי וויקלען זיך בעסער אין די טיכלאך, טרייסלען מיט די קעפ, מאכן מיט די הענט, טרייבנדיק פון זיך די בינען.

— דרייט זיך ניט! בלייבט רואיק! אז איר שרעקט זיך — וועלן זיי זיך בייסן... מיכעלע, קום אהער! האלט דאס לעמפל!

מישקע נעמט דאס לעמפל אין איין האנט און מיט דער אנדערער וויקלט

ער שטייפער אַרום דעם פּנים. ער פּאַכט אַרום מיטן לעמפּל, און דער פעטער יעקב לייגט אַז דעם האַניק אין אַ טאָפּ.

אין דעם בינשטאָק זיינען נאָך אַלץ פאַראַן בינען. עטלאַכע בינען פאַלן אַריין אין טאָפּ צוזאַמען מיטן האַניק. דער פעטער יעקב נעמט זיי פאָרזיכטיק אַרויס. זיי פויזן אומבאַהאָלפן איבער זיינע גראָבע, קלאָציקע פינגער. ער ברענגט צו די האַנט צו דער עפענונג פונם בינשטאָק, און זיי שלעפּן זיך לאַנגזאַם צו זיך אין נעסט אַריין.

נאָכדעם ווי מען איז פאַרטיק מיט אַלע בינשטאָקן, פאַרקלייבן זיך די אינגלאַך אין אַ שאָטן, אונטער אַן אַלטן באַרנבוים, וואָס שטייט אין הויף נעבן דעם פעטער יעקבס הויז, און עסן ברויט מיט פרישן האַניק.

די זון איז שוין הויך. דער טאָג איז אַ הייסער. אונטערן בוים, אין שאָטן, איז גוט צו ליגן.

די אינגלאַך הויבט אָן צו שלעפערן.

א. ראובני.



# אין דאָרף

אַ דאָרף. באַזונדער ליגן זיך די כאַטקעס דאָ און דאָרטן.
אַ קלויסטער שטייט אינמיטן פון אַ גרויסן גרינעם גאָרטן.
די זון גייט אויף און אויפן קלויסטער שפּיגלען זיך די שטראַלן
און פון די גרוי מיט מאָך באַדעקטע שטאַלן
די שקצים מיט די בייטשן אין די הענט — כמעט נאָך קינדער —
צעפירן אין די טשערעדעס די פעטע שאָף און רינדער.

דו גייסט פאַרביי און שטויביק גרויע זיינען דיינע קליידער.
אַ פויער גריסט דיך, באַלד אַ צווייטער און אַזוי כסדר.
עס קומט אַ גויע מיט אַ קריגל פרישן וואַסער דיר אַנטקעגן,
באַגריסט דיך גוטמוטיק און נעמט דיך פרעגן —
וואוהין דו גייסט און אויב דו ווילסט זיך אויסרוען, דו מידער —
אין שטוב איז ברויט גענוג פאַראַן און אַלע זיינען ברידער.

ז. וויינפער.

# אין דער זומער קאָלאָניע

## א.—דאָס געריכט.

דארטן, וואו עס קלייבן זיך צונויף הונדערט פופציק אינגלאך, מוזן זיין אלע טאג דרייסיק קריגן, פינף געשלעגן; וואו עס קומען פאר קריג און געשלעגן, דארט מוז זיין א געריכט. דאס געריכט מוז זיין ערלאך, צו אים דארף מען האבן צוטרוי און דרך־ארץ. אזא געריכט איז געווען ביי אונז אין מיכאילאווקע.

ריכטער זיינען געווען צוויי, אויסגעקליבענע דורך אן אפשטימונג. די אפשטימונג פלעגט פארקומען איבעראניים יעדע וואך.

די זיצונגען פון געריכט זיינען פארגעקומען אין וואלד אדער אויפן וועראנדע. די ריכטער זיינען געזעסן אויף שטולן ביים טיש. די באשולדיקטע און עדות זיינען געזעסן אויף א לאנגער באנק. דער עולם איז געשטאנען פון הינטן. דער אויפזעער איז געווען דער באשולדיקער. עס זיינען אויך געווען פארטיידיקער. נאכן אויסהערן און אויספרעגן פלעגן די ריכטער אוועקגיין זיך בעראטן. נאכדעם ווערט דורך א קלונג געגעבן צו וויסן, אז עס ווערט פארעפנטלאכט דער פסק.

---

פישביין האט געווארפן א שטיין אין אלשינען און אים צעשלאגן די פוס, נאר ניט זייער שטארק. דאך האט אלשין געוויינט.

— האסטו געווארפן א שטיין אויף אלשינען?

— ניין.

— מענטשן האבן דאך געזען, ווי אלשין האט זיך געהאלטן ביים פוס און האט געוויינט.

— ניט אמת, איך האב ניט געווארפן, און אלשין האט ניט געוויינט.

עס הויבט זיך אן די אויספארשונג פון די עדות. דאס געריכט איז מזהיר, אז פאר א ליגן וועט מען שטרענג באשטראפט ווערן. עס ווערט פעסטגעשטעלט די צייט און ארט פון פארברעכן, די צאל און פאמיליעס פון די עדות.

די אויספארשונג באווייזט, אז פישביין האט אן א פארוואס געווארפן אויף אלשינען שישקעס און קליינע שטיינדלאך.

— האסטו געווארפן אויף אים שישקעס?

— יא, שישקעס האב איך געווארפן.

— פארוואס?

— איך האב געהאט א סך שישקעס און ניט געוואוסט, וואס מיט זיי צו טאן.

— פארוואס האסטו ניט אוועקגעווארפן אויף דער ערד?

— ס'איז געווען א שאד. (דער עולם לאכט).

— און צווישן די שישקעס זיינען זיכער ניט געווען קיין שטיינער?

— איך ווייס ניט.

דאס געריכט האט גענומען אין אכט די יונגקייט פון פישביינען און אים פארמשפט נאר אויף צען מינוט ארבעט.

עס איז געווען אזוי: איך האב געבעט די בעט, האט ער מיך א שטויס געטאן האב איך אים אפגעשטויסן. האט ער געווארפן אויף מיר א קישן האב איך אויפגעהויבן די קישן, האט ער מיר דערלאנגט א קלאפ.

— ניט אמת. איך האב גאר געבעט די בעט. האט ער געווארפן אויף מיר די קישן. האב איך אים א שטויס געטאן און ער האט מיר דערלאנגט דער ערש־טער...

— אך, דו ליגנער...

— ביסט אליין א ליגנער...

— אין געריכט טאר מען זיך ניט קריגן.

— האסט געווארפן די קישן?

— ער דער ערשטער...

— ענטפער: יא, צי ניין?

— יא, נאר ער דער ערשטער...

— זיינען דא עדות?...

— אלע האבן געזען...

— אלע האבן ניט געקענט זען. רופט אן די פאמיליעס פון צוויי עדות;

— איך ווייס ניט.

ווער איז געשטאנען נאענט און אלץ געזען?

— האסט אים א שטויס געטאן?

— ווען איך בין געשטאנען און געבעט די בעט...

— מיר ווייסן, ענטפער קורץ יא, צי ניין?

— ניין!

— אך, דו לינגער!

— שטילער! אין געריכט טאר מען זיך ניט קריגן! ביידנס בעטן שטייען אין איין שורה. צולים דעם. וואס עס זיינען ניטא קיין עדות, איז ניט מעגלאך פעסטצושטעלן, ווער האט א שטויס געטאן דער ערשטער, צי איז דאס געווען בכיון אדער אומגערן. צי איז ניט גלייכער שלום מאכן צווישן זיך. איידער צו ווארטן אויף א פסק, וואס וועט מוזן ביידע באשטראפן, ווייל ביידע האבן זיך דאך מודה געווען, אז זיי האבן זיך געשלאגן.

פארשטייט זיך, אז אויף אזא אופן איז טאקע גלייכער צו מאכן שלום.

---

אט איז א בלוטיקע געשעעניש, ביי וועלכער עס קען קיין רייד ניט זיין וועגן דורכקומען צווישן זיך.

די מעדיצינישע אונטערזוכונג זאגט: ביי דעם באשולדיקטן פלאשנבערג איז געשוואלן די רעכטע באק; אויף איר זיינען דא סמנים פון זיבן גראבן: איין גראב ביי דער נאז, איינער — ביים אויער, דריי — אויף דער באק, צוויי — אויפן מארדע. אויסער דעם — צוויי גראבן אויף דער לינקער האנט.

ביי דעם באשולדיקטן זאקסנבערג אויפן שטערן איז א בלויער סיניאק די גרויס פון צוויי מטבעות, די נאז איז צעגראבעט און אויף דער לינקער באק איז א לאנגער גראב.

דעם אנהויב פון געשלעג האט קיינער ניט געזען, נאר די פארזעצונג האבן געזען א סך עדות.

ביידע זיינען פאר'משפט געווארן צו פופצן מינוט ארעסט.

שטיפֿן און טומלען איז צום לייכטסטן אין אוונט בשעת מע לייגט זיך אין די בעטן. עס קען זיין, אַז דאָס איז ניט באַזונדער אַנגענעם ווייל די אויגן קלעפּן זיך און מען דאַרף שלאָפֿן. נאָר פֿאַרוואָס זאָל מען דאָס ניט פּרובירן, ווען דאָס איז פֿאַרווערט?

אויב דאָס איז שטרענג פֿאַרווערט און איך וועל הויך אַ פּייף טאָן, אַ געשריי טאָן, מיאַאוקען אָדער קרייען, ווי אַ האָן, וועט דער אויפֿזעער זיך ברוגזן, אָבער אַלע וועלן לאַכן. דער צימער איז אַ גרויסער, בעטן — אַ סך, דער אויפֿזעער וועט ניט וויסן, ווער עס האָט דאָס געטאָן.

אַזוי האָבן געקלערט אינגלאַך, ביז זיי האָבן זיך איבערצייגט. אַז דער אויפֿזעער ברוגזט זיך קיינמאָל נישט און פֿאַרשט ניט, ווער עס האָט געטומלט ביי נאַכט. ער פֿאַרווערט דאָס נאָר דערפֿאַר, כדי מע זאָל קענען אויפֿשטיין זעקס אינדערפֿרי פֿריילאַכע און מונטערע.

נעכטן איז געווען זייער טומלדיק אין שלאָפֿצימער. יעדערער ווערט אַרויסגערופֿן היינט צום גערימבט צו ענטפֿערן, צי האָט ער דאָס ניט געטומלט, געפּייפֿט, געפּאַטשט מיט די הענט, געזונגען, געמיאַאוקעט.

אַלע לייקענען אָפּ. נעכטן האָט מען נאָר געבאַפּט ביים טומל ווייצן און פֿראַגערן. זיי זיצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק.

— זייער שולד איז אַ גרויסע, גאָר אַ גרויסע, זיי האָבן ניט נאָר זיך, נאָר אַלעמען געשטערט שלאָפֿן. ווי זאָל מען זיי באַשטראָפֿן? נאָר מע דאַרף קודם קלאָר מאַכן אַן אַנדער פֿראַגע: צי האָבן נעכטן אין שלאָפֿצימער געטומלט נאָר די צוויי? ניין, טומלער זיינען געווען אַ סך מער, גאָר אַ סך.

דער פּראָקוראָר האָט אויסגעלייגט אויפֿן טיש דעם פּלאַן פֿון שלאָפֿצימער און האָט לאַנגזאַם געזאָגט:

— מען האָט געטומלט ביים פֿענסטער, וואו עס שטייען די בעטן פֿון קאַפּלאַן, בערער, פּלאַצקי, און שידלאָווסקי. דער טומל איז געווען אין די מיטעלסטע שורות, וואו עס שלאָפֿן ווינרייך, גראַזאָווסקי, סטריק, פּראַם און זאַק...

דער טומל איז געווען אין דער ערשטער שורה, וואו עס שלאָפֿן פּלאַשנבערג, פֿישביין, ראַטקעל און פּליוואַק. מען האָט געפּאַטשט מיט די הענט ביי די בעטן פֿון אַלטמאַן, לעוו, וואַלבערג און אַדאַמסקי. צום סוף האָט עמיץ געפּייפֿט דאָרטן, וואו עס שלאָפֿן ניימייסטער, זאַקסנבערג און פֿרעסמאַן. מיר האָבן ביי אַלעמען געפֿרעגט און קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופֿן.

דאָ איז דער פּראָקוראָר אַנטשוויגן געוואָרן. אַ סך פֿון עולם האָבן אַראָפּגעלאָזן די אויגן, עס איז רויט געוואָרן אייך איינער פֿון די ריכטער, ווען ער האָט דערהערט אָנרופֿנדיק אויך זיין פֿאַמיליע.

— פֿאַרוואָס איז געלונגען נעכטן צו באַמערקן נאָר ווייצמאַנען און פֿראַגערן? — דערפֿאַר, ווייל זיי האָט זיך ניט איינגענומען זיך צו באַהאַלטן. פֿאַרוואָס האָבן זיי דאָס ניט געקענט זיך באַהאַלטן, בעת אַלע אַנדערע האָבן דאָס יאָ געקענט? — דערפֿאַר ווייל זיי זיינען ניט קיין שטיפֿערס, אָדער קליינע ניט קיין געאיבטע שטיפֿערס. אפֿשר האָבן זיי גאָרניט געוואוסט, אַז ביינאַכט טאָר מען ניט שרייען אין שלאָפֿצימער. האָבן מיר איצט דאָס רעכט נאָר זיי ביידן צו באַשטראָפֿן? — שולדיק זיינען אַלע, דער גאַנצער שלאָפֿצימער, אַלע אַכט און דרייסיק, אפֿילו די, וואָס האָבן ניט געטומלט און האָבן ניט אָפּגעהאַלטן

דעם חבר פון טומלען. איך לייג דעריבער פאר פריילאזן ווייצן און פראגערן און באשטראפן די גאנצע גרופע: גראזאווסקי וועט היינט פארן שלאף ניט שפילן פאר אייך אויפן פידל.

דאס געריכט האט זיך לאנג בארשטן און דער פסק איז געווען אזא:

„ווייצן און פראגערן באשטראפן, גראזאווסקי וועט אויפדערנאכט יא שפילן, ווייל מער וועט שוין קיינער ניט טומלען".

און מען האט געהאלטןווארט.

## ב.—קאנצערטן.

אויפדערנאכט, ווען די אינגלאך ליגן שוין אין די בעטן, נעמט גראזאווסקי זיין פידעלע, שטעלט זיך אוועק אין מיטן שטוב און שפילט עפעס אויף „א גוטע נאכט".

קיין נאטן האט ער ניט מיטגענומען. ער שפילט אויסווייניק א סך ניגונים.

„רוישן פיכטן אויף די בערגער,
רוישן אין דער ווייט"...

אזוי זינגט דאס פידעלע. אין זאל איז שטיל, אלע אינגלאך הערן זיך איין.

בלויז אונטערן פענסטער סוד'ען זיך די סאסנעס איינע מיט דער אנדערער און ריידן שטיל צום הימל.

די סאסנעס האבן זיך פון גראזאווסקין אויסגעלערנט א סך, א סך ניגונים, און אצינד זינגען זיי מיט זייערע דינע נאדעלאך אזוי שטיל, קוים וואס מען הערט. זיי ווילן נישט שטערן דעם פידלער.

לינקס פון דער קאלאניע וואקסט אן אלטע, איינגעהויקערטע סאסנע. א סאסנע — א זקנה.

וואס זי האט אויסצושטיין פון די אינגלאך!

דא זעצן זיי זיך אויף איר, און הוידן זיך, ווי אויף א שיף, דא מאכן זיי פון איר א באן. דא — א פערד, דא א טורעם פאר פייער־לעשער און דא — א פעסטונג.

די סאסנע אבער איז קיינמאל נישט בייז. זי ווייס, אז אויפדערנאכט וועט שפילן דאס פידעלע, וואס וועט זי פארוויגן אין א שטילן רואיקן שלאף.

און די אינגלאך ליגן און ס'ציטערן ביי זיי די ווייעס.

אט האט איינער ברייט אויפגעריסן די אויגן, א צווייטער האט זיך אנגע־שפארט אן קישעלע און האלב־ליגנדיק קוקט ער אויפן שפילער.

און יעדער איינציקער טראכט פון עפעס אנדערש. נאר ווען גראזאווסקי וויל שוין באהאלטן דעם פידל, בעטן זיי אים—ער זאל נאך עפעס שפילן, אדער ער זאל איבער'חזר'ן דאס פריערדיקע.

גראזאווסקי קאן ביי די אינגלאך אלץ פועלן: ער מעג גראבן ערד, מער ווי אלע אנדערע. אים האט מארגאליס געשענקט א שטעקן, וואס ער האט געפונען גייענדיק אין וועלדל אריין, און אפילו די ריכטער האבן אויך ארויסגעגעבן א פאלשן פסק־דין, ווען גראזאווסקי האט זיך איינמאל פארשולדיקט.

אלע ווילן גיין מיט אים צו דער פאר. גראזאווסקי אבער קאן בכלל נישט גיין צו דער פאר; תמיד האלט ער אין איין זוכן געלע בלומען אויף לאנגע שטענג־לאך.

איינמאָל האָט אים אַ מיידעלע געשענקט אַ צווייגל יאַשמין; אַ צווייט מאָל האָט אים אַ פויער געלאָזט אָפּרייסן אַ בינטל ווייסע און אַ רויטע מאָנבלום פון גאָרטן.

די ווייסע האָט ער אַריינגעלייגט אין אַ שיסעלע צווישן בלומען. און די רויטע מאָנבלום האָט ער אַזוי לאַנג געטראָגן, ביז די בלעטלאַך האָבן אָנגעהויבן אָפּפאַלן.

אויסער דעם פידלער פאַרמאָגן מיר נאָך אויף דער קאָלאָניע דריי אייגענע זינגער.

אויך זיי זינגען יעדן אויפדערנאַכט, איידער די קינדער גייען שלאָפן.

דאָס געזאַנג שווימט נידעריק. ביי דער סאַמע ערד, אַזוי ווי אַ שוועלבעלע וואָס פ. וואוט ערשט דעם כוח פון אירע פליגל.

פלוצלונג אָבער גיט עס זיך אַ הייב אויף ערגעץ אונטער די וואָלקנס און ציטערט לאַנג, לאַנג אין דער טונקלקייט פון הימל.

דערנאָך קומט עס צוריק אַראָפּ — שטיל, מיד און ווערט אַנטשלאָפן..

— ווי שיין דער ניגון איז — ריידן צווישן זיך די סאַסנעס — אָבער פאַר־וואָס פאַרשטייען מיר נישט זיינע ווערטער.

— ווייל ס׳איז אַן אַלטער אידישער, אַלטער ניגון, אַ ניגון, וואָס איז באַ־שאַפן געוואָרן מיט טויזנטער יאָרן צוריק.

ווען די דריי זינגער אונזערע: פרעבמאַן, ראָזנצווייג און פרידזאָן זינגען צוזאַמען, דאַכט זיך, אַז נישט דריי זינגען, נאָר איינער, אַזוי פּאַסן זיך צונויף אַלעמענס שטימען.

דער רום פון די אָוונט־קאָנצערטן האָט זיך ווייט צעטראָגן איבער דער וועלט.

י. קאָרטשאַק.

# תשעה באב

הענגט דער אַלטער שוואַרצער שאַל דער מאַמעס
אויסגעשפּרייט אין מזרח אויפן וואַנט;
זיצט די מאַמע שבעה אויף דער הוילער ערד
מיט אַ צאַנקנדיק ליכטל אין דער האַנט.

קלינגט אַן אבל׳דיק ליד אין אַלע ווינקלען
קלאָגט — ווי מוטער רחל — אין דער טויטער נאַכט;
דאַכט זיך, אַז פון אַלע דורות האָט דער צער און טרויער
איצט ביי אונז אין שטיבל אויפגעוואַכט!

הענגט דער אַלטער שוואַרצער שאַל דער מאַמעס
תשעה באב אין מזרח אויף דער וואַנט;
קלינגט אַן אבל׳דיק ליד אין אַלע ווינקלען
צאַנקען ליכטלאַך אויפן חורבן פונם לאַנד!

נחום ווייסמאַן.

## חורבן ירושלים

מיט אַ געטרייסט האַרץ איז ירמיהו קיין ירושלים צוריק געגאַנגען. זוי גאָט האָט אים באַפוילן, האָט ער אין ענתות אַ פעלד זיך געקויפט און געזאָגט האָט ער אַזוי: „עס איז אַ סימן, אַז אידן וועלן אויף זייער אָרט זיצן בלייבן, אויפעסן וועט גאָטס גרויסע דערבאַרעמונג זיין צאָרן — און זיין גוטסקייט, ווי אַ ים, וועט אויסטריקענען די נאַרישע מענטשן־זינד“. אַזוי, געשטיצט אויף גאָטס חסד, גייט דער נביא געטרייסט צו זיין פאָלק צוריק, אַוועקוואַרפן וויל ער זיין שטעכעדיקע שטראָף־בייטש און טרייסטן זיי. געקומען איז ער אויף דעם בית־לחם וועג — און דער־זען האָט ער פון ירושלים אַ גרויסן רויך אויפגיין. ביינאַכט איז עס געווען, און דער פלאַם פון ירושלים האָט פון דערווייטנס געלויכטן. גע־טרייסט האָט זיך דער נביא: „אָ, פאַרשוואונדן זיינען די כשדים, זיי זיינען, ווי אַשור אמאָל, הינטער ירושלימס טויערן ווי אַ נעפּל צערונען, און דאָס דאַנקט ירושלים גאָט אָפּ, און דער רויך פון אירע קרבנות גייט אין הימל אויף“. פריילאַך איז דער נביא געוואָרן, אויפגעלויכטן זיינען פאַרוואָלקנטער שטערן און זיינע אויגן, ווי די ליכטער, אויף ירושלים אויפגעהויבן, האָט ער פאַר גאָט אַ לויב־ליד זינגען געוואָלט. זיין האַרץ איז צעגאַנגען פאַר געטלאַכקייט — באַגינט דער נביא פאַר גאָט צו טאַנצן און צו וויינען פאַר פרייד. ערשט ער קוקט אויף דעם וועג — רויט גערויטלט איז דער ווייסער זאַמד און ווי אַ פאַדים ציט ער זיך איבער דעם וועג. פון ירושלים קומען די בלוט־פלעקן אַן צולויפן און

קיין בבל ציען זיי זיך. געוואָרפן האָט דער נביא זיך אויף דער ערד און דערזען ביים שטערן־ליכט יונגע קינדער פיס, געטרעטן אין דעם בלוט. ער האָט זיי אין דעם ווייכן גאַנג דערקענט, אויסגעגאָסן, ווי אַ פּורעם, האָט זיך דאָס קינדישע פיסל אין דעם בלוטיקן שטויב. דערקענט האָט דער נביא דעם אייִדעלן טריט פון זיין פאָלק, געקושט האָט ער יעדן טריט, צום האַרצן צוגעדריקט און אויסגעשריען מיט אַ געשריי, ווי אַ געווילדע, וואָס דער יעגער האָט מיט זיין שפּיז אין האַרץ געטראָפן, — אַזוי פאַרוואונדעט מיט דער שפּיז אין דער ברוסט לויפט דער נביא איבער דעם וועג, אויף די בערג זיך געלאָזט און קיין ירושלים געקוקט. אָ, דערקענט האָט ער ביים גרויען מאָרגן־שיין — ירושלים ברענט! ווי פון אַ גרויסן קרבן גייט דער רויך אין הימל אויף. אָבער נישט אויף שטיינער און אויף מויערן האָט דער נביא געקלאָגט, נישט אויף דעם, וואָס דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, נאָר איבער די אידנס לייד האָט ער זיין הענט קעגן הימל אויפגעהויבן און אויסגעשריען: „אָ, דו האָסט מיך אויסגעלאַכט, אַרויסגענאַרט האָסטו מיך פון דער היים, און הינטער מיין רוקן די קינדער געשאָכטן!“ און געזוכט האָט ער מיט זיינע אויגן, וואוהין עס פירט דער וועג פון די אַרויסגעטריבענע, אַרויס־געשיקט האָט ער זיין געהאָרך צו פאַרנעמען, פון וואָסער זייט דער ווינט טראָגט די קרעכצן צו, געניגט נאָך לינקס, געזוכט נאָך רעכטס, און נאָך דעם בלוטיקן טריט איז ער, ווי אַ חיה, וואָס האָט איר נעסט געפונען וויסט, נאָך דעם געפאַנגענעם קינדער־טריט נאָכגעלאָפן.

---

געטריבן האָט נבוזראדן די אידן קיין בבל. פאַר דער מוטער רחלס קבר האָט ער זיי פאַרביי געטריבן, — געווען איז עס אויף דעם וועג קיין בית־לחם, וואו באַגראָבן האָט זי יעקב איינזאַם אויף דעם פעלד אליין. אָפּגעשטעלט האָבן זיי זיך ביים קבר און אַרום דעם פעלד זיך אַנידערגעלייגט. און אָנגעכאַפּט האָבן זיי זיך אָן די ווענט און נישט געוואָלט ווייטער גיין. אָבער געשלאָגן האָט זיי דער פיינט, מיט די רי־מען און מיט די ריטער, פון דעם קבר אוועק. אָפּגעריסן האָט ער די קינדער מיט געוואַלט פון דער מוטערס שירין, געשלעפּט האָט ער די קינדער פריער, און די מוטערס זיינען שוין אַליין נאָכגעלאָפן. אַזוי האָט זיי דער פיינט אין גלות געפירט. געוויינט זיינען די טרערן און גרוב אַריין און די מוטער נישט געלאָזן ליגן רואיק. אויפגעהויבן האָט זי זיך אין איר ווייס געוואַנט, — אָנגעטאָן די שבת־קרוין אויף איר קאָפּ, איז זי פון איר קבר ארויס און נאָך די קינדער נאָכגעגאַנגען און אויסגעשטרעקט צו זיי אירע הענט און גערופן זיי. אָבער קיינער האָט איר שטים נישט געהערט, קיינער האָט איר געשטאַלט נישט געזען — טויט איז זי געווען און נישט געקאָנט געבן פון זיך קיין קול. נאָר גערעדט צו זיך אַליין. אַזוי האָט זי אַרומגעבלאָנקעט אַ גאַנצע נאַכט איבער די פעלדער אַליין, און ווען דער טאָג האָט געגרויט, איז זי צוריק אין איר רו אַריין. אַזוי שלייכט זי זיך יעדער נאַכט פון איר קבר אַרויס, קומט אין אידישן גלות אַריין, און ווער עס וואַנדלט ביינאַכט דורך אידישע שטעט, זעט, ווי אַ ווייס געשטאַלט גייט אין געסל אויף אַליין, קוקט דורך פאַרמאַכטע

לאַדנס אין אידישע שטיבער אַריין. דאָס איז די מוטער רחל, וואָס קאָן אין קבר נישט ליגן רואיק איבער אירע קינדערס געוויין, אַזוי ביזן היינטיקן טאָג אריין.

שלום אַש.




ירמיהו הנביא

ענגע געסלאַך, שטיבלאַך קברים,
דאָ אַ שול און דאָרט אַ מאַרק,
הערט פון דאַנען זיך אַ תפילה,
שרייט דאָרט עמיצער אין מאַרק...

קומסט אַראָפּ אַהין אויף טרעפּלאַך,
שטרעקן הענט זיך דיר אַנטקעגן,
בלייבסטו שטיין, אַזוי ווי אַ שטומער,
נאָר די אויגן עפּעס פרעגן.

שטייען אַלע דאָרט געבויגן,
קושן אַלט פאַרגרויטע שטיינער,
שרייען, רופן, גיסן טרערן,
און אַ שטומער שטייסטו איינער.

אפרים אויערבאַך.

# משיח דער דערלייזער

## א.

די גאַרע וועלט וואַרט, אַז עס זאָל קומען משיח און אויסלייזן די וועלט פון צרות. אַז משיח דער דערלייזער וועט קומען, וועלן ניט זיין קיין אָרימע און רייכע, קיין שוואַכע און שטאַרקע, קיין באַצווינגער און אונטערדריקטע. וועלן אַלע טויטע — לעבעדיק ווערן, אַלע טרערן אָפּגעווישט ווערן, אַלע ווייטיקן — געגעזן ווערן. אַז משיח וועט קומען, וועלן אַלע פּוסטע ביימער — פרוכט געבן, אַלע וויסטע ערטער — מיט בלומען בליען, אַלע טאָג — די זון שיינען. אַז משיח וועט קומען, וועט דער לייב ווי די קו עסן גראָז, און דער וואָלף וועט זיך פיטערן צוזאַמען מיטן שעפּל, און אַ קליין אינגל וועט זיי אין פעלד אַרויספירן. משיח וועט ברענגען דאָס גליק אויף דער ערד.

וואַרט די גאַרע וועלט, אַז משיח זאָל קומען. קומט ער ניט היינט — וועט ער קומען מאָרגן. און אויב ער קומט מאָרגן אויך ניט, היט מען דאָך די גאָלדענע האָפענונג אין האַרצן און מען וואַרט מיט געדולד, מיט געדולד.

## ב.

האָבן צוויי בחורים געלעבט אויף דער וועלט און זיי האָבן קיין געדולד ניט געהאַט. יונגע זיינען זיי געווען, הייסע הערצער האָבן זיי געהאַט. דאָס גליק פון דער וועלט האָט פאַר זיי אין חלום, ווען זיי האָבן געשלאָפן, און אין דמיון, ווען זיי האָבן געוואַכט, מיט אַזעלכע בלאַנקע פאַרבן געשיינט, מיט אַזאַ שטאַרקן כישוף די נשמות זייערע געפאַנגען, אַז זיי האָבן דעם אומגעדולד זייערן ניט געקענט גובר זיין. זיי האָבן ניט געוואָלט וואַרטן.

— זאָל שוין קומען דער שיינער, דער ליכטיקער משיח, און מיט אים צוזאַמען — דאָס גליק אויף דער ערד!

— סיידן ער וועט זיך פאַרגעסן, אַז דאָ ליידט מען צרות אויף דער ערד.

— אויב ער אַליין קומט ניט, און מענטשן ווייסן דעם וועג ניט, ווי צו אים צוצוקומען, דאַרף מען זיך לאָזן זוכן! — האָבן זיי באַשלאָסן.

האָבן די בחורים פאַרלאָזן טאַטע־מאַמע און קרובים, רבי און חברים, און זיינען אַוועק זוכן דעם וועג צו משיח'ן, ברענגען אים, ווייל ס'איז שוין צייט די וועלט זאָל פון צרות דערלייזט ווערן.

ג.

זיינען די בחורים אַוועק, זיינען זיי געגאַנגען איבער וועגן און שטעגן, און ניט מיד געוואָרן; פאַרביי שטעט און פאַרביי דערפער — — און זיך ניט אָפּגעשטעלט; דורך פעלדער און דורך וועלדער — און זיך ניט אָפּגעשראָקן. וואו זיי האָבן געטאָגט — האָבן זיי ניט גענעכטיקט, און וואו זיי האָבן גענעכטיקט — האָבן זיי ניט געטאָגט. ביז זיי זיינען דורך אַלע וועגן און שטעגן, אַלע פעלדער און וועלדער, אַלע שטעט און דערפער, און געקומען צו דעם גרויסן וויסטן מדבר. און דאָ איז קיין וועג ניט געווען, דאָ האָט קיין מענטש ניט געלעבט, און ביי וועמען צו פרעגן, ווי ווייטער צו גיין, האָבן די בחורים ניט געהאַט. נאָר איין דאַרער בוים איז געשטאַנען, מיט צעבראָכענע צווייגן און מיט צעפּלאַצטער קאָרע.

האָט די וויסטעניש דעם ווילן פון די בחורים ניט אָפּגעשראָקן. די היץ פון זייער האַרצן ניט אויסגעקילט. אומקערן זיך אַהיים אָן משיח האָבן זיי ניט געוואָלט; זען טאַטע־מאַמע, איידער די וועלט איז דערלייזט, האָבן זיי ניט געטראַכט.

ד.

האָבן די בחורים זיך צו דעם דאַרן־בוים געווענדט:

— בוים, דו בוים! דיך באַשווערן מיר, דו זאָלסט אונז זאָגן, דו זאָלסט אונז וויזן דעם וועג צו משיח'ן! —

האָט דער בוים געטאָן אַ קנאַק מיט די דאַרע צווייגן, אַ ציטער — מיטן טרוקענעם שטאַם און אָנגעהויבן ריידן:

— די אומ'רחמנות'דיקע זון האָט מיך געברענט, דער בייזער ווינט האָט אויף מיר זאַמד געשאָטן, דער וואָלקן האָט מיר קיין רעגן ניט געשיקט, דער פאַרנאַכט קיין טוי ניט געבראַכט. בין איך פאַרדאַרט געוואָרן, צעטריקנט שטיין געבליבן. איך אַליין וואַרט אויף משיח'ן, ער זאָל קומען, אַלדאָס בייז פון דער וועלט אָפּרוימען, אַלדאָס גליק אויף דער וועלט ברענגען, אַלע קראַנקע היילן, אַלע טויטע לעבעדיק מאַכן. נאָר דעם וועג צו אים ווייס איך ניט. גייט רעכטס, נאָכדעם לינקס, וועט איר קומען צו אַ קוואַל. דאָרט פליִצן פרישע וואַסערן פון דער ערד, וואַקסן גרינע גראָזן, בליִען שיינע בלומען, דאָרט איז לעבן. אפשר ווייס דער קוואַל עפּעס, וועט ער אייך זאָגן. —

## ה.

זיינען די בחורים געגאַנגען — רעכטס, נאָכדעם לינקס, ווי דער בוים האָט זיי געזאָגט. זייערע פיס האָבן געזונקען אין טיפע זאַמדן, און זייערע לייבער האָבן זיי פאַרוואונדעט אָן שאַרפע דערנער, נאָר זייער ווילן איז ניט געמינערט געוואָרן, ביז זיי זיינען געקומען צו אַ קוואַל, וואו ס'האָבן געפּלייצט פרישע וואַסערן פון דער ערד, און בלומען האָבן געבליט, און פייגל האָבן געזונגען. האָבן די בחורים געזאָגט צו דעם קוואַל:

— קוואַל, דו קוואַל! מיר באַשווערן דיך, דו זאָלסט אונז זאָגן, דו זאָלסט אונז ווייזן דעם וועג צו משיח'ן!

האָט דער קוואַל געטאָן אַ ציטער מיט זיין גלאַטקייט און אַ שעפּטשע — מיט זיינע כוואַליעס, און אָנגעהויבן ריידן:

— שלאַנגען און עקדיישן האָבן זיך באַזעצט אויף מיין גרונט און צעבויטן מיר מיין ריין וואַסער פון אונטן, און די ווינטן פון דער מדבר פאַרשיטן מיך מיט שטויב און מיט זאַמד, באַטריבן מיר מיין ריין וואַסער פון אויבן. און דער רויבער, דער שפּאַרבער, וואַשט זיין פאַרבלוטיקטן שנאָבל אין מיר ביי טאָג, און די רויבערין, די סאָווע — איר פאַרבלוטיקטן שנאָבל ביי דער נאַכט. בין איך טונקל, בין איך טריב, בין איך אומריין. איך אַליין וואַרט אויף משיח'ן, ער זאָל קומען, אַלדאָס אומריינקייט פון דער וועלט אָפּרוימען, אַלדאָס שיינקייט אויף דער וועלט ברענגען, אַלע טריבע — לויטער מאַכן, נאָר דעם וועג צו אים ווייס איך ניט. גייט רעכטס, נאָכדעם לינקס, וועט איר קומען צו אַ באַרג, דאָרטן הויבן זיך פעלזן ביזן הימל, טיפן זיך טאָלן ביזן אָפּגרונט, ציען זיך היילן ביז דעם האַרצן פון דער ערד. דאָרט שוועבן אַלע סודות אין די שאָטנס — אפשר ווייס דער באַרג עפּעס, וועט ער אייך זאָגן.

## ו.

זיינען די בחורים געגאַנגען — רעכטס, נאָכדעם לינקס, ווי דער קוואַל האָט זיי געזאָגט. זייערע פיס האָבן געשטרויכלט אין גריבער און זיך צעשלאָגן אָן שטיינער, נאָר זייער ווילן איז ניט שוואַכער געוואָרן, און זייער גרייטקייט אַליין איבערצוטראָגן איז געווען גאַנץ און פריש, ווי אין דעם ערשטן טאָג, וואָס זיי זיינען אַרויס פון דער היים. זיינען זיי געקומען צו אַ הויכן באַרג, וואָס איז געשטאַנען אויפן גרעניץ פון דער מדבר. ביזן הימל האָבן זיך געצויגן די שפּיצן פון דעם באַרג, און ביזן אָפּגרונט האָבן זיך געטיפט זיינע טאָלן. האָבן די בחורים צו אים געזאָגט:

— באַרג, דו באַרג! מיר באַשווערן דיך, דו זאָלסט אונז זאָגן, דו זאָלסט אונז ווייזן דעם וועג צו משיח'ן.

האָט דער באַרג אויסגעגלייכט זיין שטאָלצן רוקן, אַראָפּגעשאַרט די וואָלקנס פון זיין פּנים און אָנגעהויבן ריידן:

— אויף דער ברוסט פון דער ערד שטיצן זיך מיינע קנעכלאַך, אין האַרצן פון הימל איז איינגעשפּאַרט מיין קאָפּ. אַלע סודות פון הימל און פון ערד זיי־נען באַהאַלטן אין מיין אינגעווייט. אַלע וואונדער הויערן אויף מיינע ווענט.

איך עפן זיי פאר אייך. גייט, זוכט, פארשט, נישטערט. ווער עס האט מוט, יענער קאן אין מיר געפינען אלץ, וואס ער דארף.

ז.

זיינען די בחורים געגאנגען, האבן געקלעטערט, זיך געדראפעט בארג ארויף און טאל אראפ; איבער שטייפע פעלזן, איבער טיפע אפגרונטן, איבער גלייכע ווענט. האבן זיך צעריסן די פיאטעס און די קני און די הענט אן שארפע שטיינער. נאר זייער מוט איז ניט געפאלן, און זייער ווילן — ניט קלענער געווארן. זיי זיינען געגאנגען אלץ ווייטער, געקלעטערט אלץ העכער, פארגאנ־נען אלץ טיפער און אלץ ווייטער. און אלע וועגן זיינען זיי דורכגעגאנגען, אונז וויזן דעם וועג צו משיח'ן!

האט אליהו'ס פנים אנגעהויבן שיינען מער ווי די זון. ער האט געזאגט:

— דריי טויזנט יאר זיץ איך איבער דעם שפיץ פון דעם בארג. איך קוק אראפ אין דער נידער צו דער ערד, זע די צרות פון דער וועלט, הער די זיפצן פון די, וואס ווארטן אויף דערלייזונג, און קיינעמס הארץ צעפלאמט זיך ניט מיט אומגעדולד, און קיינעמס ווילן צינדט זיך ניט אן מיט מוט, און קיינעמס מוט — מיט העזה און מיט וואגן, צו לאזן זיך אין די וועגן און אין די אומ־וועגן, וואס פירן צו משיח'ן און צו דער דערלייזונג פון דער וועלט.

— דריי טויזנט יאר זיץ איך איבער דעם שפיץ פון דעם בארג און ווארט אויף אייך, איר יונגע, איר הייסע, איר אומגעדולדיקע; איר ערשטע, באַ־גייסטערטע, מוטיקע. וועגן אייך איז געווען מיין חלום, נאך אייך — מיין בענק־שאפט. צו אייך — מיין ליבשאפט, איר די ערשטע, וואס האבן געוואגט צו לאזן זיך איבער די אומוועגן, וואס פירן צו משיח, דעם דערלייזער פון דער וועלט.

— אויף אייך — מיין ברכה, ליבע, טייערע, — זייט מיר געבענטשט!

ח.

און אליהו האט די בחורים באוויזן דעם וועג און געלערנט, וואס זיי זאלן טאן. און די בחורים זיינען אוועק, און געגאנגען, און געקומען צו דעם ארט. דאס איז געווען עק וועלט. דא איז געשטאנען א מירמלנער פאלאץ מיט קריס־טאלענע פענסטער, מיט גילדענע טירן. און דא האט נאר די זון געשיינט, און דער טאג געהעלט. קיין ווינט האט ניט געבלאזן צו שטערן די רו, קיין שויבעלע האט זיך ניט באוועגט צו וועקן די שטילקייט, און קיין פליגעלע איז ניט געפלויגן איבערצורייסן דעם טיפן שלאף, וואס משיח, דער אויסלייזער פון דער וועלט, האט געשלאפן.

אויף א העלפאנדביינערנע בעט איז ער געלעגן. זיין קערפער איז געווען שטארק, זיין פנים יונג און זיין שלאף לייכט. און זיינע שיך — לעבן די פיס, און זיינע קליידער ביי דער זייט, און זיין שטעקן ביי דער האנט, — גרייט צום רוף פון וואכעדיקן לעבן אויפצוכאפן זיך, אנצוטאן זיך און אין וועג צו לאזן זיך, די וועלט צו דערלייזן. נאר מען זאל אים וואסער אויף די הענט גיסן, די אומריינקייט פון פאר'כישופ'טן שלאף פון זיינע אויגן אראפצוואשן.

## ט.

האָבן די בחורים אָפּגעעפנט די גילדערנע טירן און זיינען אריין אין פּאַלאַץ. ווי נאָר די טיר האָט זיך אויף די האָקנס אַ קער געטאָן, און ווי נאָר די זוילן פון די בחורימ׳ס פּיס האָבן די ערד פון דעם זאַל באַרירט — האָט זיך משיח אויף זיין געלעגער אויפגעזעצט. זיין פּנים האָט אָנגעהויבן שטראַלן מיט דערוואַכונג, זיינע אויגן — ברענען מיט דערלייזונג. ער האָט זיינע שלאַנקע, ווי פון זילבער אויסגעגאָסענע, הענט אויסגעשטרעקט...

אַ קריסטאָלענער קרוג איז געשטאַנען לעבן בעט, אַ פולער מיט וואַסער. דריי טויזנט יאָר האָט זיך פון אים קיין טראָפּן ניט אויסגעדעמפּט, און קיין שטויבעלע אין אים ניט געפאַלן. דריי טויזנט יאָר איז ער גרייט געשטאַנען אויף די הענט פון משיח׳ן אויפצוגיסן. נאָר די בחורים האָבן אים ניט געזען.

דער גלאַנץ פון משיח׳ן, די שיין פון דערהויבנקייט און די פּראַכט פון דער נאָענטער דערלייזונג, האָבן די בחורים די אויגן פאַרבלענדט. זיי זיינען געשטאַנען פאַרגאַפטע און זיך פון אָרט ניט גערירט.

און אַז די בחורים זיינען אַזוי געשטאַנען, האָט זיך משיח צוריק אוועקגעלייגט און צוריק די אויגן פאַרמאַכט. און נאָר אַ זיפץ, אַ שווערער זיפץ האָט זיך ארויסגעריסן פון זיין האַרצן...

## י.

אַלע פענסטער האָבן אַ ציטער געטאָן, די ערד ביי די בחורים אונטער די פּיס האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן פון דעם זיפץ. וואָס משיח האָט געטאָן, ווען ער איז צוריק איינגעשלאָפן. און אַ ווינט האָט זיך פון דעם זיפץ אויפגעהויבן און האָט די בחורים אין זיין געווירבל פאַרדרייט, ווייט־ווייט אוועקגעטראָגן, און ביים ברעג פון דעם מדבר אַראָפּגעוואָרפן.

אַ גרויסע פאַרצווייפלונג האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון דער פריערדיקער דרייסטקייט אין זייערע הערצער. דערפאַר, וואָס זיי זיינען געווען אַזוי נאָענט צו דער דערלייזונג, און האָבן דאָך זייער ציל פאַרפעלט. זייער געמיט איז אַזוי שווער געווען, אַז זיי האָבן שוין וויינען געוואָלט.

נאָר אליהו הנביא האָט זייער טרויער פון אויבן דערזען און זיך אויף אַ שטראַל פון דער זון צו זיי אַראָפּגעלאָזן, און זיי געקושט און געגלעט און געטרייסט:

— דעם וועג צו משיח דעם דערלייזער האָט איר דאָך געפונען; אַ וועג צו משיח דעם דערלייזער האָט איר דאָך געעפנט. זייט געבענטשט, זייט געבענטשט, יונגע, אומגעדולדיקע, דרייסטע!

פאַלק האַלפּערין.



# משיח

עס קלינגען די קייטן ביים טויער פון רוים —
דאָרט זיצט ער מיט אָפענע וואונדן.
זיי ווייטיקן, קינד מיינס, מיט אונזערע לייד,
און ווערן נישט קיינמאָל פאַרבונדן.

און טויזנטער יאָרן פאַרגייען אַזוי
אין שטילע יסורים ביים טויער.
און טיף אין אים קלייבט זיך דער אייביקער ווייי
און ס'וואַקסט אַלץ דער אייביקער טרויער.

נאָר תשעה־באָב, ווען עס קומט האַלבע נאַכט,
און פול ווערט מיט רחמים דער הימל,
דאַן פאַלן צוויי שטערן אַראָפּ, און ער ווערט
פאַרוויגט אין אַ הייליקן דרימל.

דאַן נידערט די שכינה אַראָפּ אויף זיין קאָפּ
און קושט אים מיט ליבע אין שטערן,
און טרייסט אים און ווייזט אים די גאולה אין טרוים,
און ווייגט מיט באַהאַלטענע טרערן.

דוד איינהאָרן.



# סוף זומער

גאָלדענע סוף־זומערטעג,
זאָגט, וואוהין גייט איר אַוועק?

אין די פעלדער, ווי פּאַלאַצן,
שטייגן תבואות — ניט צו שאַצן.

פירן פורן ווייץ און קאָרן,
און דער פּאַסטוך בלאָזט זיין האָרן.

הערטן הויערן אין די טאָלן,
און די הויכע מילן מאָלן.

— גענז און הינער פולע הויפן
סוחרים קויפן און פאַרקויפן.

— פריי פון זאָרגן און פון טרויער
ס׳אַרא שפּע איצט ביים פּויער!

גאָלדענע סוף־זומער טעג,
קוים גייט איר אין וועג אַוועק.

— גראָז און בלעטער — גאָלד און געל
וועלקן אָפּ אויף גאָטס באַפעל.

— ביימער — ריטלאַך און ניט מער
שטאַרן שטום אַהין, אַהער.

— און דער ווינטער — קעלט און פראָסט
אָט אַ ברענט עס, אָט אַ לאָזט.

שאַרפּע ווינטן — בלוי און גרין —
ווייען, שנייען שטעכיק דין.

און אין וועלדער — האַק און זעג
האַקן, הילכן גאַנצע טעג.

אַך, איר גאָלדענע סוף־זומער טעג,
זאָגט, וואוהין גייט איר אַוועק?

נפתלי גראָס.



## אַ גליקלאַכע רייזע

סוף זומער, סוף זומער
און אָט וועלן באַלד
שוין אָנהויבן פאַלן
די בלעטער אין וואַלד.

און ס'וועט זיי פאַרקערן
דער ווינט — און אַ סוף!
חלומות אייך גוטע
אַ פרידלאַכן שלאָף!

סוף זומער, סוף זומער
אָט נאָך אַ פאָר טעג
און ס'נעמען די פויגלען
זיך קלייבן אין וועג.

און פוסט און פאַרלאָזן
אַ נעסט נאָך אַ נעסט
אַ גליקלאַכע רייזע
אייך ליבינקע געסט.

ה. רויזענבלאַט.

# הערשעלע

## א.



אין שטוב איז הערשעלע געווען ווי אַ שטאַרק אָנגעבלאָזן פּאַפּירל, זיך איינגעהאַלטן, קיין פּאַרע זאָל מען פון אים נישט הערן, אַקעגן־זשע אָבער אין דרויסן, האָט דאָס פּאַפּירל געפּלאַצט, און ס'איז אַרויס פריי אַלצדינג, וואָס אינעווייניק אין אים האָט זיך געשטיקט. דאָרט איז ער געווען אַ פייער, אַ שפּירט, איין קונדס אין דער וועלט. ער האָט זיך אײַ־בערגעשלאָגן מיט אַלע אינגלאַך און אַרויסגעוויזן זיין גרויס בריה'שאַפט. אין שטיינער וואַרפן, כאַפּן אַ ציג פאַר די הערנער און זעצן זיך אויף איר רייטנדיק. אָננעמען פּלוצים דעם צאַפּ פאַר דער באָרד און אויסרייסן אים אַ פולן הויפן האָר, שטעכן התן־כלה אינטער דער חופּה מיט שפּיל־קעס, נאָכלויפן אַ משוגענעם אויף דער גאַס, אונטערכאַפּן זיך אונטער אַ וואָגן, בשעת ער פאָרט געשווינט, — דערצו איז ער געווען איין בריה טאַקע. ווייסע־חברה האָט דאַריבער פון אים שטאַרק געהאַלטן און אים מכבד געווען מיט „כהן“ אין אַלע קונדייסקע זאַכן. אין די מלחמות צווישן די קונדייסים איז ער געווען דער גענעראַל, מיט עפּעס אַ פּאַפּירן שקאַר־מיצל פון בשמים־קרעמל אויפן קאָפּ, אַרומגעשטעקט מיט פעדערן. די גבורה און דאָס גאַנצע גרויסקייט זיינס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געהייסן איטלאַכן מקיים־פּסק זיין, גלאַט אַזוי זיך פון זיין כבוד וועגן, און אַז דער גענעראַל, הערשעלע לייזער יענקלס, האָט באַפוילן — איז מחויב געווען איטלאַכער, פון דעם קלענסטן ביז דעם גרעסטן, באַלד צו פאָלגן. בשעת פרידן, נישט קיין מלחמה־צייט, פלעגט אונזער הער־שעלע מיט דעם גאַנצן פּעקל אינגלאַך זיך אָפּגעבן מיט אַנדערע גע־שעפטן, און געשעפטן זיינען געווען זייער פיל, ברוך־השם, אין איטלאַ־כער צייט.

זומער ביטאָג פלעגט ער פירן ווייסע־חברה באָדן זיך אין טייך, וואו שטאָט־הזירים זיינען געלעגן איינגעזונקען טיף ביז איבער די אויערן, אַרויסשטעקנדיק נאָר דאָס פּיסקל. דער גאַנג אַהין איז געווען לעבע־דיק־רעשיק, טאַקע ווי מען זאָגט, בגראַנדע, נישט אויסגעלאָזן איין זאַך אויפן וועג, מען זאָל עס נישט באַרירן. יונגע גענזלאַך צעפליען זיך, אונ־טערפליענדיק אַביסל מיט די קליינע פליגעלאַך; דער גאַנער סאַפּעט, סמאָרעט מיט די נאַזלעכער, אויסקרימענדיק דעם האַלז ווי אַ „שלשלת“; דאָס קעלבל דאָרט איז זיך מטריח איפּצושטיין פונם גראָז, שטעלט אויס אַ פּאָר אויגן, רוקט זיך אויף עטלאַכע טריט אָפּ. וואַרפנדיק מיטן קאָפּ און אָנבויגנדיק דעם שטערן צו דער ערד, פאַררייסט דערנאָך דעם וויידל און אַוועק, אַוועק... חברה שפּיליעט זיך אָפּ, קנעפּלט זיך אָפּ, נאָכ־גייענדיק, אין איילעניש, אַזוי, אַז צוקומענדיק צום ברעג טייך, פאַלט פון איטלאַכן דאָס אָנטאָן פּלוצים אַראָפּ — און פּין אין וואַסער אַריין, בול־בול־בול!

צווישן מנחה און מעריב איז ווייסע־חברה זיך צונויפגעקומען אויפן יריד אין בית־מדרש, און פּאַלעש דאָרט, איטלאַכער מיט זיין סחורה און מען האָט געהאַנדלט געשמאַק. איינער ביט אַ קרומען, אַלטן טשוואָק אויף אַ מעשענעם קנאָפּ אָן אַן אויערל, דער אַנדערער טוט אַ ווייז אַ ניסל, אַ סווישטש און עס געפינען זיך דערויף צוויי שטאַרקע קונים. יענער מיט אַ גרינער פּאַטשערקע איז פאַרטיפט אין עסק מיט דעם חבר, וואָס באַרימט זיך מיט זיין נאָדל־טעשל און אַ צינערן אויער־לעפעלע. הערשעלע אונזערער איז דאָס געווען דער שאַצער און געכאַפּט פון אויבן פאַר זיין מי. געווײנטלאַך, לאָזט זיך דער יריד אויס מיט אַ קריג: קיינער איז ניט צופרידן, איטלאַכער טענה'ט, ער האָט זיך מיאוס אָפּגענאַרט, עס האַלט שוין ביים פּאַטשן זיך. עפּעס אַ קונדס מיט אַ פריש געגנזן גערגעלע טרומייטערט־צו. אַ טאַראַראַם, אַ געפילדער ביז דער שמש לויפט אין איין כעס אַרויס מיט אַ היק:

שקצים!

און חברה צעלויפט זיך, ווי די מייז, איטלאַכער אין זיין ווינקעלע.

חנוכה־צייט האָט געפּלאַקערט דאָס געשעפט מיט דריידלאַך, פּורים — מיט מאַטעריאַל אויף המן־קלעפּלאַך, שבועות־צייט — מיט אויסגעבלאָזענע אייער, צו מאַכן פייגעלאַך. הכלל, איטלאַכער יום־טוב מיט זיין מין סחורה.

ב.

קוים וואָס הערשעלע האָט דערלעבט טאָג, איז ער געשווינט אויפגעשטאַנען, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער און געלאָפן אין בית־מדרש, אין דער גיך אָפּדאַווענען, אויסער דעם, האָט ער טאַקע נאָך געהאַט עטלאַכע נויטיקע געשעפטלאַך, וועלכע ער האָט באַדאַרפט מיט זיינע חברים דאָרט אָפּאַרבעטן. די חברים זיינען אויך איצט באַצייטנס געקומען אין בית־מדרש אַריין, ווייל דער חודש אלול, ווי איטלאַכן איז באַקאַנט, איז איבערהויפּט אַ צייט, ווען פאַר אינגלאַך שטעלט זיך דער גרויסער יריד, און אַבי געזונט, מיט אַרבעט האָט מען ניט צו זאָרגן, געשעפטן זיינען, ברוך־השם, דאָ איבערן קאָפּ. מען באַדאַרף דערטאַפּן מיט קונצן דעם שופר און זיך פּרואוון בלאָזן הינטערווײלאַכץ דאָרט אין דער ווייבערשול; דערביי מוז מען פירן די „תכסיסי מלחמה“ מיט דעם שמש, וואָס ער איז דענסטמאָל דערצאָרנט און בייז ווי צען רוחות. אויך באַדאַרף מען זיין אויפן היליקן אָרט, אויפן פעלד, ס'איז דאָך דאָרטן עפּעס דאָ אַ בוים מיט כל־נדרי־באַרלאַך. הײנט איז דאָך אויף דער וועלט עפּעס אויך דאָ אַ וועלדל מיט ניס־ביימער, ערשט צייטיק געוואָרענע, מען מוז גיין רייסן, אָנשטאָפּן פולע פּלודערן... געלויבט איז גאָט, וואָס אונטער אַזאַ צייט מיט אַזוי פיל וויכטיקע געשעפטן איז מען נאָך כאָטש פריי, פּטור פון לערנען.

אַ טאָג איז דענסטמאָל געווען זייער אַ שיינער, ווי עס גיט זיך אויס אַמאָל אין אלול, איינער פון די ג ע ש אָ נ ק ע נ ע טעג. נאָך גאַנץ פרי האָט פון איר געצעלט דאָרט ביים עק הימל אַרויסגעשיינט די זון

מיט איר ליכטיק פנים און, צעטרייבנדיק ביסלאַכווייז דעם פריש־קילבלאַכן נעפל, זיך געשפיגלט אין טוי־טראָפּנס, וואָס האָבן געפינקלט, גע־שפילט אין אַלערליי קאָלירן, ווי די בריליאַנטן. די שאָטנס רוקן זיך מיט דרך־ארץ טריט־ביי־טריט אַלץ צוריק. און וואָס ווייטער, וועגט העלער און העלער, פריילאַך סווישטשען די וואָראָבייטשיקעס, אונטער־שפרינגנדיק מיט די דינע פיסלאַך אויף די דעכער, אויף די פלויטן, דאָס — צונויפלויפן זיי זיך פעקלאַכווייז אינײנעם, עפּעס האַמפּערט מען זיך איבער אַ קערנדל, עפּעס שמועסט דאָ „קהל" איבער זייער אַ וויכטיקער זאַך, און דאָס — צעלויפן זיי זיך אין באַזונדערע פּאָרלאַך, טאַנצנדיק איטלאַבער אַנטקעגן זיין באַשערטער, ווײטן זיך, האַלזן זיך, ליובען זיך, צאַפּלען זיך, פלאַטערן מיט די פליגלאַך — און פּיק, פּיק אין קעפּל. מעקנדיק, לויפן ראַפּטאָם ציגן פון אַלע געסלאַך אַהין, וואו עס פאַר־קלייבט זיך די טשערעדע, פון דאָרט גייט זי איבער גאַנצן טאָג אַוועק אין פעלד אַריין. די פאַרשייטע ציגן, די שקצים, שפרינגען רעשנ'דיק פאַרריסן די ווידעלאַך, העט פאַרויס. די קי רירן זיך פאַמעלאַך מיט סטאַטיק, ניט געאיילט, צוניגנדיק מיט די קעפּלאַך, ווי פיינע בעל־הבית־טעס, רואיק, שטיל, נאָר עטלאַבע פאַרדרייען אַהינטן די קעפּ און לאָזן אַרויס ווי פון אַ צעשפּאַלטענעם שופר אַ הייזעריקן, אַ קיאיש־נאַרישן „מע", גלאַט אַזוי זיך, אַ גרוס גאָר פריינטלאַך דאָס גאַנצע שטעטל אידן, אָדער אַ זיי־געזונט די פאַרבליבענע קעלבלאַך. שאָקלנדיק זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער, פירט דער גאַנער זיין גאַנץ געזינטל יונגע גענזלאַך, וואָס ערשט אַריין אין די פעדערן, בלאָזט פון זיך אַ שרעק, גאַ־גאָטשעט, שטרעקט דעם האַלז, פאַרוואַרפנדיק מיטן קעפּל און לאָזט זיך מיט דער קאָמפּאַניע אַראָפּ אַהין צום וואַסער.

דער טאָג איז שיין, ליכטיק, ווי הערשעלען איבן האַרצן. הערשעלע שפּיליעט אויף גייענדיק דאָס קאַפּאָטקעלע, שטרעקט אויס די הענט צו כאַפּן די לאַנגע שניי־ווייסע פעדעם, וואָס טראָגן זיך אַרום אין דער לופט, ווי דינע שפינוועבס; פאַרקוקט זיך אויך אויף די טויבן, וואָס שוועבן, דרייען זיך העט אין דער הויך מיט אויסגעשפּרייטע פליגעלאַך, ריין־קלאָר גלאַנצנדיקע, גאָלד און זילבער — און ער האָט הנאה, ס'איז אים עפּעס גוט, גרינג אויף דער נשמה. ער פילט, אַז היינט איז ער גליקלאַך. די געשעפטן זיינע האָט ער, געלויבט איז גאָט, אָפּגעאַרבעט נאָך בעסער ווי געוואונשן. ער איז פריי, ס'איז יום־טובדיק גוט אַרום און אַרום.

מענדעלי מוכר ספרים.



דער בעל־תקיעה גיט אַ בלאָז;
עס פאַלט אַ טריבער וועטער,
עס וועלקט אין פעלד דאָס יונגע גראָז,
דער בוים פאַרלירט די בלעטער.

די ערד שטייט הויל און נאַקעט באַלד,
אַ סוף איז צו איר יחוס;
דער פויגל זינגט אין גרויסן וואַלד
און וועקט און רופט צו סליחות.
ער זינגט אי אומעטיק, אי זיס:
אַ געזעגן־ליד מסתמא;
דאָס גיט אַ נעם, דאָס גיט אַ ריס,
אַ ריס ביי דער נשמה!

עס רוישט דער וואַלד, עס ווייעט דער ווינט,
די האַק קוקט אָן דעם שומר;
דאָס קומט אַ יום־הדין אַצינד
אויף בוימלאַך און אויף בוימער.

מאָריס ראָזענפעלד.

## ימים נוראים



### 1. סליחות

עס גייט דער אַלטער שמש פונם אַלטן בית־מדרש אין דער פינסטערער נאַכט אַרויס, האַלט דעם אָנגעצונדענעם לאַמטערן קעגן פּנים, וואָס באַלייכט זיין לאַנגע, ווייסע באָרד און ער זוכט דעם וועג צו די אידישע הייזער.

אָן אומעטיק רוישן פון די ביימער טראָגט זיך פונם וואַלד דורך דער פינסטערניש. דער שמש שטעלט זיך אָפּ לעבן אַ הויז, קלאַפּט אָן אין די לאָדנס און שרייט אויס מיט אַ קול, ווי פון יענער וועלט:

„שטייט אויף צו סליחות! שטייט אויף צו סליחות!“

גייט פון דעם הויז צו אַ צווייטן, צו אַ דריטן, קלאַפּט און רופט צו גאָט מיט זיין אומהיימלאַך קול אין דער פינסטערער נאַכט.

און עס באַווייזן זיך פייערלאַך אין די פינסטערע פענסטער, און אַ שליאָפּן פון באָרוועסע פיס דערהערט זיך פון די הייזער, און אַ הוסטן.

און שפּעטער אַ ווײַלע, ווען דעם שמש'ס קול טראָגט זיך אויף אַ צווײ־טער גאַס, טרעטן אַרויס פֿון די אידישע הײַזער טונקעלע שאָטנס, אי גרעסערע, אי קלענערע, מיט לאַמטערנס און באַוועגן זיך מיט פֿאַר־שלאָפֿענע טריט, מיט אַ הוסטן און זיפֿצן, צום בית־מדרש, וועלכער שטייט איצט אינגאַנצן באַלויכטן מיט אַ מין הייליקן שײַן אין מיטן דער אַרומיקער פֿינסטערניש.

און אָט הילכט די פֿינסטערע נאַכט מיט איין צונויפֿגעגאָסענעם געשרײ פֿון אידישע טאַטעס און קינדער, וואָס רײַסט זיך פֿונם בית־מדרש אַרויס מיט אַ זיפֿצן און קרעכצן.

## 2. ערב ראש השנה

די עלטערע אינגלאַך זײַנען פֿרימער געוואָרן אין דער דאָזיקער צײַט, האָבן געדאַוונט מיט מער כּוונה און זיך געהיט פֿאַר עבֿירות.

שטייט אַ אינגעלע און דאַוונט. דאָס אינגעלע איז אַ יאָר צען אַלט, בלייך און מאָגער, אין פֿאַרלאַטעטע הויזן. ער האַלט אַ סידור אין די הענט און דאַוונט מיט כּוונה, הויך אויפֿן קול.

קומט אַרײַן זײַן מאַמע פֿון דרויסן, פֿאַרהאַוועט, מיט אַ קערבעלע אין די הענט, מיט אַ פֿאַטשיילע איבער די אַקסלען און אַ טיכל אויפֿן קאָפּ. זי טוט אַ שטעל דאָס קערבעלע אויפֿן טיש און הייבט אָן אַרויס־צוליגן פֿון דאָרט לעקעכלאַך, צײלט זיי מיט אַ שעפּטשען. איבערגעצײלט, ליגט זי זיי צוריק אויס אין דעם קערבעלע און קוקט זיך אומרואיק אַרום אויף אירע קלענערע קינדער, וואָס שלאָפֿן נאָך: איינס אין אַ וויגל און צוויי אויף אַ קאַנאַפּע. זי דאַרף היינט אויפֿן מאַרק, אַרויסשטעלן איר טישל.

זי גייט צו צו די שלאָפֿעדיקע קינדער, גלעט זיי און וועקט זיי:

— קינדערלאַך, שטייט אויף! אַ גוטינקן, גוטינקן יאָר זאָלט איר האָבן, פֿייגעלאַך מײַנע, איך פֿאַרשפּעטיק איבער אײַך...

און בעת זי איז דאָרט פֿאַרנומען מיט די קלענערע קינדער, דאַוונט דערווײַל דאָס עלטסטע אינגל פֿון דעם סידור און באַפּט יעדע ווײַלע אַ קוק אויף די לעקעכלאַך אין דעם קערבל... זיי ציען אים צו זיך און טומלען זײַן מוח...

אין זײַן קליין הערצעלע שלאָגן זיך אַרום דער יצר־הרע און דער יצר־טוב:

„אַזוי געשמאַק! נעם!" — טענה'ט דער יצר־הרע.

„מען טאָר ניט, דאָס איז גנבֿה, אַזאַ עבֿירה!" — ענטפֿערט דער יצר־טוב.

און דאָס אינגל שטעלט זיך מיטן רוקן צום קערבעלע, מאַכט צו די אויגן און דאַוונט העכער.

„דו וועסט דערנאָך זאָגן דער מאַמען, וועסט בײַ איר מחילה בעטן. אַזוי געשמאַק, אַזוי זיס!" — לאָזט אים ניט אָפּ דער יצר־הרע.

ער גנבֿ'עט זיך צו הינטערוויילאַכטס צום טיש, די אויגן אויף דער מאַמען אויסגעשטעלט מיט מורא, טאַפּט אָן מיט הינטן אַרום אַ לעקעכל

אין קערבעלע, שלעפט עס פארזיכטיק ארויס און באהאלט עס פלינק הינטערן ארבע־כנפות. ער דאוונט ווייטער, אבער שוין צעטומלט, ניט מיט אזא כוונה ווי פריער.

די מאמע מיטן קערבל איז אוועק. דאס אינגל האט אפגעדאווענט, איז ארויס מיטן לעקעכל אויף דער גאס. ער גייט אין חדר. ער גייט און טראכט: עסן, צי ניט? „יא עסן!" — „נישט עסן!" — „אזוי געשמאק!" — אבער אזא עבירה! צו־להכעיס דעם יצר־הרע וועט ער נישט עסן, אט הוקא ניט! „אזוי געשמאק, אזוי זיס!" — איכ׳ל דער־ציילן דער מאמען: „מאמע איך האב א לעקעכל גענומען"...

גענומען? — גע׳גנב׳עט! גע׳גנב׳עט! — האט ער זיך גענומען בייזערן אויף זיך אליין אין די מחשבות. — דאס איז גנבה!

ער דערזעט פלוצים זיינעם א חבר, וואס גייט מיט אים אין איין חדר — שלמה׳קעלע די ווילדע בריאה. דער דאזיקער שלמה׳קעלע איז טאקי א ווילדע בריאה. וואו א פארקאן, דארט קריכט ער. דערזעט ער א ציג, מוז ער אויף איר פארן רייטנדיק. אויף א וואגן מוז ער זיך אנ־הענגען. אין בית־המדרש שלאגט ער זיך תמיד מיט די אנדערע קינדער און גייט שטענדיק ארום מיט א צעריסן היטל און א געקראצט פנים. אבער איצט, פאר ימים נוראים, האלט זיך שלמה׳קעלע אויך גאר אנ־דערש, שטיל געווארן ווי א טויב.

— שלמה׳קעלע, איך האב א לעקעכל!

— וואו?

— אט דא!

— גיב א שטיקעלע!

— מען טאר נישט...

— פארוואס?

— מען טאר נישט... איך האב גענומען שטילינקערהייט...

— אוי! — טוט זיך שלמה׳קעלע א כאפ — גנב!

— נישט ביי א פרעמדן, ביי מיין מאמען.

— אלין איינס א גנב... מען טאר נישט. פרעג אפילו דעם רבי׳ן. גיי, גיב אוועק צוריק!

— איך האב אליין געוואלט גיין און אפגעבן צוריק. דערפאר האב איך דאך דיר געזאגט, אז מען טאר נישט...

— עפעס א גוט לעקעכל? — פרעגט מיט אמאל שלמה׳קעלע — עס קארטשעט דיר עפעס אויפצועסן אים, הא? גיב א קוק טאן!

— מען טאר נישט! — טוט יענער א שאקל דעם קאפ, און לאזט זיך שנעל לויפן צום מארק צו.

דארט שטייט זיין מאמע ביי איר טישל מיט לעקעכלאך, קאנפעקטן און קוואס. צוגעלאפן צו איר, שטעלט ער זיך אפ, שלעפט ארויס פון אונטערן ארבע־כנפות דאס לעקעכל, דערלאנגט זיין מאמען און קוקט נישט אויף איר.

— וואו האסטו עס גענומען? — פרעגט זי אים.

— גענומען... — שטאַמלט ער, ציט אויס דעם מאָגערן אָרעם איבערן פּנים, רייבט די נאָז אָן אים און כליפּעט.

— וואָס וויינסטו?

— איך האָב גענומען פון דיין קאַשאָלקע — כליפּעט ער ווייטער, און זיין אויסגעצויגענער אָרעם איז שוין קעגן זיין שטערן, און ער קוקט פון אונטער אים אויף זיין מאַמען מיט אַ פאַרקרימט פּנים און וואַרט אויף אַ פּאַטש.

די מאַמע אָבער פּאַטשט אים ניט. זי האָט אים נאָר אויסגערעדט:

— נישט שיין, זון מיינער, אַן עבירה... איך וואָלט דיר אַליין געגעבן...

און די דאָזיקע גוטע רייד אַנשטאָט דעם פּאַטש, וואָס ער האָט דערוואַרט, האָבן אים גאָר איינגאַנצן צענומען, און ער האָט זיך נאָך העכער צעוויינט, רחמנות'דיקער, מיט אמת'ער חרטה אין האַרצן.

דאַן האָט אים די מאַמע ביידע באַקן אַ גלעט געטאָן: „שאַ, שאַ. דו וועסט שוין דאָס ווייטער נישט טאָן", אַריינגעשפּאַרט אים דאָס לעקעכל אין הענטל און געזאָגט:

— נו, גיי אין חדר, אַ זיס יאָר זאָלסטו האָבן!

און ער איז אַוועק פון איר מיט שיינענדיקע איגלאַך. פאַר שמחה האָט ער אַזש גענומען פאַבריקעווען ווי אַ יונג קעלבל.

## 3. יום־כפור

אין בית־המדרש איז היים און שטיקנדיק. הונדערטער וואַקסענע ליכט ברענען אויף די טישן אין ליימענע טעפּלאַך, און פון זיי ציען זיך אין אַלע זייטן לאַנגע, שמאָלע, ציטערנדיקע, ברענענדיקע צינגעלאַך און פילן אָן די לופט מיט אַ וואַרימען זיסלאַכן וואַקס־גערוך.

צענדליקער ברענענדיקע הענג־לייכטער און לאָמפּן גיסן זייער שיין אויף די מענטשן אין די ווייסע קיטלען, וואָס שאָקלען זיך און קרעכצן און יאָמערן און שרייען אַריבער די ילֿלות, וואָס טראָגן זיך פון דער ווייבערשער שול.

פאַר דעם עמוד שטייט מאָטל הנה־הבירה'ס, ניט מאָטל דער אָרימער קרעמער פון אַ גאַנצן יאָר, וואָס שלאָגט זיך אַרום איבער מאַרק פאַר אַ קאָפּיקע לייזונג, נאָר אַן אַנדער מאָטל, דער שליח־צבור, וועלכער וויינט אויס ביי גאָט פאַרגעבונג אויף די זינד פון כלל־ישראל. ער שטייט פאַרן „עמוד" אין דעם ווייסן קיטל, דעם קאָפּ אונטערן טלית אָפּגעוואָרפן אַהינטער, דער פּנים מיט פאַרגלאָצטע אויגן פאַרריסן אַרויף, ביידע הענט אויסגעשטעלט קעגן די ליכט, וואָס ברענען אויפן „עמוד", און טענה'ט, און בעט זיך, און וויינט אַזוי האַרציק:

— אָנא, סלח־נא לעון העם הזה — פאַרגיב, גאָט, די זינד פון דעם דאָזיקן פאָלק, כגודל החסדך — אַזוי ווי גרויס עס איז דיין גענאָד...

און אַ העכערער קרעכצן ענטפערט אים אָפּ. און אַ העכערער יאָמער, און אַ האַקן אין די הענט, אויף די סטענדערס, אַ זעצן זיך אין דער ברוסט, און אַ פּאַטשן אין די הענט. און ילֿלות פון דער ווייבערשער

שול, און די קול'כעלאַך פון די אינגלאַך, וואָס שטייען לעבן זייערע טאַ־טעס און זיידעס, קוקן אַריין אין די מחזורים און שפּירן גאָט און די מלאָכים, וואָס קוקן אויף זיי אַרונטער פון דער ווייטער הויכקייט. און די דאָזיקע אַלע קולות ברעכן דורך די ווענט פון׳ם בית־המדרש, רייסן זיך אין דעם טונקעלן דרויסן אַרויס און טראָגן זיך העט צום הימל אַרויף...

שטיל איז אין דעם שטעטל אין דער נאַכט פון יום־כיפור.

און אויף מאָרגן דעם גאַנצן טאָג איז אינם שטעטל שטיל. אַלע זיי־נען אין די בתי־מדרשים. אויפן מאַרק זעט מען ניט קיין לעבעדיקן מענטשן.

און די בתי־מדרשים זיפצן, כליפּן, שרייען צום הימל. אויף די טישן ברענען נאָך פון נעכטן די גרויסע וועקסענע ליכט אין די ליימענע כלים. עס דריקן די אידן אין די קיטלען די ברענענדיקע שטערנס צו די קילע ווענט, קלאַפּן זיך אין די הערצער און כליפּען שטילערהייט.

עס קלאַפּן די אידן אויף די סטענדערס, פּאַטשן אין די הענט, שאָק־לען זיך און שרייען, אַנדערע שוין הייזעריק. עס פאַלן די אידן כורעים, דריקן די שטערנס צו דער פּאָדלאָגע און בעטן, בעטן... עס כאַפּן אונ־טער די אידן דעם סקאַרבאַווען שטייגער פון דעם בעל־תפילה, צושאָק־לען זיך און העלפן אים אונטער מיט וויינענדיקע טענער:

— אַי־אַי־אַי!...

---

מען זאָגט שוין נעילה. באַלד וועלן זיך די טויערן פון געבעט אויפן הימל פאַרשליסן, און דער עולם, וואָס האָט זייט נעכטן פאַרנאַכט גאָר־נישט אין מויל געהאַט און פילט זיך זייער אָפּגעשוואַכט, נעמט צונויף זיינע לעצטע כחות, אום צו לאָזן זיך נאָך העכער, כל־זמן די טויערן אויפן הימל זיינען נאָך אָפן...

מאָטל חנה־דבורה׳ס שטייט פאַרן עמוד, און די פיס בויגן זיך ביי אים פאַר שוואַכקייט. ער איז הייזעריק, אָבער ער האָט נאָך טרערן אין דעם האַרציקן אידישן קרעכץ, טראָגט זיך איצט זיין הייזעריק קול פול טרערן און געוויין.

שמערל דער שוסטער, וועלכער קען אַלע מאָטלס „שטיקלאַך" און האָט אַ געשמאַקן באַריטאָן, רוקט זיך איצט נעענטער צום עמוד פון הינטער יענער זייט בימה, וואו ער האָט זיין „שטאָט", און הויבט אָן אונטערצוהעלפן. הודיעט זיין באַריטאָן איבערן בית־המדרש ווי אַ גלאָק, און מאָטל אַליין ווערט אויך לעבעדיקער, און זיין קול, דאַכט זיך, ווערט לויטערער.

נאָך דער נעילה׳דיקער שמונה־עשרה טוט עפּעס פּלוצים ווי אַ וויי אַ פריש ווינטעלע איבערן בית־המדרש — באַלד איז שוין נאָך יום־כיפור. ביי אַ סך ווייזט זיך אַ פריילאַכע מינע אויף די בלייכע פּנימ׳ער. די אינגלאַך הויבן אָן צו שטיפן. ווי די זון פון הינטער אַ וואָלקן טרעט אַרויס פאַר זיי דער פריילאַכער שמחת־תורה מיט די באַנערן און די הקפות און די טענץ.

לעאָן קאָברין.

# דאָס פאַרלאָשענע ליכט

היינטיקס יאָר אַזוי ווי תמיד,
ווען יום־כיפּור קומט, ביין עמוד
שטעלט די פרומע חנה־לאה
זיבן וואַקס־ליכט אין איין רייע —
זיבן ליכט פאַר זיבן קינדער.
און עס זאָל פון זיי ניט מינדער
חס וחלילה קיינער ווערן...
היינטיקס יאָר, געווייקט אין טרערן,
שטייט זי אין שול צובּיטערט,
און איר האַרץ פון שרעק ציטערט.
און זי כליפּעט אויף איר מחזור:
„גאָט, צי וועסט אַזאַ'ן אַכזר
זיין און מיין געבעט פאַרשעמען
און מיין עופה'לע מיר נעמען,
מיין מוזיניקל דעם ליבן,
וואַס דערהיים איז קראַנק געבליבן?"
אין שול די מאַמע כליפּעט,
אינדערהיים דאָס קינד אירס כריפּעט,
זיך מיט די לעצטע כוחות מאַטערט,
צווישן טויט און לעבן פלאַטערט.
דאָך די אויגן פון דער מאַמען
קוקן אויף די זיבן פלאַמען,
און זי ציילט זיי: „זיבן... ריכטיק...
אַלע ברענען קלאָר און ליכטיק,
העל פון יעדן קנויט דער גלאַנץ נאָך,
אַלע קינדער זיינען גאַנץ נאָך"...

ווען די זיבן פלאַמען שטילע
וועלן ציען איבער נעילה,
וועט זי קלאָר און זיכער וויסן,
אַז מען האָט דעם גזר צעריסן.
אָבער פּלוצלונג..., וואָס באַמערקט
זי:
איינער פון די קנויטן פינקלט
שוואַכער, שוואַכער... ווערט פאַר־
טונקלט,
צאַנקט און ציטערט און זיך ראַנגלט,
ווי עס וואָלט אים לופט געמאַנגלט,
ווי די נוצלאָזע מלחמה
פון אַן אַרימער נשמה,
ווען דער טויט מיט שוואַרצע פליגלען
קומט איר גורל צו פאַרזיגלען...
שרעק פאַרפרירט דאָס האַרצנס בלוט
איר,
און די וויינענדיקע מוטער
לויפט אַהיים צום קינד אָן אָטעם.
דאָך דער מלאַך־המות האָט אים,
איידער זי איז געקומען,
ס'יונגע לעבן צוגענומען.
ס'קלאָגט די מוטער אויפן טויטן...
אין דער שול פון זיבן קנויטן
ברענען זיינען זעקס געבליבן —
שוואַרץ איז איינער פון די זיבן...

יהואש.

## די תפילה פון אַ פאַסטוך־אינגל

דעם גאַנצן טאָג פון יום־כפּור האָבן אידן פאַרבראַכט אין שול, און דעם גאַנצן טאָג האָט זיך געטראָגן אין הימל צום פאָדערפאַלאַין די אי־דישע תפילה און די אידישע תשובה, קרעכצן, קלאָגן און געוויינען; עס האָבן זיך געטראָגן אָפּגעריסענע פון דער נשמה, אויסגעליטערטע דורך פיין און צער, זינד און חטאים און דאָס אַלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן אין אַ מוזיק פון אַ נישט־ערדישן ליבּ־ליד דער ליכטיקייט און רעכטפאַרטי־קייט.

אין אַ וויטן ווינקל פון שול איז געזעסן יאַנקל דער קרעטשמער, וואָס האָט זיך אַפילו צווישן די קרעטשמער גערעכנט פאַר אַ גראָבן

עם־הארץ. ביי אים איז געווען אַ בן־יחיד, אַ אינגל פון אַ יאָר צוועלף, וועלכער איז געווען אַזוי פאַרגרעבט, אַז מען האָט אים בשום אופן ניט געקאָנט אויסלערנען דעם אַלף־בית. יאַנקל האָט מורא געהאַט, אַז ווען ער לאָזט איבער דעם אינגל אַליין אין דאָרף, וועט ער עסן אום יום־כיפור, האָט ער אים גענומען מיט זיך און געהאַלטן אים לעבן זיך אין שול. דאָס אינגל האָט די גאַנצע צייט געזעסן, ווי הונדערטער מענטשן, אויסשפרייטנדיק די הענט אין דער הויך, קלאָגן און בעטן מיט גרויס האַרציקייט — און אין זיין שטומער נשמה האָט זיך אויך אויפגעוועקט אַן אומבאַוואוסטזיניקער דאָרשט צו דערהויבונג און צו תפילה. נאָר ניט וויסנדיק קיין שום הייליק וואָרט, האָט ער ניט געהאַט, מיט וואָס אויסצודריקן זיין בענקשאַפט.

און ער האָט געשוויגן און געמאַטערט זיך.

אַראָפּלאָזנדיק די האַנט אין קעשענע, האָט ער דאָרט געפונען אַ ליימען פייפל, מיט וועלכן ער האָט געפייפט אין פעלד, צונויפרופנדיק די בהמות און אים האָט זיך געגלוסט אַ פייף צו טאָן. ער האָט געזאָגט צום פאָטער:

— טאַטע! איך האָב מיט זיך אַ פייפל, איך וועל אַ פייף טאָן!

דער פאָטער האָט אויף אים אָנגעשריען און שטרענג פאַרבאָטן צו פייפן. אָבער דער ווילן צו פייפן האָט זיך ביים אינגל אַלץ געשטאַרקט, און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער ווידער געבעטן דעם פאָטער, ער זאָל אים ערלויבן צו פייפן. דער פאָטער האָט נאָך שטרענגער אָנגעשריען אויף אים און געדראָט אים צו שלאָגן. אָבער אַז ס'איז געקומען צו נעילה און די שול האָט זיך ווידער צעגאָסן אין געבעט, האָט זיך ביים אינגל דער דאָרשט צו פייפן אַזוי פיל געשטאַרקט, אַז ער האָט אויסגעשריען צום פאָטער:

— טאַטע! איך קאָן זיך ניט איינהאַלטן! איך וועל אַ פייף טאָן!

און ער האָט אַרויסגעכאַפּט דאָס פייפל, האָט זיך צוגעזויגן צו אים מיט די ליפּן און האָט אַרויסגעגעבן אַ שטאַרקן און אַ לאַנגן פייף, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט די גאַנצע התלהבות און הייליקע אָנשטרענגונג פון זיין שטומער נשמה.

און דער פייף פון דעם אינגל האָט דורכגעהאַקט אַלע הימלען, אַריין מיט אַ שטורם אין פּאָדערפאַלאַץ און צוזאַמען מיט די תפילות פון דעם עולם אַריינגעטראָגן זיך צום כיסא־הכבוד.

ש. אנסקי.

## ניסים אויפן ים

אין דער מדינה האָלאַנד, אין אַ האַלב איינגעזונקן הייזל ביים ברעג פון ים האָט געוואוינט אַ אידישער פישער מיטן נאָמען סאַטיע. פון אָבות אבותיו אַ פישער. פאַרברענגט טעג און יאָרן אויפן ים. סאַטיע כאַפּט פיש, דאָס ווייב זיינס שטריקט נעצן און פירט די שטוב, די קליינע קינדערלאַך וואַלגערן זיך אין זאַמד און זוכן בורשטין... און אַז סאַטיע גייט אויפ'ן ים און עס מאַכט

זיך א שטורמווינט, עס ווערט סכנות־נפשות, קען ער אפילו קיין שמע־ישראל ניט זאָגן.

און פון וואַנען האָבן זיי געוואָלט וויסן מער? צופוס גיין אין קהילה אליין —איז ווייט, פאַרן האָט די אָרימע פאַמיליע, וואָס האָט קוים פּרנסה געהאַט, נישט געקאָנט, און אַהין דעם, לאָזט דער ים נישט אוועק. סאַטיעס פאָטער, סאַטיעס זיידע, און עלטערזיידע זיינען אומגעקומען אויפן ים, נאָר אַזאַ כח האָט ער שוין, דער ים: ער איז דעם מענטשנס געפערלאַכסטער שונא, און — ליב האָט מען אים, און ציען ווערט מען צוגעצויגן צו אים ווי מיט צוואַנגען... און מען קען זיך פון אים ניט אָפּרייסן, וויל מען לעבן אויף אים און אונטערגיין אין אים...

נאָר איין אידישער מנהג איז אין דער משפחה געבליבן — יום־כפור!

ערב יום־כפור אינדערפרי האָט מען אויסגעקליבן דעם גרעסטן פיש און די גאַנצע משפחה איז געגאַנגען מיטן פיש אין שטאָט אַריין, און אָפּגעגעבן האָט מען דעם פיש דעם קהל'שן שוחט, ביי וועלכן מען פלעגט זיך פאַרפאַסטן און עסן נאָכן תענית.

יום־כפור ביים דאַוונען פלעגט דעם פישערס משפחה זיצן אין בית־המדרש און קוקן צום ארון־קודש; דאַוונען האָבן זיי נישט געקאָנט. טייבעמאַל פלעגט סאַטיע פאַר מידקייט איינדרימלען, האָט אים א שכן, מיט אַן עלנבויגן ציב אויפשטיין געוועקט.

און באַלד נאָך יום־כפור פלעגט סאַטיע מיטן ווייב און מיט די קינדער־לאַך זיך אויפהייבן, געזעגענען זיך מיטן שוחט און זיין הויזגעזינט און אוועק־גיין און וואַנדערן א גאַנצע נאַכט צום ים. נישט „אַהיים" פלעגט מען זאָגן, נאָר — „צום ים".

קיין בעל־דברן איז סאַטיע נישט; דער ים לערנט שווייגן, נאָר די שטאָט האָט ער פיינט: ענג, אַן לופט און אַן הימל. א פאַסיקל צווישן דאַך און דאַך... אויפן ים אָבער א רחבות... עס עטעמט זיך.

— עס איז דאָך אייער שונא... אייער טויט! טענה'עט מען צו אים.

— אָבער א גוטער טויט!

ער וויל האָבן זיין פאָטערס און זיין זיידענס קבר — איינגעשלונגען ווערן געזונטערהייט פון ים, נישט קרענקען און גוסס'ן א צייט לאַנג אויף א בעט...

און מען גייט צופוס אַהיים, צום ים...

און אַז מען גייט צופוס איבער נאַכט, און עס הויבט אַן גרויען דעם טאָג, און מען דערזעט דעם גאָלדענעם אָפּגלאַנץ פון זאַמדיקן ברעג, און דערנאָך בליצט אויף דער שפיגל פון ים, דערפרייט מען זיך, פּאַטשט מען מיט די הענט...

און אַזוי גייט עס פון יאָר צו יאָר...

ויהי היום, איינמאַל פאַרטאָג, קוים געררויטלט האָט זיך דער מזרח, שטיל וועקט זיך אויף דער ים, קוים ער אָטעמט, קוים עס הערט זיך זיין ברומען, ער ציט זיך פויל און נאָך פאַר'חלומ'ט אויס און ציט זיך איין... וואו נישט־וואו פלאַקערט אין דער בלויער לופט א ווייסע פאַר פליגל, שרייט אויף אַן עוף... און ווייטער שטיל... שטילע גלאַנצן פליען איבערן ים, גאָלדענע פלעקן גליטשן זיך איבערן געלן זאַמד, פאַרמאַכט זיינען די שיפער־שטיבלאַך איבערן ברעג, נאָר איין טיר סקריפּעט, — סאַטיע גייט אַרויס...

ערב יום־כפור איז היינט, פרום און ערנסט איז זיין פנים, שטיל לויכטן אים די אויגן: ער גייט טאָן אַ מצוה — כאַפּן אַ פיש אויף יום־כפור!

און ער גייט צום שיפל צו און נעמט אָן די קייט, מיט וועלכער עס איז געווען צוגעבונדן צום ברעג. די קייט קלינגט, און קולות דערהערן זיך רעכטס און לינקס:

— ניטע, ניטע!

דאָס רופן אים די שכנים, וואָס האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ פון די קליינע פענסטערלאַך.

רואיק און שטיל ליגט ווייט און ברייט אויסגעגאָסן דער ים, צוזאַמענגעגאָסן מיטן זוים פון פרישן, לאַבנדיקן, פריילאַכן הימל... קוים ער אָטעמט, דער ים, קוים ער רונצלט זיך ביים ברעג, און ווי ביי אַ גוטער באָבן, טאַנצן ליכטיק־גלאַנציקע שמייכלען צווישן די רונצלען... און עפּעס מורמלט ער, אַ באָבע־מעשה דערציילט דעם ים די צעוואָרפענע, מיט לאַנגע וואַסער־פלאַנצן, ווי מיט האָר באַוואַקסענע און שטיקער פעלזן, און ער גלעט זיי איבער די האָר שמייכלנדיק, שפּילנדיק — דער פישער אָבער קען בעסער דעם ים, און ער גלויבט אים נישט.

— ניטע...

דער ים וויגט זיך און וועט זיך צעוויגן, און פּלאַצן וועט דער ליכטיקער שפּיגל, און פון שפּיגל וועט ווערן אַ געשריי און געפּילדער, און פון רונצלען וועלן אויפשטיין וואַלן, וואָס וועלן שלינגען שיפלאַך און שיפן, ווי קליינע פיישלאַך דער לויתן...

— ניטע...

און אַ באָרוועסער אַלטער מאַן, מיט אַ פלאַטערדיקן גרויען קאָפּ אָן אַ היטל, מיט אַן איינגעשרומפּן פנים, ווי דער ים, נאָר אָן זיין פאַלשן, זיסן שמייכל, — קומט אַרויס פון אַ שטיבל, גייט צו סאַטיען צו און לייגט אים אַרויף די האַנט אויפן אַקסל: — זע!

און ער ווייזט אים אַ קליין שוואַרץ פינטעלע, וואָס נאָר אַ פישער־אויג קאָן דערזען אויפן זוים פון הימל.

— פון דעם וואַקסט אַרויס אַ וואָלקן...

— כ'וועל פריער צוריק אין דער היים זיין, — ענטפערט סאַטיע: — איין פיש וויל איך נאָר כאַפּן.

און ערנסטער ווערט דאָס פנים ביי זיין אַלטן שכן.

— האָסט אַ ווייב און קינד, סאַטיע!

— און גאָט אין הימל! — ענטפערט סאַטיע מיט בטחון; ער גייט זיין מצווה טאָן... און ער שטופּט אָפּ דאָס שיפל און שפּרינגט אַריין...

און לייכט ווי אַ פעדער טראָגט זיך סאַטיעס שיפל איבערן ים, און דער ים וויגט עס אַרום זיס־ברומענדיק, אַזוי ליבלאַך און זוימט עס און וויקלט עס אַרום מיט די שענסטע פערל, וואָס ער פאַרמאָגט — און דער אַלטער פישער שטייט אויפן ברעג און קוקט אים מיט שרעק נאָך.

לייכט טראָגט זיך סאַטיעס שיפל איבערן ים — געשיקט וואַרפט סאַטיע אַראָפּ זיין נעץ און שווערער און שווערער ווערט די נעץ, און מיט אַלע כחות ציט ער זי קוים אַרויס און געפינט אין איר וואַסער־פלאַנצן, ים־שטערן, — נאָר נישט קיין איינציקן פיש...

דער אַלטער פֿישער אויפֿן ברעג האָט דאָס שיפֿל שוין פֿאַרלוירן פֿון אויג, סאַטיע ציט שוין צום דריטן מאָל און צום פֿערטן מאָל אַרויס די נעץ; נישט ליידיק איז זי אַרויסצוציען. אַלערליי וואַסער־פֿלאַנצן האָבן זיך אין אירע אויגן פֿאַרפֿלאָכטן — נאָר קיין איינציקער פֿיש...

דער אַלטער פֿישער אויפֿן ברעג האָט דאָס שיפֿל שוין פֿאַרלוירן פֿון אויג, סאַטיע ציט שוין צום דריטן מאָל און צום פֿערטן מאָל אַרויס די נעץ; נישט ליידיק איז זי אַרויסצוציען. אַלערליי וואַסער־פֿלאַנצן האָבן זיך אין אירע אויגן פֿאַרפֿלאָכטן — נאָר קיין איינציקער פֿיש...

און דער ים ווינט זיך און צעוויגט זיך וואָס אַמאָל שטאַרקער, און אויפֿן הימל איז שוין אַרויסגעשוואומען די זון. נאָר פֿייכט איז איר גלאַנץ — אַ פֿאַר־וויינטע זון; און דאָס שוואַרצע פּינטעלע אין עק הימל האָט זיך געצויגן האַרט ביי דער זון, ווי אַ ברוינע שלאַנג, און ווערט טונקעלער און רוקט זיך צו דער זון...

עס איז שוין האַלבער טאָג, און סאַטיע שווימט און שווימט. פּרוּווט און פּרוּווט דאָס מזל.

— גאָט, טראַכט ער, וויל נישט איך זאָל דאָס יאָר מקיים זיין די מצווה. און טרויעריק ווערט אים אויפֿן האַרצן, און ער נעמט דעם רודער פֿעסט אין דער האַנט אַריין און וויל שוין אויסדרייען דאָס שיפֿל צוריק, נאָר אין דער זעלבער רגע באַקומט ער אַ שפּריץ אין פּנים אַריין. און ער דרייט זיך אויס און דערזעט, ווי אַ גרויסער גאָלדענער פֿיש וואַרפֿט זיך, שפּילנדיק איבערן ים און שפּריצט מיטן ווידל איבערן וואַסער.

ע! דעם פֿיש מוז ער כאַפּן. און ער דרייט זיך צוריק אויס און יאָגט נאָך דעם פֿיש...

און דער ים איז שוין צעוויגט. כוואַליעס הייבן זיך העכער און העכער... אַ האַלבע זון איז שוין מיט אַ וואָלקן באַדעקט. בינטן ווייסע שטראָקן רייסן זיך קרום פֿון אונטערן וואָלקן און דער פֿיש שווימט איבער די פּלייצעס פֿון די כוואַליעס און כאַטיעס שיפֿל נאָך, נאָך... און פֿאַרשוואונדן ווערט פּלוצלונג דער פֿיש, צווישן אים און כאַטיעס שיפֿל הייבט זיך אויף אַ וואַל, אויפֿגעבלאָזן, אויפֿגעיאָגט פֿון ווינט...

— עס נאַרט מיך, עס בלענדט מיר די אויגן! — טראַכט כאַטיע און וויל ווייטער אויסדרייען דאָס שיפֿל און שווימען צוריק. אין דער זעלבער רגע לייגט זיך אָבער די כוואַליע, ווי זי וואָלט מיט אַמאָל איינגעזונקען געוואָרן: כמעט צום שיפֿל צו, שווימט צו דער פֿיש און קוקט אויף אים מיט גרויסע אויגן, גלייך ער בעט זיך: נעם מיך, נעם מיך...

דרייט כאַטיע צוריק אויס — פֿאַרלוירן ווערט דער פֿיש! אַ נייע כוואַליע שווימט אויף צווישן אים און דעם שיפֿל, און עס הייבט זיך ווידער אָן דער שטורעם פֿון ים! און גלייך זי וואָלט זיך פֿאַרן ים דערשראָקן, באַהאַלט זיך אונ־טערן וואָלקן די זון... און דער ווינט צעיאָגט זיך מיט גרויס צאָרן, און ער שמייסט און פּאַטשט ווי מיט ריטער, און רייצט נאָך מער אויף דעם ים, און דער ים ברויזט און קנאַקט, גלייך טויזנטער באַסן שפּילן אין זיינע געדערים, קעסלפּויקן אין זיינע כוואַליעס...

— אַהיים, אַהיים! קלאַפּט ביי כאַטיען דאָס האַרץ, און ער נעמט צוזאַ־מען די נעצן אין שיפֿל אַריין, און כאַפּט שטאַרקער אָן דעם רודער, און אַרבעט

מיט אַלע קרעפֿטן. די אַדערן אין דער האַנט ווילן פּלאַצן. ווי אַ הוילע נוס וואַרפֿט זיך דאָס שיפֿל אויף און אַפּ איבער די כוואַליעס, פֿאַרשוואַרצט איז דער הימל, ברוין־צאַרנדיק דער צעבראַכענער ים — און ער אַרבעט אַליין — אַהיים, אַהיים...

פּלוצלונג דערזעט ער, עפּעס שווימט צו אים צו פֿון דער זייט — אַ מענטש־לאַכער קערפּער שווימט, אַ דערטרונקענער, אַ פֿרוי איז עס; פֿאַר אים שווימען די האָר — זיין ווייב האָט אַזוינע האָר... פֿון אונטער די האָר באַווייזן זיך ווייסע הענט — זיין ווייב האָט אַזוינע הענט... און אַ קול רופֿט: ראַטעווע! זיין ווייבס קול... זי האָט אים געמוזט נאָכשווימען אויפֿן צווייטן שיפֿל. זי טרינקט זיך, זי רופֿט נאָך זיין הילף...

און ער דרייט דאָס שיפֿל אויס רעכטס און וויל צו צום קערפּער. — דער ים לאָזט נישט! כוואַליעס הייבן זיך אין דער מיט, דער שטורם רייסט און וואָיעט — נאָר אין דעם שטורם הערט ער איר קול: העלף! סאַטיע, העלף!...

און ער שטרענגט אָן אַלע קרעפֿטן צוצושווימען, און אָט איז ער שוין נישט ווייט פֿון ווייסן פּלעק; די האָר זעט ער שוין נישט, נאָר דאָס שווימענדיקע, זינקענדיקע קלייד... מיטן רודער צו דערלאַנגען... נאָר אין דער מיט, צווישן אים און זיין ווייב, הייבט זיך אויף אַ וואַל, שטויסט זי אַפּ אין איין זייט, דאָס שיפֿל — אין דער צווייטער...

— אַ פֿאַרבלענדעניש! — טראַכט ער, זיך דערמאַנענדיק, אַז דאָס זעלבע האָט ער געהאַט מיטן גאָלדענעם פֿיש; און נישט ווילנדיק וואַרפֿט ער אַן אויג צום ברעג, זעט ער, ווי עס לייכט זיך שוין אין די פֿישער־הייזלאַך די פֿענסטער.

— יום־כּפּור! — דערמאָנט ער זיך, און לאָזט פּלוצלונג אַרויס דעם רודער פֿון דער האַנט.

און דער ווינט רייסט, אין כּף־הקלע וואַרפֿן די כוואַליעס דאָס שיפֿל; און סאַטיע, ווי ער האָט אַרויסגעלאָזט דעם רודער פֿון דער האַנט, אַזוי זעצט ער רואיק, און קוקט מיט אָפֿענע אויגן אַמאָל צום פֿאַרשלאָסענעם הימל אַרויף, אַמאָל צום קאָכנדיק־שוימענדיקן ים אַראָפּ.

— טו מיט מיר, גאָט, וואָס דו ווילסט! זאָל דיין רצון געשען...

פּלוצים דערמאָנט ער זיך אַ יום־כּפּור'דיקן ניגון, און ער הויבט אָן נאָכ־צוזינגען דעם ניגון. דער הימל ווערט שוואַרצער און שוואַרצער, די כוואַליעס הייבן זיך העכער, און העכער, שאַרפֿער נאָך בלאָזט דער ווינט... דאָס שיפֿל וואַרפֿט זיך באַרג־אויף באַרג־אַפּ, איין כוואַליע וואַרפֿט עס צו דער צווייטער... איינע רייסט אים אַרויס און שלײַדערט אים אַוועק דעם רודער, אַ צווייטע קומט אָן פֿון הינטן און יאָגט זיך נאָכן שיפֿל מיט אַן אָפֿן מויל... דער ווינט רייסט ווי טויזנטער וועלף — און אין דעם גערודער אַריין זינגט סאַטיע דעם יום־כּיפּור'דיקן ניגון...

די כוואַליע שלאָגט אין שיפֿל אַריין. סאַטיע וויל שטאַרבן זינגנדיק, נאָר דאָס שיפֿל קערט זיך איבער... אָבער סאַטיען איז נאָך דער טויט נישט באַ־שערט...

צוויי ווייסע געשטאַלטן, ווי פֿון נעפּל געוועבט, גייען האַלטנדיק זיך ביי די הענט, באָרוועס, מיט צעפֿלאָסענע האָר און לייכטנדיקע אויגן איבערן ים, און ווי סאַטיע דרייט זיך איבער מיטן שיפֿל, קומען זיי צו, הייבן אים אויף, נעמען אים צווישן זיך און גייען מיט אים אונטער די אָרעם און טרעטן מיט אים אי־בער די כוואַליעס, ווי איבער בייטן און בערגלאַך, און פֿירן אים אַזוי געאָרימט

צווישן ווינט און געטומל. ער קוקט און וויל ריידן, עפּעס פרעגן וויל ער — נאָר זיי זאָגן אים:

— זינג בעסער, סאַטיע, זינג, דיין געזאַנג וועט גובר זיין דעם צאָרן פון ים...

זיי גייען מיט אים און סאַטיע הערט, ווי דאָס שיפל זיינס גייט אים נאָך... ער דרייט זיך אום — דאָס שיפל מיט דער נעץ, און אין דער נעץ איז פאַרוויקלט דער גאָלדענער פיש...

און אַז זיי האָבן אים צוגעפירט צום ברעג און געלאָזט אים אהיים, האָט ער געטראָפן ביי זיך דעם שוחט מיט דער שוחט'קע.

אין שטאָט איז אַ שׂרפה געווען, זיינען זיי געקומען צו אים צו גאַסט...

י. ל. פּרץ.



ערב יום־כפור

# פאַרשפּעטיקט

## א.

עס האָט זיך אונטערגערוקט דער האַרבסט. די טעג זיינען געוואָרן קלענער און די נעכט גרעסער. אין קליינעם שטיבעלע ביי אַנטאָשן — אַן אָרימען פּויער אין אַ קליין דערפל — האָט מען שוין באַראַרפט ביי־נאַכט אַ לעמפל ברענגען. דאָס ליימענע פלעשל, וואָס אַנטאָש האָט ביי אַ טעפּער מיט דריי יאָר צוריק געקויפט פאַר אַכט גראָשן, איז אַ טרוקנס געשטאַנען און ס'איז ניט געווען פאַר וואָס נאַפט צו קויפן. אויסערדעם איז שוין ביי אים דאָס זאַלץ אויך באַלד אויסגעגאַנגען; און פון זייף איז נאָר אַ שטיקעלע געבליבן; און פון דער מאַכאָרקע איז נאָר גע־בליבן אויף אַ פּאָר טעג. אַנטאָש האָט זיך אַלץ געקראַצט אין פּאַטילניצע, געשפּיים און אַלץ געוואָרטשעט:

— קיין זאַלץ ניטאָ, קיין זייף ניטאָ, קיין מאַכאָרקע ניטאָ, גאָרנישט ניטאָ! ס'איז שלעכט.

פּאַרדינען האָט אַנטאָש ניט געהאַט וואו. דער איינציקער איד, וואָס האָט אין דאָרף געוואוינט, איז אַליין זייער אָרים געווען; און אַנטאָש האָט געהאַט נאָר איין האָפענונג: פאַר סוכות אָנצוהאַקן אַ פולן וואָגן סכך און פירן עס איז שטעטל אַריין און פאַרקויפן עס פאַר אַ פּאָר פּער־ציקער. אַלע יאָר טוט ער אַזוי, זינט ער האָט דאָס פערדל זיינס, פאַר וועלכען ער האָט אָפּגעצאָלט אויפן יאַריד זעקס רובל.

— ווען וועט ביי אייך זיין סוכות? — האָט ער גלייך נאָך ראש השנה אַלע טאָג אָנגעהויבן פרעגן דעם אידן, וואָס האָט געוואוינט אין דאָרף.

— נאָך לאַנג! — פלעגט אים דער איד ענטפערן.

— אָבער ווען? — פלעגט אַנטאָש רוען ניט לאָזן.

— דער איד, וועלכער האָט נישט געפילט אַנטאָשעס נויט, האָט אים איינמאָל אַ זאָג געטאָן, ניט פיל טראַכטנדיק:

— נאָך אַ וואָך.

אין אמת'ן איז ניט מער געווען ווי פינף טעג צו סוכות, און אַנטאָש האָט אויסגערעכנט, אַז צוויי טעג פאַר סוכות איז די רעכטע צייט צו פירן די סכך אין שטעטל: דאָס איז געווען אַקוראַט דער ערשטער טאָג יום-טוב.

ער איז דעם טאָג פרי אויפגעשטאַנען, איבערגעביסן אַ שטיק גראָב, שוואַרץ ברויט, וואָס ער האָט געטונקט אין זאַלץ, פון אים אַליין צע־שטויסן, פאַרטרונקען מיט אַ קוואָרט קאַלט וואַסער, האָט איינגעשפּאַנט דאָס האַלב הונגעריק, האַלב פאַרשלאָפן פערדל, גענומען די האַק און זיך געלאָזט אין נאָענטן וועלדל.

ער האָט זיך גענומען האַקן די שטעכעדיקע צווייגן איינע נאָך די אַנדערע. געקליבן האָט ער אַלץ געדיכטערע און לענגערע. „בעסערע סחורה פאַרקייפט זיך גיכער!" — האָט ער דערביי געטראַכט. דער וואָגן איז אַלץ געוואַקסן און געוואַקסן. ער האָט גערעכנט לכל הפּחות לייזן פאַר זיין סחורה אַ גילדן דריי, און אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז ס'איז נאָך ווייניק און ער האָט אַלץ געהאַקט און געלייגט די צווייגן.

ענדלאַך איז דער וואָגן פול געוואָרן. אַנטאָש האָט אים באַטראַכט פון אַלע זייטן און איז צופרידן געווען.

— געגוג וועט זיין! — האָט ער פאַר זיך הויך אַרויסגעברומט און גענומען דאָס פערד פאַר'ן צוים.

אַז ער איז אָבער אָפּגעפאָרן אַ פּאָר טריט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און ווידער אַ קוק געטאָן אויף דעם וואָגן.

— און אפשר וועט זיין ווייניק? — האָט ער זיך פּלוצים דערשראָקן, האָט אויסגעהאַקט נאָך פינף צווייגן און האָט זיך גענומען פאָרן שוין אויף זיכער.

ער איז געפאָרן לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, און לאַנגזאַם זיינען אויך אַזוי איז קאָפּ זיינע געדאַנקען געגאַנגען, ווי זיי וואָלטן ניט וועלן גיין גיכער פאַרן פערדל. אַנטאָש האָט גערעכנט, וויפיל זאַלץ וועט ער קענען

קויפן און וויפיל זייף, וויפיל „גאַזע“ און וויפיל מאַכאָרקע, פאַר דעם געלט, וואָס ער וועט אָפּלייזן אין שטעטל ביי די אידן. ענדלאַך האָט איס דער חשבון פאַרמאַטערט און ער האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט האָבן די צוויי גילדן אין האַנט, וועט אים גרינגער זיין צו באַרעכענען, ווי אַזוי אַלץ איינצוקויפן, און נאָך דעם באַשלוס איז פון אים ווי אַ משא אַראָפּ.

ב.

אַז ער איז מיט זיין וואָגן אַריינגעפאָרן אין אָנהייב שטעטל און האָט דערזען די סוכות שוין באַדעקט מיט סכך, האָט זיך אים ווי עפּעס אָפּגעריסן אינעווייניק און אים האָט זיך געדאַכט, אַז די סוכות און די הייזער — אַלע דרייען זיך און שפּרינגען. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און געטרייסט, אַז אַלע יאָר, איז אַזוי: — אַ סך אידן דעקן צו פריער און אַ סך שפּעטער. דערפאַר איז שפּעטער טייערער.

— כ'וועל נעמען טייערער! — האָט ער באַשלאָסן, און אַנגסטן האָבן אים באַשלאָגן.

ער איז געפאָרן ווייטער. אויף אַ גאַניק זיינען געשטאַנען צוויי ווייבער: איינע אַ יונגע און איינע אַן עלטערע; זיי האָבן געטייט מיט די פינגער און האָבן געקייכט פאַר געלעכטער.

— וואָס לאַכט איר? — האָט אַנטאָש מיט כעס געפרעגט.

— וואָס דו פירסט שוין אַזוי פרי דעם סכך! — האָבן זיי אים לאַכנדיק געענטפערט.

— ווי הייסט פרי? — האָט אַנטאָש דאָס לאָבן ניט פאַרשטאַנען.

— פרי, פרי... — האָבן די פרויען געלאַכט.

— טפו! — האָט אַנטאָש מיט צאָרן אויסגעשפּיגן און זיך געלאָזט ווייטער, טראַכטנדיק:

— ווי קאָן דאָס זיין? בערקע האָט אַליין געזאָגט — אין אַ וואָך אַרום. איך האָב דאָך אַזוי גע'חשבונ'ט: נאָך צוויי טעג.

אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַגאָסן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט פון יענער צייט אָן, זינט בערקע האָט אים געזאָגט, אפשר ניט גוט געציילט. ער האָט פאַרשפּעטיקט! געווים, געווים! אַלע סוכות זיינען שוין באַדעקט מיט סכך... ער וועט בלייבן אָן זאַלץ, אָן מאַכאָרקע, אָן זייף...

טרויעריק האָט ער געפירט דאָס פערדל, וואָס האָט קענטיק געשפּירט דעם גרויסן אומגליק, וואָס דאָ שטייט פאַר זיין בעל־הבית, און האָט זיך קוים געשלעפּט, אַראָפּגעלאָזן דעם מידן קאָפּ זיינעם.

דערווייל האָבן די בעלי־בתים שוין גענומען גיין ביסלאַכווייז פון שול, אויסגעפּוצט יום־טוב'דיק מיט די טליתים און די מחזורים אין די הענט.

דערזעענדיק לכתחילה דעם פויער מיטן וואָגן סכך, האָבן זיי ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזוינס, און האָבן דערשטוינט געקוקט איינער אויפן אַנדערן. נאָך זייער קוקן האָט זיך געדאַכט, אַז זיי האָבן זיך דערשראָקן: אפשר האָבן זיי אַ טעות געהאַט און פריער סוכות געמאַכט?...

— וואָס פירסטו? — האָט אים איינער אַ פרעג געטאָן.

— ווי הייסט וואָס? — האָט אַנטאָש תמ׳עוואַטע אויסגעשטעלט די אויגן — כ׳פיר סכך אויף סוכּות. קויפט, טייערע, קויפט! — האָט ער זיך גענומען בעטן מיט אַ וויינענדיק קול.

די אידן האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— וואָס דאַרף מען איצטער סכך? נאַר דו! עס איז דאָך שוין יום־טוב, — האָט אים איינער געטרייסט.

נאָר אַנטאָש איז פון גרויס אומגליק ווי צעטומלט געוואָרן און האָט געשריען, קראַצנדיק זיך אין פּאַטילניצע און האַלב וויינענדיק:

— קויפט, קויפט! כ׳דאַרף זאַלץ, כ׳דאַרף זייף, כ׳דאַרף קעראָסין...

דער עולם אידן, וואָס האָט אָנפאַנגס געלאַכט פון דער גאַנצער סצענע, איז געריררט געוואָרן. זיי האָבן אַ קוק געטאָן אויפן אָרימען דאַרן פּויערל, דערזען דעם פאַרצווייפלטן פּנים, און אַ געפיל פון מיטלייד האָט זיך אין זייערע הערצער דערוועקט.

— אַן אָרימער גוי, אַ ביטערער רחמנות! — האָט איינער ארויסגעזאָגט, פאַרקרימענדיק מיט ווייטיק זיין פּנים.

— ער האָט געהאַפּט נעבאַך גאַנצע גליקן מאַכן פון דעם סכך, מיט אַמאָל — נאַ דיר! — האָט אַ צווייטער געזאָגט.

— עס וואָלט געווען אַ יושר אָפּצוקויפן ביי אים דעם סכך, — האָט נאָך איינער פאָרגעלייגט.

— אום יום־טוב, ווי אַזוי? — האָט אַ צווייטער אָפּגעשלאָגן דעם פאָרשלאַג.

— עס איז אויף האַלץ ווערט די געלט — האָט איינער געשאַצט, באַטראַכטנדיק דעם פולן וואָגן מיט דעם סכך.

— ווערט היינט, ווערט מאָרגן! אַז ס׳איז יום־טוב...

— ניטאָ קיין זאַלץ, ניטאָ קיין קעראָסין, ניטאָ קיין זייף... — האָט דער פּויער געזונגען זיין לידעלע, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס די אידן רעדן אויף זייער לשון, ניט פילנדיק, אַז מען טראַכט וועגן אים עפּעס גוטס.

— שאַ! ער דאַרף קיין געלט ניט, ער דאַרף סחורה, סחורה אָן געלט מעג מען געבן אום יום־טוב אוין! — האָט איינער געבוירן גאָר אַ נייע אידייע.

דער עולם איז לעבעדיק געוואָרן. עס האָט זיך געפונען צווישן רעדל אידן אַ קרעמער, וואָס האָט געהאַט דערביי אַ קראָם.

— גיב אים, חיים אַ פּאָר טעפּלאַך זאַלץ מיט נאָך דאָרטן, וואָס ער דאַרף. גיב אים אַ פּאָר גילדן. אַ רחמנות! מיר וועלן אַלע ליידן דעם היזק.

— נו, נו, מהיכא־תיתי! — האָט זיך ר׳ חיים אָנגעכאַפּט — אַן אָרימער גוי טאַקע, אַ רחמנות...

— אַ מצוה, אַ מצוה! ווי איך בין אַ איד! — האָט יעדערער פון עולם געוואָרימט.

חיים האָט צוגערופן דעם גוי, נאָך וועלכן דאָס גאַנצע רעדל איז נאָכגעגאַנגען, האָט געעפנט די קראָם און האָט אים געגעבן: צוויי טעפּ זאַלץ, אַ שטיק זייף, אַ פלעשל נאַפט און צוויי פּעקלאַך מאַכאָרקע.

דער פויער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן פאַר שמחה, צי לאַכן, צי וויינען. ער איז נאָר אין שטאַנד געווען צו מורמלען:

— אַ דאַנק, אַ דאַנק!

— נאַ דיר אַ שטיק חלה! — האָט אים פלוצלונג, אַז ער האָט שוין די סחורה איינגעפּאַקט, עמיצער אונטערגעטראָגן. — דו וועסט ברענגען אַהיים.

— נאַ דיר נאָך! — האָט אים נאָך איינער דערלאַנגט נאָך אַ שטיק.

— נאַ דיר נאָך!

— נאָך!

— נאָך!

און מען האָט אַנטאָשן געגומען טראָגן פון אַלע זייטן חלה. ער איז אַ צעטומלטער געוואָרן און האָט קיים געקאָנט אויסרעדן: „כ'דאַנק אייך!"

דער עולם איז געווען צופרידן. און יענקל לייבעס, אַ פריילאַכער איד, וואָס האָט געמאַכט יום־טוב פון דער פולער האַנט און אַראָפּגעבראַכט אַ חתן צו גאַסט, האָט אים אַרויסגעטראָגן אַ גלעזל בראַנפן.

— נאַ, טרינק און פאַר געזונטערהייט אַהיים!

אַנטאָש האָט אין דער גיך אַריינגעגאָסן דאָס גלעזל בראַנפן אין מויל, פאַרביסן מיט אַ שטיקל חלה און האָט פריילאַך אויסגעשריען:

— כ'וועל עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן! א. רייזען.

# דער אתרוג

## א.

מיין טאַטע „משה יענקל דער נאמן" איז אַ קאַסירער. ער באַקומט געהאַלט פינפטהאַלבן קאַרבן אַ וואָך און וואַרט אויף אַ הוספה. אַז מען וועט אים געבן אַ הוספה, וועט ער, זאָגט ער, הייַנטיקס יאָר אם־ירצה־השם קויפן אַ אתרוג. נאָר די מאַמע גלויבט נישט. זאָגט דער טאַטע: — „מעגסט יאָ גלויבן און נישט גלויבן, איך זאָג דיר, אַז הייַנטיקן סוכות האָבן מיר אַן אייגענעם אתרוג".

געקומען אין חדר, קאָן איך זיך נישט איינהאַלטן און פּויק אויס, אַז הייַנטיקן יום־טוב וועלן מיר האָבן אַן אתרוג, „אַן אייגענעם אתרוג!" נאָר קיינער וויל מיר נישט גלויבן.

וואָס זאָגט איר אויף זיין טאַטן? — ריידן שקצים צווישן זיך — אַזאַ כתריליק, אַזאַ קבצן שבקבצן גלוסט זיך אויך אַן אתרוג! ער מיינט אַפּנים ס'איז אַ לימענע, אַן עפּל פאַר אַ גראַשן! . . .

ווי איבערראַשט אָבער איך בין געוואָרן, ווען קומענדיק אַהיים טרעף איך רב הענזל דעם שוחט זיצן מיטן פאָטער ביים טיש און פאַר זיי שטייט אַ קעסטל מיט אתרוגים, וואָס לאָזן זיך הערן מיט זייער גן־עדן־ריח איבער דער גאַנצער שטוב.

רב הענזל דער שוחט לייגט פאַנאַנדער די גאַנצע קראָם זיינע, קלייבט אויס אַן אתרוג, טראָגט אים צו דעם טאַטן מיט צוויי פינגער און הייסט אים באַטראַכטן.

— אַט דעם אתרוג זאָלט איר נעמען, ר' מש' יענקל, וועט איר הנאה האָבן.

— אַ קאַרפּירער? פרעגט דער טאַטע און באַטראַכט דעם אתרוג פון אַלע זייטן ווי מען באַטראַכט אַ בריליאַנט און די הענט ציטערן אים פאַר פרייד.

— נאָך אַ מין קאַרפּירער! — מאַכט דער שוחט.

דער טאַטע שפּיגלט זיך אינ'ם אתרוג, שמעקט אים, קאָן זיך אָן אים ניט אָנקוקן, רופט צו די מאַמען און ווייזט איר מיט אַ גליקלאַך שמייכעלע אויפ'ן אתרוג ווי מען ווייזט אָן אויף אַ צירונג, אַן אבן־טוב אָדער ווי אויף אַ שיין טייער קינד אַ טרייסט. די מאַמע גייט צו, שטרעקט אויס די האַנט פּאַוואָלינקע, וויל נעמען דעם אתרוג, גיט מען איר נישט: „פּאַוואָלינקע מיט די הענט! אַ שמעק, אויב דו ווילסט"... די מאַמע באַנוגנט זיך כאַטש מיט אַ שמעק, און מיר גיט מען אַפילו קיין שמעק אויך ניט טאָן! מיר לאָזט מען אַפילו ניט צו, איך זאָל ניט שטיין צו נאָענט, איך זאָל גאָרניט קוקן אַפילו, וואָרים ס'איז מסוכן נפש. — שוין אָט איז ער דאָ! — זאָגט די מאַמע — אָט לאָז אים נאָר צו, בייסט ער באַלד אָפּ דעם „פּיטום" פון אתרוג!...

— לאָז נאָט היטען! — זאָגט דער טאַטע.

רב הענזל שענקט זיי אַביסל קלאָטשע אויף איינצואוויקלען דעם אתרוג, און דער ריח, דער גן־עדן ריח, צעגייט זיך אין אַלע ווינקעלאַך... ווי אַ בריליאַנט, ווי אַ זעלטענעם שטיין, ווי אַ טייערן פּקדון, וואָס מען האָט איבערגעגעבן באַהאַלטן און אָפּהיטן ווי דעם שוואַרצאַפּל פונם אויג, אַזוי האָט מען גענומען דעם שמעקעדיקן אתרוג, איינגעהילט אין קלאָטשע, ווי מע הילט איין אַ ציטעריק קינד, אַ בן־יחידל, ס'זאָל חלילה ניט צוקילן דאָס העלזל, און מע האָט פּאַוואָלינקע אויסגעבעט און באַגייט אין אַ שיינע קיילאַכדיקע הילצערנע געטאָקטע, געפּאַרבטע פּושקע פון צוקער; דעם צוסער האָט מען געבעטן מחילה, און דעם אתרוג האָט מען אַריינגעבעטן ווי אַ ליבהאַרציקן גאַסט! — ברוך הבא, רב אתרוג! אַריין, אַריין אין פּושקע אַריין!...

די פּושקע האָט מען פּאַוואָלינקע צוגעדעקט מיטן דעקל, אַריינגעשטעלט אין דער גלעזערנער שאַפּע, צוגעמאַכט דאָס טירל און אַ גוטן טאָג!

— איך האָב מורא, דער ווייסער חברהניק זאָל זיך ניט דאַביוּוען צו דער שאַפּע חלילה און נישט אָפּבייסן דעם פּיטום פונם אתרוג! אַזוי טוט אַ זאָג די מאַמע נאָכאַמאָל און נעמט מיך פאַר אַ האַנט, שלעפּט מיך אָפּ פון דער שאַפּע.

ווי אַ קאַץ, אַז זי דערשמעקט פּוטער, שפּרינגט אַראָפּ פון פּריפּעטשיק, גלייכט זיך אויס דעם רוקן, הויבט זיך אָן אַרומדרייען, רייבן זיך, קוקן איטלאַכן באַזונדער אין די אויגן אַריין און באַלעקן זיך, אַזוי האָב איך נעבעך אַ היפּשע צייט זיך אַרומגעדרייט לעבן דער שאַפּע, אַריינגעקוקט אינם גלעזערנעם טירל, געשמייכלט צו דער פּושקע מיטן אתרוג, אַזוי לאַנג ביז די מאַמע מיינע האָט דאָס דערזען. האָט זי אַ זאָג געטאָן דעם טאַטן, אַז דער ווייסער חברהניק האָט חשק זיך דאַביוּוען צום אתרוג און אָפּבייסן דעם פּיטום...

— אין חדר אַריין, דו שקאָץ איינער, ניט געדראַכט זאָלסטו ווערן!...

איך בייג איין דעם קאָפּ, לאָז אַראָפּ די אויגן און גיי אין חדר אַריין.

ב.

די עטלאַכע ווערטער וואָס די מאַמע האָט אַ זאָג געטאָן דעם טאַטן מכוח דעם פּיטום פונם אתרוג זיינען געווען פאַר מיר, קען מען זאָגן, אַ סם המות, אַ גיפט אין די ביינער אַריין.

פון יענער מינוט אָן האָט זיך דער „פּיטום פונם אתרוג“ באַזעצט ביי מיר אין מוח, נישט אַרויסגעקראָכן פון מיינע געדאַנקען אויף קיין מינוט, ביינאַכט געקומען צו חלום, געטאַרעט מיך, געשלעפּט פאַר אַ האַנט: „דו האָסט מיך נישט דערקענט, נאַרישו? דאָס בין איך, איך! ...“ איך קער זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט, קרעכץ און ווער אַנטשלאָפן. טאַרעט מען מיך ווידער: „שטיי אויף, נאַרישו! גיי עפן אויף די שאַפע, נעם אַרויס דעם אתרוג און בייס מיך אָפּ, וועסטו זיך מחיה זיין! ...“

אינדערפרי, אַז איך שטיי אויף און גיס אָפּ נעגל־וואַסער, כאַפּ איך זיך צום דאַווענען, נעם דעם אַנבייסן מיט זיך, כאַפּ אַ קוק פאַרבייגייענדיק אַהין אין שאַפע, דורך דעם גלעזערנעם טירל, אויף דער פּושקע מיטן אתרוג, און עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז די פּושקע ווינקט צו מיר, רופט צו מיר, מאַכט מיט אויגן: „אַהער! ... אַהער, בחורל! ...“ איך נעם די פיס אויף די פּלייצעס און מאַרש אין חדר אַריין.

איינמאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן, אַז איך בין אויפגעשטאַנען, האָב איך דערזען, אַז איך בין איינער אַליין, איינער אַליין אויף דער גאַנצער שטוב. דער טאַטע איז אין געשעפט, די מאַמע אין מאַרק, די דינסט פּאַרעט זיך אין קיך. — „אַלע אַוועק, נישטאָ קיין לעבעדיקער מענטש! ...“ — טראַכט איך זיך, גיס אָפּ נעגל־וואַסער און כאַפּ אַ קוק אַהין אין שאַפע אַריין דורך דעם גלעזערנעם טירל, און דערזע די פּושקע. זי ווינקט צו מיר, רופט זיך, מאַכט מיט אויגן! „אַהער, אַהער, בחורל! ...“ פּאַוואָלינקע גיי איך צו צו דער שאַפע, עפן אויף דאָס גלעזערן טירל, נעם אַרויס די פּושקע, די שיינע קיילאַכדיקע הילצערנע געטאָקטע געפאַרבטע פּושקע. איך עפן אויף דאָס דעקל, און איידער איך דעק נאָך אָפּ די קלאַטשע פון אתרוג, טוט מיר אַ זעץ אין נאָז אַריין אַ ריח, אַ שטאַרקער, שאַרפער ריח, אַ גן־עדן־ריח! און איידער איך קוק זיך אַרום איז שוין דער אתרוג אין מיין האַנט און דער פּיטום טוט מיר אַ שפּרונג אין די אויגן אַריין.

— ווילסטו האָבן הנאה? פּילן אַ טעם גן־עדן? נעם בייס מיך אָפּ! האָב קיין מורא ניט, נאַרישו! קיינער וועט נישט וויסן, קיין בן־אדם וועט ניט זען! קיין פויגל וועט ניט אויסזאָגן! — — — — — — — — — — — — — —

וואָס איז געוועזן ווילט איר וויסן? איר ווילט וויסן צי איך האָב אָפּגעביסן דעם פּיטום פון אתרוג? צי איך האָב זיך איינגעהאַלטן, ניט אָפּגעביסן דעם פּיטום פונם אתרוג? ... איך וואָלט וועלן וויסן, וואָס וואָלט איר געטאָן אויף מיין אָרט, ווען מען זאָל אייך אָנזאָגן צען מאָל, איר זאָלט זיך ניט דערוועגן אָפּבייסן דעם פּיטום פונם אתרוג? איר וואָלט ניט וועלן וויסן וואָס פאַר אַ טעם עס האָט אַ פּיטום פון אַן אתרוג? איר וואָלט ניט געפאַלן אויף דער עצה וואָס איך: אָפּבייסן און צוריק צוקלעפּן מיט שפּייאַכץ? איר קאָנט מיר גלויבן אָדער ניין, דאָס איז אייער זאַך, נאָר בנאמנות שווער איך אייך, אַז איך ווייס אַליין ניט ווי דאָס איז געשען: נאָך איידער דער אתרוג איז געווען ביי מיר אין די הענט, איז שוין דער פּיטום געלעגן ביי מיר צווישן די ציין...

ג.

דעם טאָג פון ערב סוכות האָט זיך דער טאַטע געאיילט קומען פאַר פרי און האָט זיך באַשעפטיקט מיט אויסבינדן דעם לולב, צונויפקלייבן די פיר מינים און צוגרייטן אַלצדינג אויף דעם שענסטן אָרט. דעם צוגעקליבענעם אויסגע־

פוצטן לולב האט ער אוועקגעשטעלט גאנץ אויבנאן אין א ווינקעלע, אביסל אים אנגעשפארט אויף א זייט און מיך האט מען אנגעזאגט למען השם, איך זאל זיך ניט דערוועגן צורירן צום לולב. נאר ס'איז געווען אומזיסט דאס אנזאגן. איך האב געהאט מיינע אייגענע צרות: סטייטש דער פיטום! דער פיטום! צו וואס האב איך געדארפט אפבייסן דעם פיטום? וואס איז מיר דערפון ארויסגעקומען? וואס פאר א טעם האט א פיטום פון אן אתרוג, אז בסך־הכל איז גאר פע — —גאר ביטער ווי גאל, א בייזע וויסטע חלשות! אומזיסט, אומ־נישט קאליע געמאכט א פרי, געפסלט אן אתרוג!... און אז דער אתרוג איז געפסלט — דאס בין איך שוין ג ע ו ו א ר ג ע ו ו א ר ן א י ן ח ד ר פון מיינע חברים. פרעגט זיך א קשיא: צו וואס האט דאס מיר געטויגט? צו וואס האב איך דאס געדארפט?... עס האט זיך מיר געדאכט, אז איך האב גענומען א לעבעדיקע זאך, אפגעביסן דאס קעפל און צוגענומען ביי דעם דאס חיות; פארוואס? פארוואן? ביינאכט אין שלאף איז דער אתרוג געקומען צו מיר צו חלום און געטארעט און געשלעפט פארן ארבל, געוועקט מיך און גע־טענהט: „וואס האסטו געהאט צו מיר, דו שייגעץ איינער?... פארוואס האסטו אפגעביסן מיין פיטום? איך בין דאך שוין איצטער פסול, פסול!"... איך קער זיך איבער אויף דער אנדער זייט, קרעכץ און ווער אנטשלאפן, טארעט מען מיך ווידער „קוילער! וואס האסטו געהאט צו מיין פיטום? צו מיין פיטום? צו מיין פיטום?"...

ד.

געקומען דער ערשטער טאג סוכות. נאך דעם ביינאכטיקן פרעסטל איז אויפגעגאנגען די זון אויפן לויטערן הימל און באגאסן די ערד מיט א פאר־שפעטיקטע ווארימקייט פון א שטיפמאמע... דעם טאג האט זיך דער טאטע געפעדערט אויפצושטיין פאר פרי, איבערקוקן די „קריאה", איבערזינגען זי מיט דעם באקאנטן שיינעם יום־טובדיקן ניגון. דעם טאג האט זיך אויך די מאמע געפעדערט צו די יום־טובדיקע פיש מיט די יום־טובדיקע פארפל, מיטן יום־טובדיקן מערן־צימעס. דעם טאג האט זיך אויך זלמן דער סטאליער געפעדערט אפבענטשן אתרוג ביי אונז איז דער סוכה פריער פאר אלעמען, בכדי ער זאל קאנען טרינקען טיי מיט מילך און זיך אנטאן וואוילטאג לכבוד יום־טוב.

— זלמן בעט דעם לולב מיטן אתרוג — מאכט די מאמע צום טאטן.

— עפן אויף די שאפע, נעם ארויס די פושקע, נאר פאוואלינקע! — זאגט צו איר דער טאטע און אליין שטעלט ער צו א בײנקל צו דער שאפע און נעמט אראפ דעם לולב און איז זיך אליין מטריח מיט אים אין סוכה אריין, מכבד זיין דעם סטאליער מיט דער מצווה.

— נאט, בענטשט אתרוג — מאכט ער צום סטאליער — נאר פאוואלינקע, למען השם, פאוואלינקע!...

זלמן דער סטאליער, אונזער שכן, איז קיין עין־הרע א איד א גבור און האט צוויי הענט, וואס איטלאכער פינגער פון זיי וואלט געקאנט אוועקלייגן דריי אזעלכע לייבעלאך ווי איך. אויף יעדן גראבן פינגער איז ביי אים פאראן א נאגל תמיד פארפאפט און תמיד רויט פון לאק. און מיט דעם נאגל, אז ער פירט דורך איבער א ברעט, בלייבט א טיפער סימן אויסגעקריצט ווי מיט א שארף פון אן אייזן... לכבוד יום־טוב האט זלמן אנגעטאן א ווייס העמד מיט

א נייער קאפאטע און האט אין באד זיך לאנג געזייפט די הענט מיט זייף און מיט זאמד און נישט געקאנט אפזייפן זיך; די הענט זיינען געבליבן פארפאפט און די נעגל רויט פון לאק ווי פריער.

אט אין די הענט איז אריינגעפאלן דער ציטערדיקער שמעקעדיקער אתרוג. ניט אומזיסט האט זיך דער טאטע אזש א ווארף געטאן בשעת זלמן דער סטאליער האט א נעם געטאן דעם אתרוג, א רעכטן קוועטש געטאן אים און א גוטן טרייסל מיטן לולב — פאוואלינקע! פאוואלינקע! — זאגט צו אים דער טאטע, און ציטערט איבערן אתרוג — אט היינט קערט, זייט מוחל, איבער דעם אתרוג מיטן פיטום אראפ און זאגט, „שהחינו“, נאר פאוואלינקע! פאוואלינקע! למען השם פאוואלינקע!

פלוצלונג האט זיך דער טאטע געגעבן א ווארף און א געשריי ניט מיט זיין קול: „אוי!“ אויפן געשריי איז געקומען צו לויפן אין סוכה אריין די מאמע.

— וואס איז, משה־יענקל? גאט איז מיט דיר?!

— גראבער יונגאטש! עם הארץ! — האט ער זיך צעשריען אויפן סטאליער און איז גרייט אים דורס צו זיין מיט די אויגן — ווי אזוי איז מען אזא גראבער יונגאטש? אזא עם־הארץ? אן אתרוג איז דען א האק? צו א דאלעטע! צו אן עקבער? איר האט דאך מיר איבערגעקייליעט דעם האלז אן א מעסער! איר האט מיר געפסלט דעם אתרוג! אט ליגט דער פיטום, אט נאט זעט, גראבער יונגאטש! עם הארץ וואס איר זייט...

אלע זיינען מיט אמאל טויט געווארן. זלמן סטאליער איז געשטאנען א טויטער, ניט פארשטאנען ווי אזוי האט זיך עס אים געטראפן אזא מין אומגליק? פון וואנען האט זיך דאס גענומען וואס דעם פיטום איז אפגעשפרונגען? ער האט דאכט זיך געהאלטן דעם אתרוג פון דער גרינג, קוים קוים מיט די שפיץ פינגער! אן אומגליק! אזא אומגליק!...

די מאמע איז געווען טויט. געבראכן די הענט. — א מענטש אז ס'נייט אים ניט — זאגט זי מיט טרערן אין די אויגן — זאל ער בעסער נעמען און באגראבן זיך לעבעדיקערהייט א פרישער, א געזונטער אין דער ערד אריין...

און איך? איך וויים ניט צי זאל איך טאנצן פאר פרייד, וואס גאט האט מיט מיר געטאן אזא נס, אויסגעלייזט פון אזא צרה. פון אזא אומגליק? צי איך זאל וויינען אויפן טאטנס יסורים און אויף דער מאמעס טרערן? צי זאל איך ארומכאפן זלמן דעם סטאליער און אים קושן די גראבע הענט מיט די פארפאפטע פינגער מיט די רויטע נעגל, דערפאר וואס ער איז געווען מיין גומער שליח, מיין מלאך הגואל, מיין אויסלייזער?... איך טו א קוק אויפן טאטנס פנים, אויף דער מאמעס טרערן, אויפן סטאליערס הענט, אויפן אתרוג, וואס וואלגערט זיך אויפן טיש א טויטער. געל ווי וואקס, אן א פיטום, אן א טראפן חיות, א מת, א בר־מינן, א טויטער נפש!...

— א טויטער אתרוג! — זאגט דער טאטע מיט אן אונטערגעבראכענער שטימע.

— א טויטער אתרוג! — זאגט נאך די מאמע מיט טרערן אין די אויגן.

—— א טויטער אתרוג, — זאגט זיי נאך זלמן דער סטאליער און קוקט זיך אין די הענט אריין. — א טויטער אתרוג — זאג איך מיט א פריילאכן טאן און כאפ זיך, ווארים איך ווייס דאך יא, אז דאס בין איך, לייבל, געווען דער גזלן, דער קוילער, דער רוצח פונם אתרוג!...

שלום עליכם.

# הושענא רבה

ווי טרויעריק, פינסטער און קאַלט איז די נאַכט!
דער הימל מיט וואָלקנס באַצויגן;
איין איינציקן שטערן, איין איינציקן פונק,
זוך איך אין דער הויך מיט די אויגן.

געדיכט זיינען אָבער די וואָלקן און שוואַרץ —
זיי האָבן די שטערן באַהאַלטן...
„נו, נאַרעלע, נו, וואָס־זשע קערט עס דיך אָן?
היינט מוז דאָך דער הימל זיך שפּאַלטן...“

יאָ, יאָ, טאַקע אמת — היינט איז דאָך די נאַכט,
ווען יעדער קען אויפגעריכט ווערן:
דער קרומער קען אָנהויבן ווידער צו גיין,
דער בלינדער צו זען, דער טויבער צו הערן.

ש. פּרוג.

# די פּאָן

## א.

גאָט האָט געהאָלפן, דער סוכות איז געקומען, און איך האָב מיר געקויפט א פּאָן, א גרויסע, א געלע, א „צווייזייטנדיקע“.

פון איין זייט זיינען געווען אויסגעמאָלט צוויי חיות, וואָס האָבן געהאַט א פּנים פון קעץ, נאָר באמת זיינען זיי געווען לייבן, מיט אָפענע מיילער און מיט לאַנגע צונגען. אויף די צונגען ביי זיי זיינען געווען ארויפגעטאָן פּייפּלאַך, אַפּנים, שופרות, מחמת ס'איז געשטאַנען אָנגעצייכנט מיט גרויסע אותיות: בחצוצרות וקול שופר.

באַקומען א פּאָן, באַדאַרף מען קריגן א שטעקל צו דער פּאָן.

דאָ מוז מען שוין אָנקומען צו רב זיאַמע דעם סטאָליאַר. טאַקע דער איי־גענער רב זיאַמע, וואָס האָט אַמאָל זיך אונטערגענומען מיך אויסלערנען רעדן, „ווי א מענטש“.

— וואָס ווערסטו עפּיס זאָגן, טאַפּעלע טוטאַריטו?

— א שטעטל צו דער פּאָן...

— וואָס הייסט — זאָגט ער — א שטעטל?

— א שטעטל — זאָג איך — פון א שטיטל האָלץ, מע זאָל טאָגען טראָגן די פּאָן.

רב זיאַמע טרייבט מיט מיר אזוי לאַנג קאַטאָוועס, ביז איך צעוויין מיך. דעמאָלט ווערט ער ווייך, וואַרפט־אַוועק אַלע אַרבעט. נעמט א שטיקל האָלץ, א שניט אהער, א שניט אהין — פאַרטיק.

אצינד פעלט מיר נאָר איין עפּל, מיט א ליכטל, געוויינטלאַך, פון וואַקס, ניט פון חלב, וואָרום חלב, אז ס'וועט אַרויפקאַפּן אויפן עפּל, איז פאַרפאַלן דער

עפּל, מע ווערט אים נאָכדעם ניט קאָנען עסן... אָבער וואַקס מאַכט ניט אויס, וואַקס איז כשר.

נו, און וואַקס איז ביי מיר פאַראַן מער ווי ביי אַלע אינגלאַך. אדרבה, אַ אינגל, אַז ער באַדאַרף אַ שטיקל וואַקס, צו וועמען קומט ער אָן? צו מיר! וואָרים מיין טאַטע איז דאָך אונטער־שמש אין אונטערשטן קלייזל פון דער קצב'ישער קלויז, איז וואָס עס בלייבט נאָך יום־כּפּור פון די ליכט געהער צו אים — דאָס איז זיין הכנסה. ער שמעלצט דערפון „שמשים" צו די חנוכּה־ליכטלאַך, הבדלות און סטאַטשיקעס. און וואָס עס פאַלט־אַראָפּ פון די הבדלות מיט די סטאַטשיקעס געהער צו מיר — דאָס איז מ י י ן הכנסה.

הקיצור, איך האָב אַלצדינג, וואָס מע באַדאַרף!

אריינגעזועצט די פאָן אינם שטעקל, איבערגעפּאַכט אויפן שפּיץ אַ רויטן עפּל און אָנגעצונדן פון אויבן דאָס וואַקסענע ליכטל, לאָז איך מיך שמיני־עצרת אויף דער נאַכט אין שול אַריין, צו די הקפות, לעבעדיק־פריילאַך, ווי אַ גליק־לאַכער פרינץ, ווי אַ בן־מלך, וואָס קיינער איז צו אים ניט גלייך.

עס שטעלט זיך מיר פאָר, אַז איך בין שוין אין שול אויבן, אויף דער מזרח־באַנק, מיט אַלע בעלי־בתי'שע קינדער. די ליכט ברענען. מיין פאָן איז שענער פון אַלע פאָנען. מיין עפּל איז רויטער פון אַלע עפּל. מיין ליכטל איז גרעסער פון אַלע ליכטלאַך. אין שול איז אַן ענגשאַפט, אַ היץ מיט סכנת־נפשות. ווייבלאַך און מיידלאַך אַ סך זיינען געקומען קושן די תורה. אָט גייט רב מלך דער חזן מיטן צעלאָזטן טלית אויף צופריער, ווי אַ גענעראַל־פעלדמאַרשאַל. נאָך אים — די בעלי־בתים. רב מלך ציקלט זיך און זינגט אויף זיין בלעכענער שטימע: „ע ו ־ ז ר ד ־ ־ ־ ל י ם, ה ו ש י ע ה נ א!" די ווייבלאַך מיט די מיידלאַך שפּרינגען אין פּנים אַריין, קושן די תורות און שרייען מיט אַ קוויטש: „דערלעבט איבער אַ יאָר! דערלעבט איבער אַ יאָר!" — „גם אתם! גם אתם!"

ב.

— מזל־טוב! מאַפּעלע טיטאַריטו האָט אַ פאָן! שלום עליכם, אַ גוטער איד, אַ האַלבן פּנים אָפּגעבריט...

מיט אַזאַ ברייטן ברוך־הבא האָבן מיך חברה קונדייסים באַגעגנט, אַז איך בין געקומען אויפן שולהויף מיט מיין פאָן.

איך באַטראַכט אַלע פאָנען און וואַרף אַ קוק אויף מיין פאָן — ווער? וואָס? וועמען? ווי קומען זייערע פאָנען צו מיין פאָן?

ערשטנס, די פאָן אַליין. ביי קיינעם שטייט זי ניט אַזוי גלייך אַריינגע־זעצט אין שטעקל, אַז מע זאָל אַרויסזען בײדע זייטן. ביי קיינעם איז ניטאָ אַזאַ גלייך, קיילעכיק, געטאָקט שטעקל. ביי קיינעם איז ניטאָ אַזאַ רויטער גלאַטער עפּל. ביי קיינעם איז נישטאָ אַזאַ שיין געראָטן ליכטל, וואָרים ווער פאַרמאָגט אַזוי פיל וואַקס, ווי איך? ווער האָט געכאַפּט אַזוי פיל פּעטש מיט סטוסאַקעס, ווי איך, בשעת דער טאַטע האָט מיך געכאַפּט אין פאַלעש אונטער דער באַנק קלייבן די שטיקלאַך וואַקס פון די צעשמאָלצענע יום־כּפּור'דיקע שטיקלאַך ליכט?... איך מאַך אַ פאַרגלייך צווישן מיין פאָן און צווישן די אַלע איבער־ריקע פאָנען — און מיין האַרץ ווערט פול מיט גדלות. עס מאַלט זיך מיר אויס, אַז איך וואַקס און וואַקס העכער און העכער, לענגער און ברייטער, די פיס

טראָגן מיך. עס גלוסט זיך מיר לאַכן, שרייען, קוויטשן, כאַפּן אַ טענצל...

— אַנו, ווייז נאָר! — רופט זיך אָן צו מיר יואליק דעם נגיד'ס און בלייבט שטיין פאַרגאַפּט.

ער באַקוקט מיין פאָן. איך באַקוק זיין פאָן. „אויך מיר אַ פאָן! — טראַכט איך מיר. — אויך מיר אַ שטעקל! אויסגעבויגן, גלייך ווי אַ קאָטשערע!“ איך זע, אַז ער איז אַ געקאַכטער, נאָר איך מאַך מיך ניט ווויסנדיק און קוק בלומרשט אָן אַ זייט.

— קאָפּל! —מאַכט ער צו מיר. — וואו האָסטו גענומען אַזאַ שיין שטעקעלע?

— האַ? — זאָג איך און דריי מיך אויס צו אים מיטן פּנים.

— וואו האָסטו דערטאַפּט — זאָגט ער נאָכאַמאָל — אַזאַ טשאַקנדיק שטעקעלע?

— וואָס איז דען? — זאָג איך צו אים. — ווילסט זיך אפשר בייטן אויף דיין צוויאַק?...

יואליק פאַרשטייט דעם שטאָך. ער טוט אַ גלאַנץ מיט די אייגלאַך. אַ סמאָרע מיט דער נאָז, לייגט־אַריין די האַנט אין קעשענע און טרעט־אָפּ. איך קוק אים נאָך און קוועל, עס קומט מיר צו אַ שטיק געזונט. איך זע, ווי ער רופט־אָפּ נחמיה'ן מיטן קרומען פיסל אויף אַ זייט און סוד'עט זיך מיט אים און ווינקט אויף מיר מיט די אויגן. איך זע גאַנץ גוט, נאָר איך מאַך מיך ניט ווויסנדיק. אין אַ מינוט אַרום גייט־צו צו מיר נחמיה מיטן קרומען פיסל, האַלט יואליק'ס פאָן מיטן קרומען שטעקל און רופט זיך אָן צו מיר:

— גיב מיר אָנצינדן דאָס ליכטל; מיינס האָט זיך פאַרלאָשן.

— ס'איז דען דיין פאָן? — זאָג איך צו אים און בויג אים אָן מיין פאָן מיטן ליכטל. — איך ווייס דאָך וועמענס פאָן דאָס איז...

און איידער איך קוק מיך אַרום, טראָגט־צו נחמיה זיין אָנגעצונדן ליכטל צו מיין פאָן און מאַכט בורא מאורי האש. מיין פאָן צינדט זיך אָן, טוט אַ פלאַקער, פּ־פּ־פּו — אויס פאָן!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען עס פאַלט־אַראָפּ פונעם הימל אַ שטיין גלייך מיר אין קאָפּ אַריין, ווען אַ ווילדע חיה פאַלט־אָן אויף מיר און וויל מיך פאַרצוקן, אָדער ווען עס קומט מיר אַנטקעגן אַ מת אין האַלבע נאַכט אין ווייסע תכריכים און וויל מיך וואַרגן, — וואָלט מיין שרעק נישט באַדאַרפט זיין אַזוי גרויס, ווי בשעת איך האָב דער־זען מיין נאַקעטן שטעקן מיט דער אָפּגעברענטער פאָן. עס האָט זיך אַרויס־געריסן ביי מיר פונעם האַרצן אַ געשריי:

— אוי וויי, מיין פאָן! מיין פאָן! מיין פאָן!...

עס האָט זיך אַ גאָס געטאָן טרערן פון מיינע אויגן. די גאַנצע וועלט איז פאַר מיר געוואָרן פינסטער. דאָס שטעקל מיטן עפּל מיטן ליכטל זיינען אַרויס־געפאַלן פון מיינע הענט, און איך האָב מיך געלאָזט גיין, איך ווייס אַליין ניט וואוהין. איך גיי און גיס און גיס מיט הייסע ביטערע טרערן. איך ברעך די הענט און באַוויין מיין פאָן, ווי מען באַוויינט אַ טויטן. און איך קום צו גיין אַהיים איי־נער אַליין, אָן אַ פאָן, און איך פאַרקלייב מיך אין אַ ווינקעלע, און דאָ, אין דער פינסטער, זיץ איך, דעם קאָפּ צווישן די קני, און וויין שטילערהייט. קיי־נער זאָל ניט זען, קיינער זאָל ניט הערן.

שלום עליכם.

# האַרבסט

ווי ליב האָב איך די קלאָרע טעג פון האַרבסט,
ווען שפּינוועבס־פּעדים שווימען אין דער לופטן,
און אין די שטעטלדיקע גערטנדלאַך
די כריזאַנטעמען וועלקנדיק נאָך דופטן.

ווען פון דיביימער פאַלט און פלאַטערט גאָלד,
עס שמעקט אין סאָד מיט באַרן און מיט עפּל,
און פרי פאַרטאָג אין מזרח פלאַקערט אויף
די מאָרגנרייט אין גראָען, קאַלטן נעפּל.

א. ל. יפה

# דער דין־תורה מיטן ווינט

אין די צייטן פון מלך שלמה האָט געלעבט אַן אַלמנה, אַן אָרעמע, מיטן נאָמען שונמית.

און געלעבט האָט די אַלמנה שונמית אין אַ סוכה פון אַלטעברעטער, באַדעקט מיט „סכך" פון צווייגן און בלעטער פון פּאַלמען־ביימער, אין אַ פישער־דאָרף, ביים ברעג פון ים־הגדול.

און געשפּייזט האָט זיך די אַלמנה פון שטריקן און פאַרריכטן די נעצן, פאַר די פישער אין פישער־דאָרף.

ויהי היום — איז געקומען די צייט פון ווינטן און שטורמווינטן. קיין שיפל גייט נישט אין ים אַריין, קיין נעץ ווערט נישט פאַרשפּרייט, איז די אַלמנה געבליבן אָן אַ ביסן ברויט.

וועט זי דאָך נישט גיין אין די אָרעמע פישער־הייזלאַך אַריין בעטן ברויט; עס פעלט אומעטום. ווענדט זי זיך ווייטער פון דאָרף.

עטלאַכע מייל פון דאָרף, אין אַ גרויס הויז מיט אַ גרויסן געהויף, האָט געוואוינט אַ רייכער איד, וואָס איז געבענטשט געוואָרן פון זיין ליבן נאָמען מיט פעטע פעלדער, פרוכטבאַרע גערטנער און גאַנצע וועלדלאַך איילבערטן, און מיט הערטן שאָף און רינדער, און מוילטירן, און קעמלען.

הייבט זיך איינמאָל אויף די אַלמנה שונמית אינדערפרי, זעט, אַז דער הימל איז אַ בייזער, די לופט — ווינטיק, פאַרשטייט זי, אַז זי מוז שוין אָנקומען צו מתנת בשר ודם. באַדעקט זי זיך מיט אַן אַלטער שאַל, ייאָס זי טראָגט ביי טאָג און דעקט זיך מיט איר צו ביינאַכט, און לאָזט זיך פון דאָרט אַרויס אין וועג אַריין, צום רייכן איד.

קומט זי קעגן מיטאָג צום געהויף, טרעפט זי דעם רייכן איד פאַר דער טיר. גייט זי צו, בוקט זיך דריי מאָל, רירט דריי מאָל אָן מיטן שטערן די ערד פאַר זיינע פיס.

פרעגט ער זי:

— וואָס בוקסטו זיך פאַר מיר, אשה? שטיי אויף און זאָג, ווער דו ביסט און וואָס איז דיין פאַרלאַנג.

זאָגט זי איִם:

— „איך בין די אַלמנה שונמית פון פישער־דאָרף ביים ברעג פון ים". און דערציילט אים וועגן איר נויט: שוין לאַנג קיין ביסן ברויט נישט געהאַט, און בעט אַ לעבל ברויט — די נשמה צו דערהאַלטן!

ווייזט ער איר, וואָס אין געהויף טוט זיך.

— זע, אשה, אַט שפּאַנט מען ערשט מיינע קעמלען און מויל־ט־ירן אויס. פון ירושלים קום איך... מיין קאמער איז צינד לער. די הונדערט זעק מיטן ווייסן ווייצן־מעל ווי שניי האָב איך קיין ירושלים אָפּגעפירט, צום מלך שלמה אין פּאַלאַץ אריין, און די ברעטער, וואָס האָבן זיך אונטער די זעק געבויגן, זייגען פריי, אָבער ווייס, גאַנץ ווייס זיינען די ברעטער, באַדעקט מיטן שטויב, וואָס מיט אים האָבן די זעק געשוויצט. דער שטויב איז הפקר. גיי אין קאמער אריין, וויש דיר די ברעטער אָפּ, זאַמל דעם שטויב פון ווייסן ווייצן־מעל ווי שניי, נעם אהיים, לייג אָן פייער, קלייב שפּענדלאַך אויפן וועג — און באַק דיר דיינע קיכלאַך אָפּ, זאָל זיין ליבער נאָמען אריינשיקן די ברכה אין דיין שטויב פון מעל, און עס, און דערקוויק דיך, און לויב גאָט...

האָט די אַלמנה שונמית געטאָן, ווי דער רייכער מאַן האָט איר געראָטן. האָט זי אָפּגעשאַרט און אָפּגערייניקט דעם שטויב פון מעל פון די ברעטער אין עושרס קאמער; צוריק־צו־וועגס האָט זי פון ווינט פאַריאָגטע צווייגלאַך אויפגעזוכט; אהיים געקומען, — שוין נאַכט געווען, — האָט זי פון די צווייגלאַך פייער געמאַכט, די מעל מיט וואַסער געמישט און געקנאָטן; זיינען דריי קליינע ברייטלאַך ארויס. האָט זי די דריי ברייטלאַך ביים פייער קוים אָפּגעבאַקן און גאָט פאַר זיינע חסדים געלויבט. ווייל זי נעמען דאָס ערשטע ברייטל צום מויל, — עפנט זיך מיט אימפּעט פלוצלונג פון דרויסן די טיר, אין ביידל פאַלט אריין אַ מענטש מיט אַ געשריי:

— ראַטעוועט אַ מענטשן פון טויט! שוין דריי טעג און דריי נעכט אין מויל נישט געהאַט... — און ער דערציילט אין שרעק און איילעניש:

אַ שרפה איז אויסגעבראָכן אין זיין דאָרף. אין מיטן דער נאַכט, ווען אַלע זיינען געשלאָפן, האָט אויסגעבראָכן די בראַנד. אַ פייער איז פון הימל געפאַלן... און דער שטורם האָט דעם פייער איבערן גאַנצן דאָרף צעיאָגט... אַלץ איז פאַרברענט, ער איינער איז פון די פלאַמען פייער און די זיילן רויך מיטן לעבן ארויס. אַלץ איז געוואָרן אַ רויב פאַר דער בראַנד: מאַן, ווייב און קינד, און שאָף, און רינד, און האָב, און גאָב. און דריי טעג און דריי נעכט לויפט ער ארום, פון פייער געיאָגט, פון שרעק געטראָגן און אָן אַ ביסן ברויט...

דערלאַנגט אים די אַלמנה דאָס ברייטל און זאָגט אים:

— נאַ... עס... און דערהאַלט די נשמה...

נייעט דער אַנגעקומענער ארויס און פאַרשווינדט אין דער פינסטערניש פון דער צוגעפאַלענער נאַכט.

דאַנקט די אַלמנה זיין ליבן נאָמען, וואָס האָט איר ברויט געשענקט; און נאָך אַ מצווה, אַ מענטש ביים לעבן צו דערהאַלטן, באַשערט. און ווייל דאָס צווייטע ווייסע ברייטל נעמען צום מויל.

עפנט זיך נאָכאַמאָל מיט אימפּעט די טיר, און אַ צווייטער מאַן פאַלט אין דער אַלמנהס ביידל אריין, מיט דעם זעלבן געשריי:

— ראַטעוועט אַ מענטשן פון טויט...

ער איז אַ רייכער מאַן געווען, העדטן שאָף און רינדער אין סטעפּ גע־פּאַשעט, אין רייכע געצעלטן מיט ווייב און קינדער געוואוינט; און יונגען גע־זונטע ביים שאָף און רינד געהאַלטן... פּלוצלונג זיינען בעדואינען, ווי אויף די פליגלען פון ווינט, אָנגעפלויגן אויף זייערע פערד, מיט בויגן געשפּאַנטע אין די הענט. פון אַלע זייטן זיי אַרומגערינגלט, מיט אַ האַגל פּיילן באַשיט, די יונ־גען מיט ווייב און קינד געטויט, די הערטן אַפּגעפירט און מיט זיי אין ווייטן ברייטן סטעפּ פאַרשוואונדן... און אַז דער סטעפּ האָט אויפגעהערט אָפּצו־קלינגען זייערע טריט, האָט ער זיך איינער אַ לעבעדיקער פון צווישן די טויטע אויפגעהויבן, און בלאָנדזשעט שוין דריי טעג און דריי נעכט אַרום אָן אַ ביסן ברויט, איידער ער איז צו איר ביידל געקומען —

— דערלאַנג, האָב רחמנות, אַ ביסן צום מויל, אַנישט, פאַל איך אַ טויטער צו דיינע פיס...

דערלאַנגט איר די אַלמנה שונמית דאָס צווייטע ברייטל, גאָט לויבנדיק און דאַנקנדיק פאַר דער צווייטער גרויסער מצווה, וואָס ער האָט איר באַשערט.

נעמט זיך די אַלמנה שונמית צום דריטן ברייטל און וויל עס שוין נעמען צום מויל. רייסט זיך פּלוצלונג אויס מיט באַנייטע כוחות פון צפון דער ווינט און רייסט איר ביידל אייז. צעפאַלן זיך רעכטס און לינקס די ווענט... פליט ערגעץ אוועק דעם סכך. און דער ווינט רייסט ביי דער אַלמנה דאָס דריטע ברייטל פון דער האַנט אַרויס און שליידערט עס אין ים אַריין...

און ערשט דעמאָלט שטילט זיך דער ווינט.

שטייט די אַלמנה און טראַכט...

דער ווינט האָט זיך געלייגט. שטיל — דער ים. איבער זיין וואַסער, ווי איבער אַ שפּיגל גליטשן זיך די ערשטע שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון. באַלד וועט זיך אויפכאַפּן דאָס דאָרף, אָפּבינדן מיט פרייד די שיפלאַך ביים ברעג, פאַרשפּרייטן נעצן... קינד און קייט וועט אַרויסלויפן באַגלייטן די פּי־שער. און מיט פרייד־געשרייען רופן: אויס הונגער, געלויבט זיין ליבער נאָמען! עס וועט זיין ברויט.

אָבער נישט וועגן דעם טראַכט די אַלמנה.

אַן אַנדער געדאַנק עקבערט איר מוח.

— וואָס האָט גאָט פון איר געוואָלט? וואָס האָט גאָט מיט איר געטאָן?

— איין ברייטל האָט ער ביי איר צוגענומען פאַר אַן אַנטלאָפענעם פון פייער, רעכט! זאָל זיין געלויבט זיין נאָמען!

— דאָס צווייטע — פאַר אַ געראַטעוועטן פון גזלנים. אויך — געלויבט זיין ליבער נאָמען! ער האָט געגעבן, ער האָט גענומען, פאַר אַ בילבערן פון איר...

— אָבער דאָס דריטע ברייטל? אויסצורייסן ביי אַן אַלמנה פון מויל און שליידערן אין ים אַריין?! — דאָס איז איר אוממעגלאַך צו פאַרשטיין...

און עס פאַלט איר איין, אַז גאָט וייס גאַרנישט דערפון... אַז דאָס האָט דער ווינט אַליין, מיט זיין אייגענעם ווילן, אָן גאָטס וויסן און קעגן זיין רצון געטאָן; להכעיס זיין.ליבן נאָמען, וואָס שפּייזט אַלמנות און יתומים.

אַנדערש קען נישט זיין!

און זי וועט עס דעם ווינט, דעם גזלן, נישט שענקען; זי וועט דעם ווינט פאַרקלאָגן...

פאר וועמען? — פאר דעם מלך שלמה.

פאר אים וועט זי האבן א דין־תורה מיטן ווינט, קיין ירושלים וועט זי גיין!

קלערט זי נישט לאנג, פארדעקט דעם פנים מיט דער צעריסענער שאל און לאזט זיך אין וועג אריין.

פארהונגערט איז זי און פארשמאכט, נאר דער גערעכטער צארן טראגט זי איבער ווייטן וועג, און זי איז געקומען — קיין ירושלים.

קומט זי, פרעגט זי נאך, ווייזט מען איר, וואו דער מלך שלמה הויזט, לאזן זי די שומרים אריין. שלמה המלכס טירן זיינען אפן פאר אלעמען. בפרט פאר אלמנות. קומט זי אין זאל אריין און פאלט פאר מלך שלמה.

— אדוני מלך — זאגט זי — א דין־תורה האב איך.

— מיט וועמען? איך זע, דו קומסט אליין.

— מיטן ווינט, — ענטפערט די אלמנה; און הייבט צו אים דעם פנים אויף און דערציילט אים איר טענה.

— גוט — ענטפערט דער מלך שלמה — דיין פנים איז דיין עדות: ער איז מיד, און אין דיינע אויגן ברענט דער הונגער. וועסטו דיך קודם־כל דערפרישן. זעץ זיך דערווייל, אשה, אין א ווינקעלע, מע וועט דיר דערלאנגען ברויט און וויין, עס, טרינק, דערהאלט דיין נשמה, דערנאך וועסטו הערן דעם פסק.

גייט זי אפ אין א ווינקעלע. דערלאנגט מען איר ברויט מיט וויין און דערווייל קומען דריי פרעמדע מענער אריין. דריי פרעמדע מענער מיט זעקלאך אויף די אקסלען. צום מלך שלמה דארפן זיי.

— וואס איז אייער פארלאנג, פרעמדע מענער? און וואס טראגט איר אין די זעקלאך אויף אייער אקסל?

דערציילן די מענער אזא געשיכטע:

ישמעאלים סוחרים זיינען זיי. האנדלען מיט צירונג טייערע און כלים, און בשמים די טייערסטע. זיינען זיי זאלבעדריט געפארן אין א שיפל איבערן ים... ווינטן זיינען געווען, אומרואיק איז געווען דער ים, זיינען זיי אבער שטארקע און געניטע לייט, שרעקן זיך פאר קיין ווינטן נישט, שווימען זיי וואל־ארויף, וואל־אראפ...

האט אבער איינמאל פארנאכט אנגעהויבן דאס שיפל צו נעצן... געלעכערט איז ערגעץ געווארן, און מיט וואס צו פארשטאפן איז נישטא. שרייען זיי, אפשר וועט מען דערהערן פון ברעג און קומען צו הילף. הערט קיינער נישט. דער ווינט כאפט זייערע געשרייען און צעווארפט איבערן ים, די וואלן כאפן אויף די קולות און אנטלויפן מיט זיי אין דער נאכט אריין...

און דאס שיפל נעצט און הויבט אן זינקען...

— גאט פון ישראל, ענטפער אונז אין דער נויט!

שרייען זיי צו גאט, צו זייער גאט; ער הערט נישט! רופן זיי צו אנדערע געטער, צום גאט פון מואב, צום גאט פון פלשתים, צו אנדערע געטער. קיינער ענטפערט נישט. האבן זיי זיך דערמאנט, אז עס איז דא נאך א גאט, א גאט פון ישראל... פרואוון זיי:

און א נדר טוען זיי:

— דאס גאנצע גאלד און זילבער, וואס מיר האבן געלייזט, גיבן מיר דיר אוועק פאר אונזערע נפשות, נאר ראטעווע אונז! ראטעווע, גאט פון ישראל...

און אין דער רגע האט זיך א שטארק געטאן דער ווינט, עפעס פון ברעג אין שיפל אריין, מיט א געוואלטיקן כוח, ארייגעשליידערט: פונקט אין לאך פון שיפל אריין, און האט עס פארשטאפט.

און באלד האט זיך געלייגט דער ווינט, און מיר זיינען בשלום צוגעשוואר־מען צום ברעג...

האבן מיר ביי לייטן זיך נאכגעפרעגט:

— וואו הויזט דער אידישער גאט? מיר ווילן אונזער נדר מקיים זיין!

זיינען מיר מיט אונזערע זעקלאך קיין ירושלים געקומען און אין די גאסן די מענטשן אויסגעפרעגט: וואו איז אייער גאט? מיר ווילן אים זען: האבן לייט אונז געענטפערט, אז דעם גאט פון ישראל זעט מען ניט...

— מיר דארפן אים דאנקען, כבוד אפגעבן, און א מתנה דערלאנגען...

האבן זיי מיט די אקסלען געדריקט; אנדערע האבן אונז אויסגעלאכט...

און עלטערע לייט, וואס מיר האבן באגעגנט און זיי זיך פארטרויט און אן עצה געפרעגט: וואס טוט מען מיט אונזער נדר? — האבן זיי קיין באשייד נישט געוואוסט. נאר איינער פון זיי, דער עלטסטער, האט אונז געראטן, מיר זאלן זיך ווענדן, גרויסער האר און מלך, מיט דער שאלה צו דיר; דו ביסט, האבן זיי געזאגט, דער קליגסטער אויף דער גאנצער וועלט, און דו וועסט וויסן אונז צו ראטן, ווי אזוי אונזער נדר מקיים צו זיין, צו טאן מיטן גאלד און זיל־בער לויט דעם ווילן פון גאט פון ישראל.

האבן זיי געענדיקט און געבוקט זיך, און דער מלך שלמה פרעגט:

— האט איר, פרעמדע לייט, באטראכט, וואס דער ווינט האט אייך פון ברעג אין שיפל ארייגעשליידערט? מיט וואס ער האט דאס לעכל פארשטאפט, איר זאלט נישט אונטערגיין?

— מיר האבן געזען, גרויסער מלך! ארויסגענומען און גוט באטראכט; א קליין ברייטל איז עס געווען, א ייִיד, נישט דערבאקן ברייטל. מיר האבן עס געברענגט דיר צו ווייזן, מלך...

און דער עלטסטער נעמט דאס ברייטל פון בוזעם ארויס און ווייזט עס —

רופט צו דער מלך שלמה די אלמנה שונמית און פרעגט, צי זי דערקענט נישט, צי איז עס נישט איר ברייטל? — דערקענט זי: מיין ברייטל. —

פסק'נט דער מלך שלמה, מע זאל איר געבן די דריי זעקלאך גאלד און זילבער. טוען אזוי די לייט, דאנקען און גייען.

און צו דער אלמנה ווענדעט זיך דער מלך שלמה:

— נעם דאס גאלד מיטן זילבער! עס איז דיין! דאס האט דיר גאט פאר דיין דריט ברייטל באצאלט, און זיי וויבן, אז קיינער טוט נישט גאט להכעיס; אז אלץ געשעט לויט זיין ווילן, און אז נאר זיין שליחות טוט דער ווינט.

י. ל. פרץ.

---

באמערקונג: — די פארטרעטן פון יהואש, רייזען, פרוג, איינהארן, גארין און קאברין זיינען געצייכנט פון ב. אראנ־סאן (ארויסגענומען פון י. שטיינבוימס לייענבוך „יום־טוב"), דאס בילד „אריבע נ׳נה" פון א. גודלמאן (פון „קינ־דערלאנד") און די בילדער „כתתידו" און „ערב יום־כפור" פון מ. פיליבאווסקי.